# פראָלאָג.

דער זייגער האָט געשלאָגן זיבן, ווען דער לעצטער פאציענט האט פארלאזן דאָס צימער. ווען דער דינער איז אריין און געמאָלדן, אז אין ווארט־זאל איז שוין קיינער נישטא, האָט געהיימראט רעלנאָוו געמאכט א לייכטע אָפטרייבנדיקע האנט־באוועגונג. זיין געזיכט איז געווען מאט. גאנץ מעכאניש האָט ער אראָפּגענומען די גאָלדענע ברילן פון די וואסערהעלע אויגן און אויסגעפּוצט זיי מיטן טאשנטיכל. דערנאָך האָט ער געעפנט דאס פענסטער און אריינגעלאָזן אין צימער די אייזקאלטע לופט פון פעברואר־אָוונט, א ציטער האָט אים אדורכגענומען. ער האָט צוריק פארמאכט דאָס פענסטער און זיך געזעצט צום שרייב־טיש. ער האָט פלוצלינג דערפילט א געוואלטיקע מידקייט און שוואכקייט. אָן וועלכן עס איז באשטימטן געדאנק האט ער א גלעט געטון מיט דער הארבער, ברייטער האנט די לאנגע, רויט־בלאָנדע בארד און דערנאָך די דינע, שטארק שוין שיטערע בלאָנדע האָר פון קאָפּ.

— עפּעס פיל איך מיך נישט ווי צום בעסטן, האָט ער שטיל געזאָגט און באלד אנטשוויגן געוואָרן. שטיל ביי זיך האָט ער נאָכגעטראכט, צי זאָל ער באמת פאָרן היינט ביינאכט צום מעדיציינישן קאָנגרעס אין מינכען.

ער האָט ארויסגענומען פון טאש א קליין האנטשפיגעלע און זיך באטראכט מיט א פאָרשנדיקן בליק.

— פע, צום טײַוול!

אן אומזיכערער שמייכל איז אריבער איבער זיינע דינע, גרויזאמע ליפן.

ער האָט זיך האסטיק אויפגעשטעלט און אָנגעהויבן שנעל מיט זיך צוריידן, ווי ער וואָלט געוואָלט בייקומען די שוואכקייט, וועלכע האָט אים באהערשט.

די וואסער-העלע אויגן האָבן ווידער באקומען זייער אויסדרוק פון שטאָלענער ענערגיע.

— שטראָף מיך גאָט! איך וועל מיך דאָך אזוי שנעל נישט אונטערגעבן! — דאָס וואָלט געווען א ביסל צו פרי. און ווידער האָט ער געפרואווט אויסגלייכן שטייף זיין קערפער — אָט דעם קערפער, וואָס האָט נישט געהאַט קיין שום פראָ־פּאָרציע; ווייזט אויס, אלס יונגער בחור איז ער צו גיך אויס־געוואקסן אין דער הויך, וואָרים די לענג פון קערפער איז געווען נישט-פראָפּאָרציאָנעל צו דער ברייט. זיין בליק האָט אויסגעדריקט א ווילן צום לעבן, וועלכער איז אָבער געשטא־נען אין א סתירה צו זיין מידער, אָפּגעלאָזענער האלטונג. דער גאנצער מענטש האָט געשיינט צו זיין א געמיש פון הפקרדיקייט און ערנסטקייט — פון גראָבן השק צום לעבן און גייסטיקער ענערגיע.

— א סוף! האָט ער אויסגערופן און אריינגעלייגט די ברילן אין שיידל. און אזוי, ווי ער וואָלט געוואָלט זיך בא־קרעפטיקן אין דער צוריקגעהאונענער זיכערקייט, האָט ער מיט א שטארקער שטימע אויסגערופן „אריין!“, בשעת מהאט אָנגעקלאפּט איז טיר, דאָס הויזמיידל איז געשטאנען אויפן שוועל.

— וואָס ווילט איר? האָט ער געפרעגט מיט א שלעכט אויפגעלייגטער מינע.

— די פריילין פרעגט, צי מען קאָן אריינטראָגן דאָס עסן.

— פון מיינעטוועגן, האָט ער געענטפערט און אָפּגע־דרייט דאָס עלעקטרישע ליכט.

אין העל-באלויכטענעם צימער איז אים אנטקעגנגעקומען

א דיקע פרוי מיט ברייטע היפטן, פולן בוזים און פארגרעבטע געזיכטס־ליניעס. זי איז געווען זייער זויבער געקליידעט און איר גאנצע פיגור האָט אויסגעדריקט עפּעס פעסטקייט, זיכער־קייט אין זיך און צילבאוואוסטקייט.

— זייער מיד? האָט זי געפרעגט און לייכט אראָפּגעגלעט זיינע האָר פון שטערן.

ער האָט נערוועז אָפּגעשטופּט איר האנט און זיך גע־זעצט צום טיש.

א שאָטן איז אדורך איבערן געזיכט פון דער פרוי. זי האָט שוין מער א ווארט נישט אויסגערעדט. ווייזט אויס, אז זי האָט אים גוט געקאָנט. זי האָט פארשטאנען, ווי אזוי אים צו נעמען און געהאט א חוש פאר זיינע שטימונגען.

זי האָט אים דערלאנגט די זופּ, צו וועלכער ער האָט זיך נישט צוגערירט. זי האָט דאָס נישט באמערקט, האָט רואיק אויפגעגעסן איר פּאָרציע, דערנאָך האָט זי זיך אויפגעהויבן און צוגענומען פון טיש זיין פולן טעלער. מען האָט דערלאנגט פיש. זי האָט אים צוגעטיילט דאָס בעסטע חלק און באגאָסן עס מיט פּוטער.

ווי איינער וואָס זוכט נאָר א געלעגנהייט, כדי אויסלאָזן צו עמעצן זיין כעס, האָט ער נאָכגעשפּירט יעדע באוועגונג אירע, איר רואיקייט און גלייכגעוויכט; איר זעלבסטפארשטענד־לעכע זיכערקייט האָבן אים פּלוצלינג אָן שום סיבה אריינגע־בראכט אין גרימצאָרן.

— ווי דער דאָזיקער פארשוין באהאנדלט מיך, האָט ער געטראכט און אָנגעקוקט זי מיט א דראָענדיקן בליק, און מיט אמאָל האָט ער האסטיק אוועקגערוקט פון זיך דעם טעלער, א כאפּ געטון מעסער און גאפּל און א וואָרף געטון זיי ווייט איבערן טיש.

— אויב איך שטער דיר, קאָן איך פארלאָזן דאָס צי־מער — האָט זי רואיק געזאָגט, נישט צוקנדיק צומאָל מיט די ברעמען.— איז דאָס א סיגנאל?

— יאָ, יאָ, יאָ! האָט ער געשריגן און איז אויפגעשפּרונ־גען פון שטול.

די פרוי האָט הינטער זיך פארמאכט די טיר.

ער האָט גענומען פון טיש די קאראפקע און געטרונקען פון איר לאנג און גיריק.

— פון אָט דעם מענטשן איז נישט אויסצוהאלטן! האָט ער ארויסגעוואָרפן פון זיך און אָנגעהויבן דורכמעסטן דאָס צי-מער אהין און צוריק און געפירט מיט זיך האלב-הויכע גע-שפרעכן, כּדי נאָך געוואלטיקער צו שטארקן זיין צאָרן: — פיטערט מיך, ווי א קליין קינד, איינוויגן וויל זי מיך און איינגעמען.

ער האָט בייז געלאכט, און א פארביטערטער שטריך האָט זיך אריינגעשניטן ארום זיינע צוזאמענגעדריקטע ליפּן. ער איז געבליבן שטיין אין מיטן צימער און צוגעהאָרכט. אָבער פון דרויסן איז נישט דערגאנגען קיין שום שאָרך.

ער האָט זיך אָנגעשטרענגט צוגעהערט. אלץ ארום איז געווען שטיל. און פּלוצלינג האָט ער דערשפירט, ווי זיין אויפ-רעגונג ווערט צערינען ווי רויך און אויף זיין אָרט קומט אָן אומאנגענעם, קלעמענדיק געפיל.

פון צייט צו צייט איז ער צוגעגאנגען צו דער טיר, אין דער האָפנונג, אז זי וועט זיך ווידער באווייזן. די האָפ-נונג איז אָבער געווען אן אומזיסטע.

ער האָט זיך עקשנותדיק, ווי א שול-יינגל געווערט קעגן דער שווערער שוואכקייט און מאָדנער שרעק, וועלכע האָבן אים באהערשט.

— וואָס וויל פון מיר די דאָזיקע פארשאָלטענע פרוי? וואָס האָב איך איר אייגנטלעך געטון?

ער האָט מיטאמאָל דערפילט, אז ער איז שטארק הונ-געריק.

— נארישע גאנז! זאָל זי געווען געפינען כאָטש איין בארואיקנדיק וואָרט.

ער האָט האסטיק אָנגעקלונגען.

— צי זענען מיינע קופערס געפּאקט? האָט ער געפרעגט דאָס הויזמיידל.

— יאָ, גנעדיקער הער.

— און וואו איז די פריילין?

— אין איר צימער, גנעדיקער הער.

— זאָל זי אַראָפּקומען, איך האָב סך הכל אַ שעה צייט.

אז דאָס מיידל האָט זיך דערווייטערט, האָט ער שטי־לערהייט אַלץ פאר זיך געברומט: עך, נארישקייט... איין רגע האָט ער זיך געערגערט איבער זיין אייגענעם באפעל. זיין געזיכט האָט זיך פארצויגן מיט אַ וואָלקן פאר בושה. זיין וועזן האָט מיטאמאָל דורכגעדרונגען אן אומקלאָר באוואוסטזיין פון שוואכקייט.

אין דעם אויגנבליק איז זי ווידער אריינגעקומען, אַני־דערגעזעצט זיך ביי אים און צוגערוקט אים דאָס עסן, ווי עס וואָלט דאָס מינדעסטע צווישן זיי נישט פּאָרגעקומען.

ער האָט אויסגעמיטן איר בליק און האָט שטיל געגעסן. אָבער ווען זי האָט זיך צו אים גאָר דערנענטערט, אַרויפגע־לייגט איר האנט אויף זיין פּלייצע און אין הארטער גוטמו־טיקייט אָנגערופן אים: „מיין נארישער יינגל" האָט ער גע־צוואונגען געשמייכלט און ביסלעכווייז זיך בארואיקט.

ווידער איז אויף אים געקומען אַ גרויסע איילעניש — ער איז געוואָרן נערוועאיש און צעטראָגן און צוגעגאנגען צום פענסטער, כדי זיך איבערצייגן, צי דער קוטשער איז שוין צוגעפאָרן.

— ס'איז די העכסטע צייט, האָט ער געזאָגט, אָנגעקלונ־גען און באפוילן דעם דינער צו ברענגען אים דעם הוט, שטעקן און מאנטל און ארויסטראָגן ווי אַמשנעלסטן דאָס געפּעק.

ער האָט איר האסטיק אַ קוש געטון אין שטערן, זי האָט אים אָבער פעסט צוגעצויגן צו זיך, נישט אָנטרעפנדיק אויף קיין ווידערשטאנד, צוגעדריקט אירע ליפּן צו זיינע און גע־זאָגט:— זאָלסט מיר צוריקקומען געזונט — און טעלעגראפיר מיר וועגן דיין אָנקומען, ווייל שרייבן וועסטו דאָך סיי ווי נישט.

—שפּעטסטנס אין צען טעג אַרום בין איך דאָ צוריק האָט ער געענטפערט און איז ארויס.

נישט אָפּגעבנדיק זיך קיין דין וחשבון, איז ער נאָכאַ־מאָל צוריקגעגאנגען אין זיין ארבעטס־צימער און ארויסגענומען פון שרייב־טיש דאָס גאנצע געלט, וואָס ער האָט געהאַט ליגן. ער האָט שנעל געציילט די באנקנאָטן און פעסטגעשטעלט, אַז ס׳איז דאָ לערך 5000 מארק. ער האָט דאָס געלד גיך ארייג־געשטעקט אין בוזים־טאש, ווי ער וואָלט מורא געהאט, אז אין דער לעצטער מינוט זאָל אים נישט טרעפן קיין אומאנ־גענעמע איבעראשונג.

ער איז שנעל ארָאפּגעלאָפן פון די טרעפּ, געזעצט זיך צום קוטשער און איבערגענומען ביי אים די לייצעט.

ער איז געפאָרן מיט אזא טעמפּאָ, אז דער קוטשער האָט אים פון דער זייט באטראכט מיט אן אומצוטרוי. „א נישט־גוטער איז אין אים אריין״ האָט דער קוטשער געטראכט און נאָכגעשפּירט אלע זיינע באוועגונגען, כדי אין א נויט־פאל ארויסצורייסן ביי אים די לייצעס.

ווען רעלנאָוו האָט ביים פארקירעווען זיך פארגעסן וועגן יעטוועדער פארזיכטיקייט, האָט דער קוטשער נישט געקענט זיך מער איינהאלטן און קורץ געזאָגט: גנעדיקער הארר, לאָזט מיר פירן, אויב נישט קאָן נאָך געשעען אן אומגליק.

— נארישקייט! האָט דער געהיימראט געענטפערט און איז ווייטער געפאָרן, נישט איינהאלטנדיק אויף א האָר די שנעלקייט.

אויפן אנהאלטער וואָקזאל איז רעלנאָוו איינגעשטיגן אין מינכענער צוג און איז אריין אין שלאָף־קופּע פון ערשטן קלאס, וועלכן ער האָט באלד נאָך זיך אָפּגעשלאָסן, כדי זיך אויסצו־טון. נישט קוקנדיק אויף דער פארהעלטניסמעסיק־קורצער רייזע, איז זיין העמד געווען אינגאנצן דורכגענעצט. ער איז ווידער ארייגעפאלן אין א שלעכטער שטימונג. „די פארשאָלטענע שוואכקייט״, האָט ער געברומט, בשעת ער האָט זיך איבער־געטון פארן שלאָפן.

א לאנגע צייט איז ער געלעגן וואך, אומזיסט האָט ער געפּרואווט צו קעמפן קעגן דער פיינלעכער שטימונג, וועלכע

האָט אים פולשטענדיק באהערשט, און ווידער האָט אין אים אויפגעוואכט א טעמפער כעס קעגן דער דאָזיקער פערזאָן, וואָס האָט זינט יאָרן געפירט זיין באלעבאטישקייט און וועלכע האָט, ווי עס איז אים איצט קלאָר געוואָרן, אויף א נידערטרעכטיקן און ראפינירטן אופן באקומען איבער אים די ממשלה.

— איך וועל פון איר קיינמאָל נישט פטור ווערן, האָט ער געטראכט און געפרואווט מעטאָדיש דערגיין די סיבות פון זיין שוואכקייט. ער האָט זיך בייז צעלאכט, ווען ער האָט זיך דערמאָנט, מיט וואָס פאר א קונצשטיק זי האָט אים צו זיך צוגעבונדן.

ער האָט פלוצלינג גאנץ דייטלעך דערזעען, ווי ער שטיקט זי ביים האלז און ווערגט. דערביי האָט זיין געזיכט באקומען אן אויסדרוק פון גרויזאמער תאוה און אנטשלאָסנקייט.

ער האָט זיך דערשראָקן. עס איז פשוט א גליק, האָט ער געטראכט, וואָס ס'זענען נאָך פאראן מכשולים, און נישט יעדער רעפלעקס קאָן באלד גורם זיין צו א האנדלונג. אנדערש וואָלט מען אינגאנצן פארלוירן געגאנגען. אַ ווײַלע האָט אים בעשעפטיקט די פסיכיק פון פארברעכער. וויפיל פארברעכנס זענען אויסגעמיטן געוואָרן אדאנק דעם שכל. ער האָט אין זיך געשפירט אלע אַלע מעגלעכקייטן. ס'איז דאָך נאָר א צופאל, וואָס זיין מוח האָט זיך געווידמעט דער וויסנשאפטלעכער ארבעט.

גענוג זאָל זיין! — שלאָפן.

ער האָט ארויסגענומען פון זיין קופער א בראָם-פולווער, אראָפגעשלונגען און געלייגט זיך אויף דער זייט. ער איז געשלאָפן א גאנצע נאכט, ביז וואנען דער קאָנדוקטאָר האָט אים נישט אויפגעוועקט.

אין האָטעל די „פיר יאָרצייטן" האָט ער באשטעלט א צימער. עלף א זייגער האָט ער געזאָלט ארויסטרעטן אויפן קאָנגרעס. עס זענען אים אלזאָ פארבליבן געציילטע שעה'ן.

די שטאָט איז געלעגן איינגעהילט אין א טיפן נעפל. עס איז אים געווען קאלט, ווען ער האָט זיך געזעצט אין דער קארעטע און צוגעפאָרן צום האָטעל.

דער פּאָרטיער האָט אים אריינגעפירט אין זיין צימער. א ווײלע האָט ער זיך צוגעזעצט אויף א פּאָטעל און אויף זיין פּנים האָט זיך צעלייגט א טעמפּער, לערער אויסדרוק. באלד דערנאָך האָט ער זיך מעכאניש ארומגעוואשן.

— מיט מיר איז באשטימט עפּעס נישט אין אָרדנונג, — האָט ער געמורמלט און בשעת מעשה געמאכט זיין טואלעט.

ווען ער איז אריינגעקומען אין קאָנגרעס-זאל, זענען שוין זיינע קאָלעגן, וועלכע זענען געקומען פון אלע עקן וועלט, געשטאנען רעדלעכווייז און געפירט צווישן זיך לעבהאפטע געשפרעכן. „גוטע קעפּ" — האָט ער קאָנסטאטירט און אויפמערקזאם באטראכט די געזיכטער, אויף וועלכע ס'איז געווען אויסגעדריקט דער חותם פון גייסטיקער ארבעט.

ער אליין איז צווישן זיי נישט אראָפּגעפאלן מיט זיין אויסזען, הגם זיין עטוואָס משופּהדיקער שטערן איז געווען א ביסל פארדעכטיק. אָבער זיינע דורכדרינגנדיקע, וואסערהעלע אויגן האָבן געהאט אין זיך עטוואָס געוועלטיקנדעס.

די פארזאמלונג איז געעפנט געוואָרן. נאָכן אריינפירוואָרט פון פּאָרזיצנדן האָט ער געהערט אויסרופן זיין נאָמען, מיט דער פאָדערונג אָנצוהויבן דעם רעפעראט.

ער האָט זיך נישט געריכט, אז ער וועט דער ערשטער רעדן, מסתמא איז דער פּראָגראם אין דער לעצטער מינוט צוליב א צופאל געענדערט געוואָרן.

ער האָט ארויסגעצויגן פון בוזים זיינע נאָטיצן און איז ארויף אויף דער טריבונע.

ער האָט גערעדט וועגן די לעצטע רעזולטאטן פון די קריגס-פאָרשונגען און וועגן זיינע אייגענע פאָרשונגען און באאָבאכטונגען. ער האָט גערעדט מיט אן אויטאָריטאטיווע זיכערקייט, אין קורצע, אָפּגעהאקטע זאצן און מיט א פולקאָמער באהערשונג פון מאטעריאל.

אין מיטן פון זיין פּאָרטראג האָבן אים מיטאמאָל פארלאָזן אלע געדאנקען. א שוידערלעך אנגסט-געפיל האָט אים פארשפּארט די קעל. ער האָט דערפילט א מאָדנע פוסטקייט

אין מוח און געקלאמערט זיך מיט ביידע הענט אין דער טריבונע. איבערן זאַל האָט זיך געטראָגן א פיינלעכע שטיל-קייט, וועלכע איז אויף א רגע איבערגעריסן געוואָרן דורך זיין קורצן, גאַליקן אויפלאכן. באלד האָט ער ווידער אויפגע-נומען זיין פאָרטראג אין נישט אָפּשטעלנדיק זיך אויף א ווייַלע האָט ער אים פארענדיקט מיט דער קאלטער רואיקייט.

נאָכן רעפעראט, וועלכער איז אויסגעהערט געוואָרן מיט גרויס אינטערעס דורך די פארזאמלטע געלערטע האָט זיך אנטוויקלט זייער א לעבעדיקע דיסקוסיע, ווייל דער מינכענער קאָנגרעס איז געשטאנען אונטערן צייכן פון דער קרעבס-קראנקהייט, דעם דאָזיקן גרויזאמען משחית פון דער מענטש-הייט.

דער זייגער האָט געשלאָגן צוויי, און די זיצונג איז איבערגעריסן געוואָרן. די דעלעגאטן זענען זיך צעגאנגען אויף מיטאָג.

א מינכענער קאָלעגע, א געוועזענער חבר פון זיינע סטו-דענטן-יאָרן איז צו אים צוגעשטאנען, א לאנגע צייט זענען זיי געגאנגען שווייגנדיקע איינער לעבן דעם אנדערן.

איר דארפט אייך מער אומקוקן אויף זיך, האָט נאָך א רגע שטילשווייגן אָנגערופן זיך דער קאָלעגע, איר זענט בלי ספק פארמאטערט פון דער ארבעט. און נישט באקומענ-דיק קיין ענטפער, האָט ער ווייטער אָנגעהויבן: — איר אין בערלין גייט פשוט אראָפּ פון זינען. איר זענט א גזלן קעגן אייער אייגענעם געזונט, ביי אזא ארט לעבן און האנדלונג קאָן קיין שום מענטש נישט אויסהאלטן א לענגערע צייט. איך פארזיכער אייך, האָט ער שמייכלענדיק געענדיקט, אז מינכענער ביר האָט א טיפן זין. עס ברענגט צו א גלייכגע-וויכט פון די כוחות.

דער געהיימראט איז געבליבן שטיין אינמיטן גאס.

— קאָלעגע, — האָט ער געזאָגט און געגלעט מיט זיין פליישיקער, העסלעכער האנט די שיטערע האָר פון קאָפּ, — איך מיין, אז איך בין באמת נישט אינגאנצן געזונט. קומט,

וועלן מיר א שמועס טון וועגן דעם ביים פרישטיק.

זיי זענען געזעסן ביי א קליין טישל אין רעסטאָראַן פון די „פיר יאָרצייטן".

— נעמלעך, האָט געהיימראט רעלנאָוו אויפסניי אָנגעהויבן, איך פיל טיילמאָל, אז עס פעלט מיר א ווידערשטאנדסקראפט. פלוצלינג באפאלט מיך א מרה שחורה און טיילמאָל ווארפט עס מיך אריין אין א גרונטלאָזער נערוועאישקייט, אויסדריקנדיק זיך מיט פרוידס שפראך. — אן אויבערפלעכלעכער שמייכל האָט זיך באוויזן אויף זיינע ליפן.

דער קאָלעגע האָט אים באטראכט מיט גוטע אויגן.

— אביסל אומנאָרמאל זענען מיר אלע — — וואו קענען מיר דען דורכפירן די גרענעץ? האָט ער פאָרזיכטיק געענטפערט. — און איר זענט בלי ספק פארמאטערט.

— לאָמיר זאָגן, אז יאָ — אָבער דאָס קומט ערשט שפעטער אין באטראכט. ביי מיר, — האָט ער ווייטער גערעדט, ווי ער וואָלט זיך איבערגעלייגט, — שפילן אן אויסערגעוויינלעכע ראָל די נייגונגען און אויך די פריוואט-פארהעלטנישן. דערמאָנט זיך, וואָס איך האָב אייך אמאָל געזאָגט אין פרייבורג, אז איך וואָלט אָן מיין וויסנשאפטלעכער ארבעט פארקויפט און פארראַטן געוואָרן אין פשוטסטן זין פון וואָרט ···

צי ווייסט איר, אז די אינטענסיווע טעטיקייט ווייקלט אונז איין פארהילט אונז און היט אונז אָפּ פאַר דעם ניִשט גוטן, וואָס איז טיף אין אונז גופא פארבאָרגן?! מיר אנטלויפן כסדר פון זיך און באטראכטן די ארבעט, ווי א באטויבונגס-מיטל, א מין נאַרקאָטיק. עס איז דאָך אלץ איינס, צי מען שפריצט זיך מאָרפיום אָדער — — ער האָט איבערגעהאקט אין מיטן זאץ. — מאכט נאָר נישט קיין טרויעריק געזיכט, האָט ער געזאָגט לאכנדיק. איר אליין האָט דאָך פריער קאָנסטאטירט ביי אונז אומנאָרמאלע צושטאנדן. איבעריקנס, האָט ער ווייטער פאָרטגעזעצט, — איך האָב געעפנט פארשידענע ווענטילן. צווישן אנדערע בין איך א ליידנשאפטלעכער פערד-ליבהאבער.

איך רייט אויף די היציקסטע שקאפעס. ווען איר וועט אמאָל הערן, — האָט ער פריילעך געענדיקט, — אז איך בין אראָפּ־געפאלן פון פערד, זאָלט איר זיך נישט וואונדערן.

דער מינכענער קאָלעגע האָט אויפגעהויבן זיין גלאָז.

— לחיים! אויף פארגאנגענע און צוקונפטיקע צייטן. ווי באלד איר שמייכלט, ווערט מיר פריילעכער. ניין, איר מוזט אומבאדינגט אויף א געוויסע צייט אלעס אוועקווארפן און פאר־לאָזן בערלין. די דאָזיקע שטאָט מאכט א תל פון מענטשן. קוקט אייך צו צו מינכען: מען באוויקט זיך שוין, ווען מען גייט נאָר דורך די גאסן. די שיינע, אלטע הייזער, די פּרעכ־טיקע געביידעס — און די אלע ליבלעכע, גוטמוטיקע מענטשן, וואָס זענען בכּוח אויפצונעמען אלץ קורץ און שנעל און האָבן אלעמאָל צייט. און איצט אייער מוראדיקער בערלין: וואוינונ־גען — קאזארמעס, געבויט נאָר צוליב א צוועק און ארבעט. משוגעים, וועלכע לויפן ארום ווי שכּורע איינער פארביי דעם אנדערן און בילדן זיך איין, אז די וועלט וואָלט חס וחלילה אונטערגיין, ווען זיי וואָלטן זייער ארבעט נישט אויסגעפירט אין משך פון טאָג. די וועלט גייט אָבער נישט אונטער, און די מענטשן — זיי ווערן צעריבן פאר דער צייט. מיר האָבן דאָך אַזוי וויניק צייט צו לעבן. בלויז נאַראָנים פארגעסן דאָס און נוצן נישט אויס דאָס לעבן. קומט מיט מיר היינט אָוונט אויף דער רעדוטע, דאָרט וועט איר זיך באקענען מיטן לוס־טיקן און פארשייטן מינכען — פארוואָס האָט איר אייגנטלעך נישט חתונה? האָט ער פלוצלונג א פרעג געטון אָן א שום אי־בערגאנג. — איר זענט אין די בעסטע יאָרן, איר שפּרודלט דאָך מיט לעבנסקראפט, איר קענט זיך דערויף דערלויבן.

— צו שפעט — צוליב טויזנט סיבּות צו שפּעט. און אויסער דעם, מיין געערטעסטער קאָלעגע, געהערט דאָס צו מיינע גרונט־איבערצייגונגען: א באווייבטער — א געניזוקטער! וואָס זאָל מען מאכן מיטן ווייב? א ווייב — דאָס איז א פרעמ־דער מענטש, וואָס גנבעט זיך אריין אין אונזער לעבן, שפּילט מיט אונז א מאלפּישע קאָמעדיע און פּאסט זיך צו צו אונזערע

נעוואוינהייטן אויף א הכנעהדיקן און גנבהשן אופן. אָדער — און דאָס איז נאָך טויזנט מאָל ערגער — זי נעמט צו ביי אונז דעם באָדן פון אונטער די פיס... פּאַרטזעצן דעם מין! נארישקייט! איך האלט, אז די וועלט דארף אויסשטארבן.

דער מינכענער דאָקטאָר האָט געשאָקלט באדענקלעך מיטן קאָפּ.

— איר זענט אין א שלעכטער שטימונג. זייט מיר מוחל, איך נעם דעם דאָזיקן צושטאנד נישט ערנסט. אויב איר האָט נישט דאקעגן, נעם איך אייך היינט מיט אין דער רעדוטע אין דייטשן טעאטער.

— גוט, האָט רעלנאָוו געענטפערט און אויפגעהויבן זיך פון אָרט. ער האָט זיך געזעגנט מיט זיין קאָלעגע און איז ארויף צו זיך אין צימער.

— א גוטער נארישער פארשוין! האָט ער געטראכט, בשעת ער האָט אויסגעטון דעם ראָק און אויסגעצויגן זיך אויפן שעזלאָנג.

---

רעלנאָוו איז צוזאמען מיט זיין מינכענער באקאנטן געזעסן אין איינער פון די קליינע נישעס: צו זיינע אויערן האָבן דערגרייכט די כוואליעס פון דער מוזיק, און פארביי אים האָבן זיך ווי פלעדערמייז געטראָגן אין די אָרעמס פון זייערע קאוואלערן, פרויען און מיידלעך, אין קאָלירטע קאָסטיומען, די פנימער פארבאָרגן אונטער שווארצע מאסקעס. ער האָט געהערט דאָס שטילע, צופרידענע לאכן און קעגן זיין ווילן ארייגעזויגן אין זיך דער ריח פון פארפומען; ער האָט געזען, ווי זכרים און נקבות האָבן זיך געטוליעט איינער צום אנדערן און געצערטלט און געקושט זיך, נישט קימערנדיק זיך לחלוטין איבער די איבריקע צוקוקער.

— דאָס אלץ איז דאָך עקלדיק! האָט ער געזאָגט און אין איין אָטעם אויסגעטרונקען זיין גלאָז סעקט, ווי ער וואָלט געוואָלט אראָפּטרייבן א שפּל׳קייט פון הארצן. אומעטום דער

סעקסוס! פרויד האָט רעכט, ווען ער זאָגט, אז דאָס איז די פאָרמולע, אין וועלכער עס פאסן זיך אריין די פארפלאָנטערסטע ענינים. איך פיל מיך דאָ אינגאנצן איבריק. פאר אזעלכע עקסטאזן דארף מען פיל יינגער זיין. איך מיין, ס'איז גענוג פאר אונז!

דער מינכענער האָט אנשטאט אן ענטפער ארויסגעשפארט מיט א גראַב געלעַכטער, פון וועלכן זיין דיקער בויך האָט זיך אזש אָנגעהויבן צו טרייסלען. — איר קוקט אזוי הארבסטיק אויס, האָט ער געזאָגט. איצט פארשטיי איך שוין; ווען איר ווילט דוקא גיין, בין איך גרייט, איר דארפט אייך, לויט מיין מיינונג נאָכאמאָל איבערשפאצירן דורכן זאל — אפשר וועט איר דאָך עפּעס געפינען, וואָס וועט אייך ארויפפירן אויף אנדערע געדאנקען.

רעלנאָוו האָט צוזאמענגעצויגן די ברעמען און האָט מיט דורכדרינגנדיקע אויגן אָנגעקוקט זיין קאָלעגע.

— איר ווייסט, עס קומט מיר פאָר שרעקלעך קאָמיש, ווי איר אינטערעסירט זיך מיט מיר. פון וואנען נעמט זיך דאָס אייגנטלעך צו אייך? — אָדער, האָט ער האלב מיט שפּאָט און האלב מיט פאראכטונג צוגעגעבן, — אפשר האָט איר דעם איינדרוק, אז איך בין נישט ביי די ריכטיקע געדאנקען, און מען קאָן מיך נישט איבערלאָזן א רגע אָן אויפזיכט?

דער מינכענער האָט געענדערט דעם טאָן.

— אויפריכטיק גענומען, זענט איר באמת עפּעס נישט אינגאנצן כשורה, ליבער קאָלעגע. איך האָב אייך דאָס שוין געזאָגט היינט פארמיטאָג, איר דארפט א קלער טון וועגן זיך.

— איר זענט גערעכט. איך דארף עפּעס טון פאר זיך. און — איך קאָן גאָרנישט טון פאר מיר. די זאך איז, מיין טייערער, וואָס איך האָב דעם איינדרוק, אז איך בין אריינגעפאלן אין א פאסטקע. ווייסט איר — ס'איז עטוואס שוידערלעכעס. ווען דאָס טירל פארקלאפּט זיך און אזא חיהלה לויפט ארום אהין און צוריק, מיט אויגן אויפגעריסן פאר שרעק און האָט נישט קיין אויסגאנג.

דער דאקטאר האָט עפּעס געוואָלט ענטפערן. אָבער אין דעם אויגנבליק האָט זיין אויפמערקזאמקייט צוגעצויגן אויף זיך א יונגע, עלעגאנטע דאמע, וועלכע האָט האסטיק אראָפּ־געריסן איר מאסקע פון געזיכט און האָט זיך ארומגעקוקט מיט אזא צוטראגענע און פארלוירענע מינע איבערן זאַל, אז עס האָט אזש אָנגענומען ביים הארצן. ער האָט פארגעסן דעם געהיימראט און נישט געקוקט אויף זיין אומגעלומפּערטער שווערקייט האָט ער זיך שנעל אויפגעהויבן פון אָרט און האָט זיך געלאָזט צו דער דאמע.

— גרעפין גינסדאָרף! גרעפין גינסדאָרף! האָט ער א פּאָר מאָל הויך אויסגערופן.

אָבער זי, ווי זי וואָלט נישט געהערט זיין שטימע, האָט אָנגעכאפּט א יונגנמאן ביים אָרעם און געטאנצט איבערן זאל, ווי א וואכאנטין — נישט געטאנצט, נאָר ממש געשוועבט צווישן הימל און ערד.

די איבריקע פּאָרלעך האָבן זיך אָפּגעשטעלט.

— די גרעפין גינסדאָרף טאנצט... האָט מען פון אלע זייטן גערופן און געאיילט, כדי זי אָנצוקוקן. אויך רעלנאָוו האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין פּלאץ און א ווײַלע נאָכגע־קוקט דעם מאָדנעם ספּעקטאקל — ווי א מטורפער מענטש פארברויכט זיינע לעצטע כוחות און ארייננגעלייגט זיין גאנץ וועזן אין דער דאָזיקער ווירבלנדיקער באוועגונג.

פאר זיינע אויגן האָט אלץ אָנגעהויבן צו טאנצן.

ער האָט מיט ערגערניש אָפּגעקערט זיין בליק. אין דעם מאָמענט איז איר פארטנער פּלוצלינג געפאלן אן אויסגעמאטערטער צו דר׳ערד, און זי האָט ווייטער געטאנצט, נישט אומקוקנדיק זיך אפילו אויף אים. פארקערט עס האָט זיך געדאכט, ווי זי וואָלט דורך דעם ארייגעפאלן אין נאָך א ווילדערן משוגנה־דיקן טאנץ־עקסטאז.

אין צווישן האָט רעלנאָוו ווידער געפונען זיין אָרט און אָנגעצונדן א פּאפּיראָס, כדי צו בארואיקן זיך פון דער נער־וועאישקייט, וואָס האָט אים ווידער אָנגעכאפּט.

— חצופה! האָט ער געטראכט און אומאויפהערלעך געוויכערט.

ער האָט שפּעטער נישט געוואוסט, ווי לאנג ער איז אליין געזעסן — א שטיק צייט איז אָן שום ספק פאַרביי — ווארום ער האָט זיך א כאפּ-אויף געטון פון שרעק און האָט זיך אפשר דאמאלסט דערמאָנט, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען, ווען ער האָט פלוצלינג דערזען פאר זיך זיין קאָלעגע און יענע דאמע. דער קאָלעגע האָט גערעדט צו אים מיט א גוט-מוטיקן שמייכל:

— די גרעפין גינסדאָרף בעט מיר איך זאָל איר פאר-שרייבן צוואנציק גראם מאָרפיום — ווייניקער נעמט זי נישט איין. איך האָב איר דערקלערט, אז איך פערנעם זיך נישט מיט טויט און מאָרד, אָבער צופעליק געפינט זיך דאָ א באַרימטער קאָלעגע פון בערלין, אין וועלכן איך גלויב, אז ער איז פעאיק אויף אלע מיאוסע מעשים אין דעם פּרט. ביטע: געהיימראט רעלנאוו — גרעפין גינסדאָרף, דאָס חוצפּה'דיקסטע וואָס מיכעון פארמאָגט. זייט פאָרזיכטיק, אין איר זיצן דריי שדים!

ביים לעצטן וואָרט האָט ער זיך פלוצלינג פארבויגן און איז פארשוואונדן...

רעלנאָוו האָט דערזעען פאר זיך א בלאס, טויט-אנטשלאָסן געזיכט פון איידעלסטער ראסע. ער האָט געקוקט אין אירע צוויי אויגן, וואָס זענען טראָגן זייער טונקל'בלויער פארב, געווען פינסטער ווי די נאכט. ער האָט באטראכט אירע הענט, וועמענס שמאָלע, לענגלעכע פאָרם האָט געהאט אין זיך עט-וואָס אויסטערלישעס און פארכאפּנדיקעס. אירע הענט האָבן אים פארכשופט אויף א ווײַלע. דאָס איז אן אויסגעצייכנטע ראסע, האָט ער שטיל געטראכט.

אויף איר ווייסן שטערן, וועלכער איז געווען נידריק און דאָך גוט געבויט, איז געלעגן אַ לייכטע פייכטקייט. דאָס מויל, עטוואָס ברייט, איז געווען צוזאמענגעצויגן און געהאַט אין זיך עפּעס נישט דערזאָגטעס, פארביטערטעס.

— וועט איר מיר פארשרייבן א דאָזע מאָרפיום ? האָט זי קורץ געפרעגט.

— געוויס — אָבער צוערשט טרינקט אויס א גלאָז סעקט, דער מאָרפיום ווירקט דאן בעסער, האָט ער ערנסט געענטפערט.

א ווײַלע האָט זי אים אָנגעקוקט מיט אומצוטרוי, און נישט אויסרעדנדיק קיין וואָרט האָט זי גענומען דאָס גלאָז, וואָס ער האָט איר דערלאנגט.

— ווי אלט זענט איר ? האָט ער געפרעגט.

זי האָט פארקנייטשט דעם שטערן, און איר געזיכט האָט אָנגענומען אן אויסדרוק פון איינגעשפארטקייט.

— האָט דאָס צום ענין ?

— אומבאדינגט. איך מוז מיך גענוי אינפארמירן וועגן אייער פערזאָן, אויב איך זאָל אייך העלפן באגיין זעלבסט-מאָרד. וועגן דעם גייט עס דאָך. נישט וואָר ?

זי האָט שטום צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

— נו — ווי איר זעט, האָט ער אָנגעהויבן זאכלעך, מאָרגן פרי וועט מען אייך געפונען א טויטע און מען וועט באלד אָנהויבן נאָכפאָרשן, פון וועלכער אפטייק איר האָט באַ-קומען דעם מאָרפיום. מען וועט לייכט דערגיין דעם אדרעס פון דער אפטייק. די פּאָליציי האָט אויף אזעלכע זאַכן א פיינע נאָז. מען וועט זיך דערוויסן, אז איך האָב געשריבן דעם רע-צעפּט, און צוציען מיך צו פארענטפערונג. ס'איז זעלבסטפאר-שטענדלעך, אז איך מוז צוגרייטן אלע מיטלען צו מיין פארטיי-דיקונג.

גרעפין גינסדאָרף האָט קורץ אויפגעלאכט.

— איר זענט א פארזיכטיקער הער.

— אין דעם פאל איז דאָס לחלוטין נויטיק !

— איר מאכט נישט קיין שפאַס פון מיר ?

— עס פאלט מיר גאָרנישט איין.

— און דעם גיפט וועט איר מיר אומבאדינגט געבן ?

איר געזיכט האַט זיך פארצויגן ביי דער פראגע מיט

א ליכטער רויטקייט און האָט אָנגענומען אן אויסערגעוויינלעך געשפאנטן אויסדרוק.

— אומבאדינגט!

— גוט, — איך בין דרייאונצוואנציק יאָר אלט.

ער האָט ארויסגענומען זיין נאָטיץ-ביכל פון טאש און האָט נאטירט: — גרעפין גינסדאָרף — דרייאונצוואנציק יאָר אלט

— די סיבה פון זעלבסטמאָרד?

— דאָס איז דאָך אָבער א פארהער! האָט זי געקרעכצט, איר מאכט עס נישט אזוי לייכט. זי האָט שיר נישט אויסגעבראָכן אין א געוויין.

— איר פאָדערט אָבער אויך א סך.

— איך קאָן נישט לענגער לעבן. פרעגט נישט ווייטער.

ער האָט געהויבן מיט די אקסלען. איר מוזט מיר אָנגעבן די סיבות, האָט ער הארט געענטפערט.

זי האָט אים אָנגעקוקט מיט גרויסע אין פארצווייפלטע אויגן. זי האָט טרויעריק געשאָקלט מיטן קאָפ און געזאָגט: — איר זענט נישט קיין איידעלער מענטש.

— לחלוטין ריכטיק — עס פעלט מיר טאקע איידלקייט. מיר איז אָבער אויך נישט גוט, האָט זיך ביי אים פלוצלינג ארויסגעריסן.

ביידע האָבן געשוויגן.

— ווען איך וואָלט נישט מורא געהאט, וואָלט איך געשפרונגען אין וואסער אריין און נישט אָנגעקומען צו אייך. אָדער איך וואָלט גענומען א פיסטאָלעט און זיך אריינגעשאָסן א קויל אין קאָפ אריין.

— דאָס זענען זייער נישט קיין באקוועמע אופנים פון טויט און נישט אלעמאָל געלינגען זיי. מאָרפיום איז אנטשידן באקוועמער און קודם כל זיכערער... טרינקט. ער האָט איר אויפסניי אָנגעגאָסן.

א ווײַלע האָט זי זיך געקווענקלט, אָבער ער האָט זי אָנגעקוקט מיט זיינע העלע אויגן אזוי באפעלעריש, אז זי האָט געפאָלגט.

— איר קענט גאנץ רואיק פארברענגען די צ״ט, האָט ער געזאָגט. די אפטייקן זענען שוין סיי ווי געשלאָסן. מען וואָלט באדארפט ברענגען אין באוועגונג דעם נאכטגלאָק. איבריקנס האלט איך עס פאר פיל זיכערער, געבן אייך דעם מאָרפיום און מיטנעמען די פלאש מיט זיך. כדי צו פארווישן אלע שפורן. אגב, און אפשר ווילט איר ליבער אין פולווער?

א שטארקער טומעל האָט איבערגעהאקט זיינע רייד.

— קומט, האָט ער זיך אָנגערופן. עס הויבט דאָ אָן צו ווערן אומאנגענעם. — אזוי איז דאָס — און איצט גיט מיר אייער גארדעראָבע-נומער.

אין דרויסן האָט זיי אקעגנגעווייט די אייז-קאלטע נאכט-לופט. א שניידנדיקע קעלט איז געגאנגען פון די בערג.

— ס'האָט נישט איצט קיין זין צו פאָרן שפאצירן אין ענג-לישן גאָרטן. מיר וועלן דעריבער ארייגגיין אין א וויינהויז. אויב עס איז אייך ניחא, וועל איך מיר דאָרט מאַכן מיינע נאָטיצן און דאן וועט איר באקומען דעם בילעט צו אייער ווייטער רייזע.

בשעת זיי זענען געפאָרן, האָבן זיי נישט גערעדט צווישן זיך קיין וואָרט. אָבער ער האָט געשפירט די ווארעמקייט פון איר יונג בלוט. ער האָט געפילט, ווי דער חשק האָט זיך אין אים דערוועקט.

אין רעסטאראן האָט ער באשטעלט בורגונדער ווין און קאלט צובייסן.

— בורגונדער איז דער געזונטעסטער געטראנק, האָט ער איר ערקלערט. פאר דער רייזע דארף מען אָנשטענדיק עסן און טרינקען. היטערוועגנס ווערט מען בכלל שלעכט באדינט.

נישט קוקנדיק אויף זיין אויפפאָדערונג האָט זי זיך אפילו נישט צוגערירט צום שפייז און צום געטראַנק.

— פרעגט מיך, אויב ס'מוז שוין דוקא אזוי זיין. צום שפאס בין איך אָבער נישט אויפגעלייגט.

פון איר קול האָט זיך געטראָגן א פארשטיקטע טרויעריקע אנטשלאָסנקייט צום טויט, וועלכע האָט אים נאָך מער אויפגערייצט.

ער האָט זי אָנגעקוקט מיט ברענענדיקע אויגן, זיין ווילן האָט איצט ווידער געהאט פאר זיך א קלאָרן ציל, און ווי באהערשט פון אן אידעע־פיקס, האָט ער פלוצלינג פאר־שטאנען, אז די דאָזיקע אפערע קאָן אים ברענגען די גאולה. ער האָט געפילט, ווי דאָס בלוט שלאָגט אים אין קאָפּ אריין.

גאנץ לאנגזאם האָט ער ארויפגעלייגט קאוויאָר אויפן געבראָטנס און אויפגעגעסן.

— ווי יונג זי איז! האָט ער געטראכט. און זיינע אויגן האָבן אומרואיק אויפגעפלאקערט.

מיטאמאָל איז אים אויפן געדאנק געקומען זיין הויז־פרוי. בליצארטיק האָט ער זיי פארגלייכט. א קו און א סארנע! משונהדיק!

ער האָט זיך צעלאכט, נישט זשענירנדיק זיך, אזוי ווי ער וואָלט געווען אליין...

איר האָט גאָרנישט געארט זיין לאכן.

איך וועל זי באשטימט דערווערגן, אָן רחמנות דער־ווערגן, אויב זי וועט זיך ווערן ס'איז גאנץ גלייכגילטיק, אויף וואָס פאר אן אופן זי וועט קומען אויף יענער וועלט...

פון גאס זענען אהערצו אריינגעדרונגען אָפּגעריסענע טענער פון שכרות - געזאנגען און האָבן אים אויפגעוועקט פון זיינע מחשבות.

— גרעפין גינסדאָרף — דרייאונצוואנציק יאָר אלט — — פארהייראטעט?

— ניין!

— א בתולה?

זי האָט אים פאַרחידושט אָנגעקוקט.

– איך וועל עס סיי ווי נאָך אייער טויט דערפאַרן, ווייל מען וועט אייך בלי ספק פאלמעסן.

א זעלטזאמער שמייכל האָט זיך באוויזן אויף אירע ליפּן.

— איך בין נישט קיין נזירה. אין מינכען פלאפלען דער־פון די קראָען אויף די דעכער.

— אלזאַ א סך ליבהאָבער?

— א גאנצער שאָק אויב איר ווילט.

פאר גרויס כּעס איז זי שרעקלעך בלאס געוואָרן און האָט געקלאפּט נערוועז מיט די פינגער איבערן טיש.

— איך ענטפער נישט ווייטער — האָט זי פּלוצלינג געזאָגט. איך וועל אָן אייך אויך געפינען מיין וועג.

דערביי האָט זי געמאכט א באוועגונג, ווי זי וואָלט געוואָלט אויפשטיין.

— בלייבט רואיק זיצן, איך ענדיק שוין. און איצט זייט אזוי גוט און טרינקט אויס א גלאָז בורגונדער. מיר וועלן ערנסט רעדן. איר האָט זיכער היינט איבערגעלעבט עטוואָס זייער שווערעס — מוראדיקס. און איצט זענט איר גרייט און ווילט אוועקגיין.— איז עס נישט אזוי?

זי האָט לייכט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ.

— גוט. פארוואָס נעמט איר דאָס אזוי טראגיש? די פריערדיקע איבערלעבונגען האָבן אייך ווייניק געקימערט. פארוואָס לייגט איר דוקא אזא ווערט אויף די דאָזיקע. דאָס איז, זייט מיר מוחל, אן איבערראשצונג!

— איך קאָן שוין מער נישט אויסהאַלטן, האָט זי אויסגעשריגן, און איר שטים האָט געהאט אין זיך עפּעס נישט ארטיקולירטעס. צו וואָס קריכט איר מיר אריין אין דער נשמה? פון וואנען ווייסט איר דאָס אלץ? ארט אייך מיין גורל!?

— מער, ווי איר שטעלט אייך פאָר. מיר איז אויך, גענוי ווי אייך, פארמיאוסט געוואָרן דאָס לעבן. איך האלט די גאנצע געשיכטע פאר נישטיק און שפּלדיק ביז צום ברעכן.

— אויב אזוי, טוט דאָס אייגענע וואָס איך.

ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— דאָס איז פאר אונזביידע צו פרי, נאָך גאָר צו פרי מיין טייערע. אין אונז ביידן געפינט זיך א חוץ אלעם אן אומגעהויערער סכום פון לעבנס-קראפט, וואָס דארף ערשט פארברויכט ווערן.

דאָס איז נישט אמת — איך מוז אוועק — אומבאדינגט

אוועקגיין פון דער וועלט. איצטער קומט, איר האָט דאָך מיר א וואָרט געגעבן.

— איך האלט מיין וואָרט אזוי' בלייבט עס. אָבער הערט מיך נאָך אויס א ווײַלע. עס גייט מיר, היגטיש־שלעכט. איר מעגט מיר גלויבן. איר זענט אפשר דער איינציקער מענטש, וואָס וואָלט מיר געקאָנט העלפן. דער דאָקטאָר, וועלכער האָט אייך צו מיר געבראכט, איז אין דעם פעסט איבערצייגט — א רגע האָט ער זיך פארהאלטן און נאָכדעם גאנץ געלאסן איבערגעחזרט, — ער איז פעסט איבערצייגט, איך שטיי אויפן שוועל פון אָפּגרונט. איך בין, אזוי' צו זאגן, אריבער די גרענעץ — איך געפין מיך, האט ער שטאמלענדיק צוגעגעבן — מחוץ דער גרענעץ פון מיין „איך" און קאָן דעם וועג צו זיך נישט צוריק געפינען... קענט איר דאָס פארשטיין? איך בין נישט מער איך — איך בין ווייט פון מיר — מיט מיר איז אויס... דאָס איז פשוט שרעקלעך... א סך ערגער ווי דאָס, וואָס ס'האָט אייך באגעגנט. פארוואָס ווילט איר מיר נישט העלפן?

זיין געזיכט האָט ביי די ווערטער באקומען א יאָמערלעכן אויסדרוק.

— העלפט אייך אליין — נעמט אייך דאָס לעבן, האָט זי פינסטער געזאָגט.

— איך קאָן נישט — איך קאָן איינפאך נישט! דאָס איז נישט בלויז פּחדנות, גלויבט מיר... איך האָב נאָך עפּעס אויפצוטון. עס זענען פאראן מענטשן, וואָס גלויבן, אז איך וועל אנטדעקן א מיטל קעגן קרעבס. ווייסט איר, וואָס דאָס איז פאר א חולאת?

— איך ווייס, מיין מוטער איז דערפון געשטאָרבן.

— נו, אדרבא פארטראכט זיך, ווען דאָס זאָל מיר געלונגען...!

— איר האָט דעמאָלט א ציל און מוזט ווייטער לעבן.

— איך קאָן עס אָבער — — — נאָר מיט אייער הילף!

— דאָס איז לעכערלעך! און ווען איך וואָלט אייך נישט געוועזן באגעגנט?

— איר האָט מיך געמוזט באַגעגנען! אדרבא איך בעט אייך, פאַרטראַכט אייך גוט: ווען עס געלינגט מיר מיט אייער הילף צו געפינען דעם באַקציל פון קרעבס, האָט איר דערמיט שוין עפּעס אויפגעטון, און אייער גאַנצע פאַרגאַנגנהייט ווערט אויף אַזאַ אופן גערייניקט, אייער ווייטערדיק לעבן ווערט באַ־רעכטיקט... ביטע, אין גאָטס נאָמען, רייסט מיר נישט איבער! איך ווייס, איר שפּירט אין זיך אַ געפיל פון אומריינקייט, וואָס עס פאַרמיאוסט אייך דאָס לעבן. דאָס איז זעלבסטפאַר־שטענדלעך אַ גאַנץ נאַרישער פאַראורטייל, אָבער איר זענט אַזוי ווייט אָפּהענגיק פון אים, אַז איר געפינט נישט פּשוט קיין אַנדערן אויסוועג. איר האָט אַזוי פיל מאָל געזינדיקט און אָפּגעגעבן זיך, און אייער פאַמיליע האָלט אייך פאַר אַ פאַרלוירענע, די בירגערלעכע וועלט רעכנט זיך שוין סיי נישט מיט אייך, דאָס לעצטע מאָל האָט איר זיך געקלאַמערט אין אַ מענטשן, וועלכער האָט אייך אומברחמנותדיק פאַר־שטויסן — און פון דעם נעמט זיך אייער אַנטשלוס, צו וואַרפן זיך אין די אָרעמס פון טויט.

— דאָס איז דאָך פּשוט שרעקלעך, וואָס איר דערציילט מיר! צי זענט איר אימשטאַנד צו לייענען אין האַרצן פון אַ מענטשן? האָט זי ציטערנדיק אינגאַנצן געפרעגט, און פון אירע טונקל־בלויע אויגן האָט אַרויסגעשטאַרט די שרעק.

— יאָ, האָט ער ערנסט געענטפערט, ווייל איך טאַנץ אַזוי ווי איר ביים ראַנד פון לעבן און דעריבער האָב איך אַזאַ פיינעם חוש.

ער האָט מאָדנע געשמייכלט און שטיל לויערנדיק געטראַכט: ס'איז משונהדיק, וואָס איך דערצייל דאָס אַלץ און דערצו נאָך מיט אַזאַ פייערלעכקייט. אפשר וועט מען מיך באמת פאַרשפּאָרן...

אַ ווייַלע האָט ער זיך ווי פאַרגעסן, און ווען דער קעלנער איז פּלוצלינג אַן אומגערופענער אויסגעוואַקסן פאַר אים, האָט ער באַפוילן: „אַ פלאַש לאַקרימע קריסטי״!

— איר מוזט טרינקען מיט מיר — די קעל איז מיר אינגאנצן אויסגעטריקנט.

ער האָט אָנגעגאָסן. „לאקרימע קריסטי”, האָט ער לאנג־זאם געזאָגט.

זי האָט אים געפאָלגט, ווי א געהאָרכזאם קינד. און אין א טאָן, וואָס האָט זיך געוואקלט צווישן סארקאזם און ערנסט, האָט ער ווייטער געזאָגט:

— איצט האָבן מיר געטרינקען דאָס בלוט פון קריס־טוסן און מיר זענען ביידע חתן־כלה.

— דאָס זענען משיח׳ס טרערן, האָט זי געזאָגט, און א שוידער איז אדורך איר קערפּער.

— „זיין בלוט איז אין די טרערן פון דערלייזער”.

ביי די ווערטער האָט ער זי אדורכגעדרונגען מיט זיינע בליקן און דייטלעך געשפּירט, ווי זי הייבט אָן לאנגזאַם צו פארלירן דעם ווילן.

— וואָס זאָל איך טאָן? האָט זי געפרעגט אינגאנצן א ציטערנדיקע.

ער האָט לאנג נאָכגעטראכט. פּלוצלינג האָט עס, ווי א בליץ דורכגעשאָסן זיין מוח. און ווען איך וואָלט די דאָזיקע בלוטיינגע פרוי גענומען צו מיר אין בעט אריין אלס ווייב!

ווי נאַריש און אומזיניק ס׳האָט זיך אים צוערשט נישט אויסגעוויזן דער דאָזיקער איינפאל, אלס פעסטער האָט ער זיך איינגעקריצט אין זיין מוח און א משוגענע נקמה־פרייד האָט אים דורכגענומען, ווען ער האָט זיך פאָרגעשטעלט די גרע־ניצלאָזע פארוואונדערונג פון זיין הויז־פרוי.

איצט האָט ער געוואוסט, אז ער וועט הייראטן די גרע־פין גינסדאָרף.

— מיר וועלן באלד אָפּפאָרן נאָך לאָנדאָן און דאָרט חתונה האָבן, האָט ער קורץ געזאָגט. איך פרעג מיך נישט נאָך אייער פארגאנגנהייט, און אייך דארף אויך נישט אָנגיין מיין געגנווארט. זייט מסכים און זאָגט מיר: יאָ!

ער האָט פּלוצלינג פאַרגלייכט זיינע פליישיקע הענט מיט אירע לאַנגע, בלייכע פינגער.

— דאָס וועט ברענגען אַן אויסגעצייכנטע ראַסע, האָט ער פאַרטגעזעצט מיט אַ בלאָנזשנדיקן שמייכל. און מיט אַ הכנעהדיקן קול האָט ער צוגעגעבן: — איר זענט ווירקלעך נאָך נישט רייף צום טויט. איר האָט נאָך עטוואָס אויפצוטון פאַרן קיום המין און פאַר דער וויסנשאַפט.

עפּעס נישט געהערטעס, עפּעס וואָס זי האָט נישט געקאָנט תופס זיין — אָבער וואָס זי האָט געשפּירט אַלס אַן אומפאַרמיידלעכן שיקזאַל איז פאָרגעקומען אין איר. זי האָט געהערט פאַרשידענע שטימען אין זיך.

איין שטימע האָט גערופן: „היט דיך! דו טוסט אָפּ אַ שרעקלעכע זאַך — דער שטן זיצט לעבן דיר".

און אַ צווייטע שטים האָט געפּליסטערט: „גאָט וואַרפט דיר צו דעם לעצטן אַנקער, האַלט זיך אָן אים פעסט און טו פון דיר אָפּ דאָס אומריינע!"

אַ שרעק האָט איר איינגאַנצן אָנגעכאַפּט פאַר זיינע גראָבע, רויטע הענט. אָבער זיינע העלע אויגן האָבן זי געהאַלטן, ווי צוגעשמידט. זי האָט זיך נאָך איינמאָל צוגעהאָרכט מיט אַלע כוחות, אָבערביידע שטימען זענען פאַרשטומט געוואָרן.

דאַן האָט זי געזאָגט: „זאָל גאָט העלפן" — און האָט אים דערלאַנגט די האַנט...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

ווען דער פּראָפ. רעלנאָוו איז שפּעטער אויסגעקומען צו רעדן וועגן זיין חתונה, האָט ער שטייף און פעסט געטענה'עט, אַז זיין זיווג מיט דער גרעפין גינסדאָרף איז נאָר מעגלעך געוועזן אויף דעם יסוד פון אַ פּאַטאַלאָגישן צושטאַנד. און אַ באַקאַנטער, אָנגעזעענער נערוון־דאָקטאָר, מיט וועלכן ער האָט וועגן זיך אָפּגעהאַלטן אַ פּאַרטרוילעכע קאָנסולאַציע האָט אונטערגעשטיצט און באַשטעטיקט דידאָזיקע אויפפאַסונג. דער נערוון־דאָקטאָר האָט באַוויזן אויפן סמך פון צאָלרייכע פאַלן פון דער פּסיכיאַטרישער ליטעראַטור, אַז אַ סך מענטשן האָבן

אין געוויסע מאָמענטן פארלוירן זייער ווילנסקראפט און אונטערן דרוק פון צוואנגס-פאָרשטעלונגען געהאנדלט אויף אַן ענלעכן אופן. און ווי ער וואָלט געוואָלט באזונדערס בארואיקן זיין פּאַ-ציענט, האָט דער נערוון-דאָקטאָר צוגעגעבן, אז אזעלכע מענטשן ווערן געפירט, נישט קוקנדיק אויפן קראנקהאפטן צושטאנד פון זייער נשמה, פון א זיכערן אינסטינקט, ווייל זייער האנדלונג באדייט אן אויסלייז און ברענגט פילמאָל א פולשטענדיקן רפואה. מ׳וואָלט געקאָנט אזעלכע צושטאנדן באצייכנען אלס א נשמה-פארשטארקונג. אָדער ווי אן אונטערדריקטע סעקסואל-עמפּפינדונג, וועלכע מוז זיך סוף כל סוף דורכשלאָגן א וועג, זאָל עס זיין אפילו איבער גוואלט — אויב דאָס זאָל זיך נישט ענדיקן פאטאל פארן פאציענט.

פארוואָס האָט רעלנאָוו געהאלטן אזוי פאר וויכטיק די וויסנשאפטלעכע באגרינדונג פון זיין פאל? — וואָסערע בייזע סיבות האָבן אים דערצו געטריבן?...

---

צו מאָרגנס, נאָכן געשפּרעך ביינאכט, איז רעלנאָוו צו-זאַמען מיט דער גרעפין גינסדאָרף אָפּגעפאָרן מיטן ערשטן צוג קיין לאָנדאָן, וואו עס איז פאָרגעקומען די חופה.

ערשט נאָך דעם דאָזיקן אקט האָט ער צוריקגעפונען זיין אינערלעכע גלייכגעוויכט און צוגלייך דערשפּירט אַ געוויסע דערלייכטערונג.

ער איז אריין אין א נייער סטאדיע פון לעבן: ער האָט זיך געפילט, ווי איינער, וואָס איז באגאנגען א מאָרד און פרואווט איצט, אָנשטרענגנדיק אלע זיינע נערוון, צו אנטלויפן פון זיינע פארפאָלגערס.

ער האָט געשריבן צו זיין הויז-פרוי, אז ער האָט אין לאָנדאָן חתונה געהאַט און ער האַלט דעריבער פאר דאָס צוועקמעסיקסטע, ווען זי וועט נאָכן באקומען א גרעסערע סומע געלט פארלאָזן זיין הויז.

אין צוויי שעה שפּעטער האָט ער ווידער צו איר גע-

שריבן, אז ער וואָלט אויך גאָרנישט געהאט דערקעגן, ווען זי וואָלט ווייטער געפירט זיין באַלעבאַטישקייט, ווייל זיין פרוי — גרעפין גינסדאָרף, געבוירן אין דענעמאַרק — האָט נישט די מינדעסטע אנונג אין ענינים פון הויזווירטשאפט.

ער האָט אויך צוגעשיקט א פּאָר אנאָנסן אין צוויי בער־לינער צייטונגען, אין וועלכע ער האָט אָפיציעל צו וויסן גע־געבן וועגן זיין חתונה מיט דער גרעפין גינסדאָרף.

ביי דעם אלעם האָט ער געשפּירט א לייכטן, אָנגענעמען קיצל. זיין פארבינדונג מיט א דאמע פון דער עלטסטער דע־נישער אריסטאָקראטיע וועט מסתּמא ארויסרופן א גרויסע סענ־סאַציע אין דער בערלינער געזעלשאפט.

זיין אייטלקייט איז ביז צו א געוויסער מאָס באפרידיקט געוואָרן.

זיין באַלעבאָסטע האָט לאקאָניש דעפּעשירט: „איך בלייב“.

איר טעלעגראם האָט אים אריינגעבראכט אויף אייניקע שעה אין א שלעכטער שטימונג. דערנאָך האָט ער אָפּגע־שאָקלט פון זיך די אומבאקוועמע לאסט און איז אפילו צו־פרידן געווען פון דער פארפלאָנטערטער לאגע, אין וועלכער ער האָט זיך אליין אריינגעשלייפט.

די באציאונגען מיט זיין יונגער פרוי זענען פאר זיין אָפּפאָר קיין בערלין אינגאנצן אין הסכם מיט זיין ברוטאלער נאטור: ער האָט זיך געוואָרפן אויף איר, ווי א רויב־חיה און האָט געטראָפן אויף א ווידערשטאנדסלאָזן, צעבראָכענעם מענטשן, וועלכער האָט געלאָזן מיט זיך אלץ טון. אָפּטמאָל איז אים פארגעקומען, ווי א שברי כלי וואָלט געלעגן לעבן אים. צערייצט און פארביטערט, ווי איינער וואָס האָט זיך אנטוישט און אָפּגענארט, פלעגט ער זי כאפן מיט זיינע ברייטע קצבישע הענט, אזוי ווי זי וואָלט באמת געווען נישט קיין לעבעדיקער קעגנשטאנד. און וואָס שווייגנדיקער און פארשלאָסענער זי איז געוואָרן, וואָס טיפער זי האָט זיך איינגעגראָבן אין זיך, אלץ מער ציינישער און אָפענער איז דעו מענטש געווארן. אזוי ווי ער וואַלט געהאט א טיפע בא־

דערפעניש ארויפשליידערן אויף איר די משא פון אלץ, וואס איז העסלעך, בייז, חוצפהדיק און אומפארשעמט.

אפשר האָט זיך אויסגעדריקט אין דעם דער סוד פון זיין נאטור און איבערהויפּט עטוואָס פון דער ברוטאליטעט פון מאן, וואָס פאָדערט פאר יעדן פרייז זיין באפרידיקונג, אפילו ווען דער צווייטער צד פאלט אונטער דער משא.

זי האָט אלץ פארטראָגן, א שטומע און א פארשלאָסענע אין זיך. און ווען ער וואָלט זי אפילו מיט ריטער געשמיסן— וואָלטן אירע ליפּן אויך שטום פארבליבן. נישט איינמאל האָט זי אים ארויסגעוויזן פאראכטונג אָן גרענעץ. זי אליין האָט אויף זיך געקוקט ווי אויף אן אָפּגעשטאָרבענע.

און ווען דאס ערגסטע ווארט איז צווישן זיי געפאלן — א ווארט, וואס האָט זיי אויף אייביק צעשיידט — אויך דא־מאָלט האָט זי זיך נישט אויפגערעגט. זי האָט שטיל גענומען איר הוט און פארלאזן דאָס צימער.

זי איז געגאנגען דורכן היידפארק צו דער טעמזע. זי האָט זיך אנטשלאָסן צו מאכן א סוף. פלוצלינג האָט זי דער־שפּירט אויפן קארק זיין האנט, די „האנט פון א קצבֿ", ווי זי האָט זי שטיל אין הארצן אָנגערופן.

— אָ ניין, — האָט ער מיט מי ארויסגעוואָרפן פון זיך און א שפּאָטישער שמייכל האָט זיך באוויזן אויף זיינע ליפּן, — נישט אזוי האָבן מיר זיך געוועט.

און אָננעמענדיק זי ברוטאל און פעסט ביים געלענק, האָט ער זי צוריק געפירט אין האָטעל.

ער האָט זי נישט געלאָזן קיין איין רגע אליין. ער האָט זי באוואכט, ווי מען באוואכט, דעם געפערלעכסטן מלוכה־פארברעכער, איידער דער אורטייל ווערט ארויסגעפירט איבער אים. און עס זענען געווען מאָמענטן, ווען ער האָט זיך אליין אויסגעוויזן ווי משוגע.

איינמאָל האָט ער זיך צו איר אָנגערופן: — זיי צו מיר

כאָטש עטוואָס גוט, אז נישט וואקסט פון מיר ארויס דאָס בייזע. עס מוז לעבן מיין שלעכטקייט אויך עטוואָס גוטס זיין אין מיר, אנדערש וואָלט איך מיך נישט אזוי געקלאמערט אין דיר.

ביי די ווערטער האָט ער זיך דערפילט אזוי אויפגעצי־טערט, אז ער האָט זיך געמוזט אָפּקערן אָן א זייט.

אין דעם טאָג איז געקומען צו אן אינערלעכער דער־נענטערונג צווישן זיי. זיין טאָן האָט איר געטראָפן אין הארצן. מיטן אינסטינקט פון איר פרויען־נאטור האָט זי גע־פילט, אז דאָ שטעקט דער סוד פון זיין נאטור און אז אפשר וואָלט אויך אין אים געקאָנט אויפבליען עטוואָס צארטעס, שיינעס און אומבאגרייפלעכעס.

א לייכטער שיין פון האָפנונג האָט זי אדורכגעדרונגען, א דורשטיק געפיל פון יענער שעפערישער, מוטערלעכער פרייד, וועלכע דריקט מיט זיך אויס די אורקראפט פון דער פרוי.

ס'איז געווען דאָס איינציקע מאָל, ווען די ביידע מענטשן האָבן זיך ווען עס איז אין לעבן דערנענטערט.

אין דער נאכט איז זי שוואנגער געוואָרן מיט א קינד, דעם מענטשן, וועמען איך רוף אָן דער טענצער.

וועגן אים ווערט דערציילט אינ'ם דאָזיקן בוך.

---

דאָס יינגל האָט קיינמאָל זיין מאמען נישט געזען. בייזע צינגער האָבן גערעדט, אז זי איז געשטאָרבן פון אן אומנאטירלעכן טויט אין קינפּעט.

צום סוף פון דער ערשטער וואָך האָט זי פלוצלינג אָן א שום סיבה פארלאָזן דאָס בעט, גענומען דאָס פיצל קינד צו דער ברוסט, און — אָנגעטון בלויז אין א לייכט העמד, א וואָרף געטאָן זיך צום פענסטער. די הויז־פרוי און די פלעגערין האָבן זי קוים מיט צרות צוריקגעבראכט אין בעט אריין, ווייל זי האָט זיך געווערט מיט אלע כוחות, וואָס זענען נאָך פארבליבן

אין איר אָפּגעשוואַכטן קערפּער. ווען זי איז דעמאָלט ענדלעך איינגעשלאָפֿן, האָט די פֿלעגערין פֿאַרלאָזן דאָס צימער און א טיילע שפּעטער איז די געבוירענע גרעפֿין גינסדאָרף געפֿונען געוואָרן אין בעט א טויטע, מיט אויפֿגעשניטענע אָדערן...

אָבער דאָס זענען, ווי געזאָגט, נאָר קלאַנגען, וואָס לאָזן זיך נישט קאָנטראָלירן, ווי ווייט זיי זענען אמת.

אויף אַזויפֿיל איז אָבער זיכער, אז גראָד א יאָר שפּע-טער האָט רעלנאָװ ווידער חתונה געהאַט.

און דאָס מאָל איז עס געווען די הויז-פֿרוי, וועלכע ער האָט געפֿירט צו דער חופּה...

דער יינגל, וועלכן מען האָט לויטן ווילן פֿון דער פֿאַר־שטאָרבענער א נאָמען געגעבן אנדרעאַס איז שלאַנק אויסגע־וואַקסן און האָט הויך געטראָגן דעם קאָפּ אויף די איידעלע, שמאָלע פּלייצעס. מיט שרעק האָט דער געהיימראַט דערזען, אז ווי-נאָר ער האָט זיך געשטעלט אויף די פֿיס האָט ער ארויס-געוויזן גאַנץ פֿאַרעטערישע לוסט צו טענצערישע באַוועגונגען און א קענטיקע ליבע צו אַלץ, וואָס האָט א שייכות מיט טאָן, קלאַנג און מוזיק.

אַזוי ווי דער פֿאָטער האָט זיך אין די ערשטע יאָרן זייער ווייניק געקימערט וועגן זיין דערציאונג, איז זי אריבער אין די הענט פֿון דער שטיפֿמוטער. זי האָט אָבער דערצו נישט געהאַט קיין גרויס חשק און האָט דערפֿילט אירע פֿליכטן אויף אַזויפֿיל, אויף וויפֿיל זי האָט געהאַלטן פֿאַר נויטווענדיק לגבי דעם געהיימראַט.

אַזוי איז דאָס קינד אינגאַנצן איבערגעלאָזן געוואָרן אָן אויפֿזיכט און אין די ערשטע, אנטשיידענע יאָרן האָט זיך זיין נשמה אנטוויקלט פֿריי, פֿון וועלכע עס איז פֿרעמדע איינפֿלוסן. פֿון אָנהויב אָן האָט ער געפֿלעגט צו טון אַלץ, וואָס איז אים אָר געפֿעלן און קיינער האָט אים נישט געשטערט. יאָ, נישט-גוקנדיק אויף זיין שטאָלצער האַלטונג, האָט ער באַקומען אי-קער די מענטשן א מער ווירדיקע מאַכט. די פֿרויען האָבן גע-

האט א מאָדנעם געפיל, ווען ער האָט זיי פלוצלינג לייכט גע-גלעט מיט זיינע שמאָלע הענטלעך. עס האָט זיי אויפגערייצט דאָס בלוט.

א הויזמיידל פון בעהמען, וואָס האָט ביי זיי געדינט, האָט זיך איינמאָל אין אָוונט אריינגעקריגן צו אים אין בעט אריין, כדי צו שפירן דעם ווייכן דרוק פון זיין האנט און אויסקושן זיין שטערן, אויגן און מויל. זי איז אין אים געווען פארליבט. און פארליבט אין אים איז געווען — פון אויבערשטן ביז צום אונטערשטן שטאָק אלץ, וואָס האָט נאָר געטראָגן א קליידל.

ער האָט זיך געפלעגט אראָפּגנבענען אונטן אין הויף צו די קליינע מיידלעך, וועלכע האָבן זיך איבער אים געריסן פאר די צעפּ.

בשעת ס'איז געוואָרן טונקל, האָבן זיי זיך געטוליעט צו אים און נישט ארויסגעלאָזט פריי זיינע הענט. און יעדע פון זיי האָט געוואָלט הערן, אז ער האָט זי אממשטארקסטן ליב.

איינמאָל האָט זיך געטראָפן, דאָס צוויי קליינע פרויען האָבן זיך געוואָרפן איינע אויף דער אנדערער מיט געביילטע פויסטן, ווייל יעדע האָט אים געהאלטן פאר אירן.

ווען די עלטערע פרויען האָבן פארבייגייענדיק אויף די טרעפּ אָנגעהויבן א שמועס מיט דער פרוי פון געהיימראַט וועגן איר „אנציקנדיקן" קינד, האָט זי זיך אלעמאָל בייז אָפּ-געקערט פון זיי. זי האָט געפילט אינסטינקטיוו, אז פון זיינע טיפבלויע גינסדאָרף-אויגן לייכט ארויס א לעבנסקראפט און אן אומבויגזאמער ווילן, וואָס לאָזט זיך בשום אופן נישט ברעכן.

אויך דער געהיימראט האָט דאָס באלד דערפארן צו זיין שרעק און פארוואונדערונג. און דוקא איז דאָס געווען א גאנץ נישט וויכטיקע סיבה, וואָס האָט אים געצוואונגען צו פאר-טראכטן זיך איבערן תוך פון זיין קינדס נשמה.

אין א שיינעם מאָרגן האָט דער יינגל באקומען א פידל. קיינער האָט נישט געוואוסט, פון וואנען זי האָט זיך צו אים בעקומען. ער האָט געשפילט אויף דער פידל, און קיינער האָט

נישט געוואוסט, וואו און ביי וועמען ער האָט זיך אויסגע-לערנט שפּילן.

ווען די שטיפמוטער האָט אים וועגן דעם געפרעגט, האָט ער געשאָקלט מיטן קאָפּ און קיין איין וואָרט האָט מען פון אים נישט געקאָנט ארויסבאקומען.

די פרוי האָט זיך גענומען אויף פארשידענע מיטלען, צורערשט האָט זי מיט אים גאנץ רואיק איינגעטנה׳עט, ביז זי איז צוליב זיין איינגעשפּארטקייט אריינגעקומען אין כעס און אויפגעהויבן א העכערן טאָן.

דער יינגל איז אָבער פארבליבן אומבאוועגלעך.

זי האָט דאן אויפגעהויבן קעגן אים די האנט, כדי אים צו שלאָגן.

דאָ איז געשען עפּעס אומגעריכטעס: דאָס קינד האָט זיך אריינגעגראָבן מיט זיינע לאנגע פינגער — אויך די הענט האָט ער באקומען בירושה פון זיין מאמען און בכלל איז ער מיטן גאנצן געזיכטס-אויסדרוק און האלטונג פון קער-פּער ענלעך געווען צו איר — דאָס קינד האָט זיך אזוי פעסט איינגעקלאמערט אין די שטארקע געלענקן פון דער פרוי, אז זי איז, ווי געלעמט, נישט געווען בכוח ארויסצו-שטאמלען א וואָרט.

און מיט א קולכל, וואָס האָט טראָץ זיין קוים איינגע-האלטענער אויפרעגונג, געהאט אין זיך עפּעס שניידנדיקעס, האָט ער געזאָגט:

— איך וועל מיך נישט לאָזן שלאָגן.

אז רעלנאָוו איז אהיימגעקומען, האָט מען אים באלד דערציילט וועגן גאנצן פּאָרפאל.

ער האָט נישט געוואָלט גלויבן זיינע אויערן און גע-הייסן אריינרופן דעם יינגל. און קורץ אָן שום איבערגאנג, האָט ער אים געפרעגט מיט א הארטער שטימע:

— פון וואנען האָסטו די פידל?

דאָ האָט זיך איבערגעחזרט די זעלבע סצענע, וועלכע האָט זיך אָפּגעשפּילט צווישן יינגל און דער שטיפמאמען.

אנדרעאס האָט זיך אָפּגעזאָגט צו ענטפערן, און בשעת ער האָט איינגעגראָבן דעם קאָפּ אין נאקן, זענען זיינע ברוינע האָר געפאלן אויפן ווייסן שטערן.

— זאָלסט מיר די מינוט ענטפערן! האָט געשריגן דער געהיימראט. דער יינגל האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ. רעל-נאָוו איז ארויס פון זיך. ער האָט אָנגעכאפּט דעם קליינעם פאר דער ברוסט און אים געטרייסלט.

— וועסט ענטפערן? האָט ער הייזעריק געשריגן און דערביי געפילט, ווי ער פארלירט זיין זעלבסטבאהערשונג.

אנדרעאס האָט זיך נישט גערירט פון אָרט.

דעם פּאָטערס האנט איז שווער געפאלן אויפן יינגלס ליפּן. און אויפסניי האָט דעם פּאָטערס קול געקלינגען דראָענדיק:

— וועסט איצט ענטפערן!?

דעם יינגלס געזיכט איז ווייס געוואָרן ווי קרייד. פון זיינע ליפּן איז אויסגערונען יעדער טראָפּן בלוט. זיינע אויגן זענען אויף אזא שרעקלעכן אופן ארויסגעקראָכן — . אז דער געהיימראַט האָט צוריקגעצויגן די האנד, וועלכע איז געווען אויפגעהויבן צום שלאָגן.

אָבער זיין געזיכט האָט אנגענומען אן אויסדרוק פון האס און אָנמעכטיקן צאָרן.

— דיין געביין זאָל מיר דאָ מער נישט זיין! האָט ער הארט געזאָגט.

דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן דורכמעסטן דאָס צימער מיט שווערע טריט און כסדר געברומט פאר זיך אומפאר-שטענדלעכע ווערטער. עס האָט זיך אים געדאכט, ווי די טויטע גרעפין איז אין געשטאלט פון קינד ווידער אויפגע-שטאנען תחית המתים.

אפשר איז עס גאָרנישט מיין קינד — האָט ער געטראכט, און דער איינפאל האָט אים ווי דערלייזט פון עפּעס און צוגלייך צומוירשט אויף פיצלעך.

פון דעם טאָג אָן איז איבערגעריסן געוואָרן יעדע פאר-

בינדונג צווישן פאָטער אין זון. ער האָט אים באטראכט, ווי א שונא אין הויז, ווי א רוט פון שיקזאל.

מיט דער שטיפמוטער האָט אנדרעאס בכלל נישט געהאט קיין שום באציאונגען, ער האָט זיך אָפּגעווענדט פון איר מיט אלע אינסטינקטן פון זיין בלוט.

און זינט דעמאָלט האָט דער יינגל געפירט א הארט־נעקיגן און לאנגן קאמף, אזוי ווי ער וואָלט געוואָלט אָפּ־טרייסלען פון זיך צוויי פרעמדע קערפערס, וועלכע האָבן זיך אויף אים געלייגט מיט דער משא פון זייער געוויכט און געוואָלט דערדריקן.

## ערשטער קאַפּיטל.

א יונגער מענטש פון לערך 25 יאָר איז געשטאַנען אונ־טער די לינדן, נישט ווייט פון האָטעל אדלאָן, פארן שוי־פענ־סטער פון א געשעפט פון מענער־קאָנפעקציע און האָט מיט גרויס אינטערעס באטראכט די קראוואטן פון דער נייעסטער מאָדע. ער איז געווען געקליידעט מיט יענער אָפּגעלאָזענער עלעגאנץ, וועלכע איז געווען אינגאנצן זעלבסטפארשטענדלעך דערפאר, ווייל זי איז נישט געווען צוגעטראכט. נישט קוקנ־דיק אויף דער שניידנדיקער פעברואר־קעלט האָט ער געטראָגן א לייכטן קאָווערקאָטענעם פאלטן, וואָס איז געווען גאָרנישט לויט דער מאָדע; פארקערט, א מענטש מיט אן אויג וואָלט געקאָנט לייכט פעסטשטעלן, אז דער אנצוג האָט שוין הינטער זיך א פּאָר יאָר; נישט געקוקט אָבער דערויף איז ער מיט זאָרג און אפילו מיט אמתע צערטלעכקייט באהאנדלט געוואָרן פון זיין טרעגער.

דער גאנצער אויסזען פון דעם יונגנמאן האָט שטארק פאראינטערעסירט די דורכגייער. ער איז געווען הויך־געבויט און שלאנק און אין זיין אומגעצוואונגענער האלטונג, וואָס איז געווען גענייגט עטוואָס אויף פאָרנט, איז געלעגן א געוויסער רייץ. די ליפּן זענען געווען פיין־אויסגעשניטן און האָבן גע־האט, נישט קוקנדיק אויף זייער קוים קוים תּאוהדיקן אויס־דרוק אן אומגעווייגלעך פיינע צייכנונג. דער קוק איז אפשר געווען אביסל צו ברייט, ער האָט אָבער גוט געפּאסט צו דער דרייסטער שמאלער נאז.

וואונדערשיין זענען געווען די טיפבלויע אויגן, וואָס האָבן ארויסגעשטראַלט פון אונטער דעם ווייסן, געוועלבטן שטערן, די גלאַנצנדיקע, טונקל־ברוינע האָר און די פיינע הענט, וואָס האָבן עדות געזאָגט אויף ראַסע.

עס האָט פון אים געאָטעמט א געהיימניספולער כּוח. אין זיין גאַנצער פיגור האָט זיך געפילט אַ זעלבסטזיכערקייט, וואָס איז פריי פון יעטוועדער אנגסט.

ווייזט אויס, ער האָט אָנגענומען א באַשלוס, ווייל ער האָט א שמייכל געטון מיט אן אומבאַשרייבלעכן חן און איז אריין אין עלעגאַנטן געשעפט. אן עלטערער עלעגאַנטער הער, אין באַגלייטונג פון א יונגער דאַמע, וואָס איז געשטאַנען צו אים מיטן רוקן, האָט געמאַכט פאַרשידענע איינקויפן.

די פאַרקויפערין האָט זיך העפלעך געווענדעט צום נייעם קונה.

ער האָט געבעטן ווייזן אים די פּיאָלעטע קראַוואַטן, וואָס זענען געווען אויסגעשטעלט אין דער וויטרינע. ער האָט גערעדט מיט א ריינער, הגם נישט איבעריק טיפער מענער־שטימע.

אין דעם אויגנבליק האָט די יונגע דאַמע געווענדעט איר געזיכט אין זייט. זי איז געווען א חנודיקע ברונעטין, געהאַט טונקעלע אויגן, א נידריקן עקשנותדיקן שטערן, און א קליינע נאָז.

בשעת דער אַלטער הער האָט גערעדט מיט א פאַרקויפערין, האָבן זיי זיך ביידע אנגעקוקט, און דער יונגערמאַן האָט גע־וואָרפן אויף איר אַזאַ פאַרשנדיקן בליק, אַז איר געזיכט האָט זיך פאַרצויגן מיט א פאַרדריסלעכער רויטקייט און זי האָט זיך האַסטיק אָפּגעווענדט.

די פאַרקויפערין, וועלכע האָט מיט א דיסקרעטן שמייכל אָבסערווירט די קליינע סצענע, האָט אנידערגעלייגט דעם גע־וואונשטן שניפּס אויפן טיש.

— וויפיל קאָסט עס?

— צען מאַרק.

ער האָט ארויסגעצויגן זיין פּאָרטפעל, פון וועלכן ער האָט ארויסגענומען די לעצטע צוואנציק מארק.

דערווייל האָט אויך דער עלטערער הער דערליידיקט זיינע איינקויף.

— זייט אזוי גוט און שיקט איבער די זאכן אין האָטעל אדלאָן, האָט ער געזאָגט, פארן קאָמערצראט טרענקוויץ.

— זייער גוט.

ביים ארויסגיין האָבן זיך די בליקן פון די ביידע יונגע לייט ווידער א ווײַלע געטראָפן. דער עלטערער הער האָט עס כמעט אפילו נישט באמערקט.

די הערשאפטן זענען געגאנגען דירעקט אין האָטעל אדלאָן צום לענטש, און דער יונגערמאן איז נאָכגעגאנגען אין זייערע טריט.

ער האָט פעסטגעשטעלט, אז זיי בלייבן אין פרישטיק־זאל און האָט זיך אוועקגעזעצט ביי א קליין טישל.

ווען דער הער און די דאמע האָבן זיך געווענדעט אין זיין ריכטונג, האָט ער זיך לייכט פארבויגן פאר זיי.

טרענקוויץ האָט צוריקגעגריסט און די פרײַליין האָט נישט גאנץ צופרידן געטון דאָס זעלבע.

— פון וואנען קענסטו דעם מענטשן? האָט דער קאמערצ־ראט געפרעגט.

— איך קאָן אים נישט איבערהויפּט, האָט זי בייז גע־ענטפערט, ער איז מיר איינמאָל צופעליק פאָרגעשטעלט גע־וואָרן אין מינכען האָט זי צוגעגעבן און האָט זיך טיף איינ־געבויגן איבערן טעלער.

— ווער איז ער?

— איך ווייס אליין נישט, ליבער פאפא.

— אָבער ווען ער איז דיר פאָרגעשטעלט געוואָרן, — דארפסטו דאָך וויסן זיין נאָמען? האָט טרענקוויץ געלאַסן געפאָרשט.

— הער שוין אויף, פאפא! דער הער האָט אין זיין אומפארשעמקייט שוין באמערקט, אז מיר באשעפטיקן זיך מיט אים.

טרענקוויץ האָט ארויסגענומען פון זיין שיידל דעם גאָלדענעם פענסנע, אזוי ווי ער וואָלט געוואָלט בעסער באטראכטן זיין אנטקעגנדיקן.

— איך הייב מיך די מינוט אויף, אויב דו וועסט באלד נישט אויפהערן, האָט זי זיך אָנגעריפן א צערייצטע און האָט שיר נישט אויסגעבראָכן אין א געוויין.

— אין גאָטעס ווילן, וואָס איז מיט דיר? — דער אלטער הער האָט זי דערשראָקן אָנגעקוקט.

— גאָרנישט איך גיי ארויף אין מיין צימער! דער מענטש דענערווירט מיך, דער גאנצער אפעטיט איז מיר שוין אוועק.

און נישט ווארטנדיק אויף קיין ענטפער האָט זי פארלאָזט דעם זאל.

דער אלטער הער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און ווייטער רואיק געפרישטיקט. דערנאָך האָט ער ווידער ארויפגעזעצט דאָס פענסנע, ארויסגענומען פון א צייטן-טאַש א בריוו און זיך שטארק פארטיפט אין לייענען.

דער מאָמענט האָט אויסגענוצט דער יונגערמאן און האָט זיך שטילערהייט דערווייטערט.

א מינוט שפעטער איז ער געשטאנען פארן צימער פון דער פרייליין לוציע טרענקוויץ און פאָרזיכטיק געעפנט די טיר. זי איז ווי געפלעפט געוואָרן פון זיין פלוצלינדיקן דערשיינען, און איז נישט בכוח געווען ארויסצורעדן קיין וואָרט.

אפנים, אז ער האָט זיך געריכט דערויף, ווייל אָן דער מינדעסטער פארלעגנהייט האָט ער אָנגעהויבן אין א רואיקן, זאכלעכן טאָן: — איך האָב אייך נאָר געוואָלט בעטן איר זאָלט מיר מוחל זיין פאר דער אומאָנגענעמלעכקייט, וואָס איך האָב אייך פארשאפט. דער מענטש פילט זיך אזוי שלעכט ווען ער זאָגט ליגן קעגן זיין ווילן, יעדנפאלס איז עס געווען נישט שיין פון מיין זייט צו גריסן לגמרי א פרעמדער דאמע.

— און נאָך מער אומדערצויגענער, זי האָט צארנדיק ארויסגערעדט, אונטערצוהערן אונזער געשפרעך.

— פארדאָן, האָט ער געענטפערט מיט א לוסטיקן שמייכל, איר האָט אַ ביסל צו הויך גערעדט — און איך האָב א גוטן געהער.

מיט א הויכמוטיקן געזיכט האָט זי זיך עטוואָס אויפגע-הויבן אויף די פינגער און אָנגענומען דעם טאָן פון א גרוי-סער דאמע:

— צי דארף איך האלטן אונזער געשפּרעך פאר געהיים?

— געוויס, איך וואָלט נאָר געוואָלט צוריקכאפּן, וואָס איך האָב פארשפּעטיקט און פאָרשטעלן זיך פאר אייך. איך הייס — א ווײַלע האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, דאן האָט ער צו-געגעבן: — איך הייס בּאראָן גינסדאָרף — און אזוי, ווי איך פארשטיי מיך בּעסער אויף ליגן און כ׳וויל גערן פארלייכטערן אייך די לאגע, טייל איך אייך מיט צוליבּ אריענטירונג, אז מיר האָבן זיך באקענט אין פרינץ-רעגענט-טעאטער. און איצט בעט איך אייך, דערלויבּט מיר צוזעצן זיך היינט אָוונט צו אייער טישל. איר שפּייזט דאָך אודאי אין האָטעל?

זי איז שרעקלעך בּלאס געוואָרן און האָט זיך צוגערירט צום עלעקטרישן גלעקל.

ער איז איר אנטקעגן געגאנגען.

— אפשר זאָל איך אריינרופן דעם דינער? איבּריקנס, ער איז נישט נויטיק... איין וואָרט, און איך דערווייטער מיך. זיין טאָן איז געווען קאלט און געלאַסן.

— איך בעט דאָס טאקע, האָט זי א ציטערנדיקע געזאָגט. ער האָט זיך גאנץ טיף פארבּויגן פאר איר.

אין קאָרידאָר האָט ער באגעגנט דעם קאָמערצראט, וועלכער האָט אים אָבער נישט באמערקט.

ביים אריינגאנג אין האָטעל אדלאָן האָט ער פאר זיינע לעצטע פּאָר גראָשן, וואָס ער האָט נאָך פארמאָגט, געקויפט א שטרויס נעלקן און אים ארויפגעשיקט צו איר.

דערנאָך האָט ער זיך אוועקגעשלייכט צום לאטיינישן קווארטאל, און האָט זיך אָפּגעשטעלט פאר איינער פון די אומעטיקע וואוינונגס-קאזארמעס, אין וועלכער ער האַט פארנו-

מען צוויי צימערן. נישט קוקנדיק אויף זיין שלעכטער באַ־טעריעלער לאגע האָט ער זיך דערלויבט אויף אזא לוקסוס, ווי טראָגן זויבערע וועש. ער האָט נישט געקאָנט שלאָפן און וואוינען אין דעם זעלבן צימער. ער האָט געוואוינט באזונדער פון דעם טאָג אָן, ווען ער איז געבליבן שטיין פאר דער נויט־ווענדיקייט איבערצורייסן אלע באציאונגען מיט זיין פאָטער.

זינט ער האָט פארלאָזן דעם אוניווערזיטעט, האָט ער זיך אויף אן אומבאגרייפלעכן אופן דורכגעשלאָגן א וועג דורכן לעבן. ער האָט זיך איבערהויפט קיינמאָל נישט אָפּגעגעבן מיט ספּעציעלע סטודיען. ער האָט געהערט די פארשידנסטע פאָר־טראגן, אָן וועלכער עס איז באפרידיקונג, הגם ער האָט מיט זיינע פעאיקייטן געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייטן פון די פּראָפעסאָרן. א קורצע צייט האָט ער אויך געארבעט אין א באנק־הויז. אומעטום האָט מען געפרואווט צובינדן דעם שיי־נעם אייגנארטיקן מענטש צום אָרט. ער פלעגט זיך אָבער שטענדיק ארויסדרייען.

די אלע ארבעטן האָט אים אָפּגעשטויסן. זיי האָבן זיך אים אויסגעוויזן ווי איבריקע און אָן שום ווערט. נאָר גאונים און שטיינהאקערס דארפן אַרבעטן, די איבריקע זענען באשאפן געוואָרן צו לעבן — אויב זיי פארמאָגן נאָר כוח צום לעבן.

ער אליין האָט געפילט אין זיך א מעכטיקן ווילן, וועל־כער האָט אים תמיד אָפּגעהאלטן פון נידעריקער, פשוטער אר־בעט און געפירט אויף א באזונדער וועג.

ער האָט זיך באצויגן מיט אומבאגרענעצטער פאראכטונג צו יעדער פּראָפעסיאָנעלער ארבעט, וואָס איר ענדציל איז נישטמער ווי צו דערהאלטן די עקזיסטענץ. אי, וואָס טוט מען, ווען עס קומט אויס צו הונגערן? עס האָט זיך אים אויסגע־וויזן פיל אידעלער און אָנשטענדיקער באוואוסטזיניק צו הונ־גערן און מיט א פיינער פארבויגונג איבערטרעטן דעם טונ־קעלן פּאָרהאַנג, איידער צו ציען די חיונה אויף א פּראָפעסיאָ־נעלן אופן. עס איז אים פאָרגעקומען, ווי א קאָמעדיע ווען א

מענטש האנדלט יאָר איין, יאָר אויס מיט וואָל, פירט פראָצעסן, אָדער פאָרט מיטן פינזל אין האלז.

דער סוד פון לעבן ליגט ערגיץ אנדערשוואו.

ער האָט געוואוסט, אין וואָס פאַר א ריכטונג מען דארף ניין. אים איז געווען באקאנט דער געטראנק, וועלכן מען דארף אויסטרינקען, כדי מען זאָל קענען בשעת דער קורצער, פאַראיבערגייענדיקער צייט-ווייל, וואָס איז געגעבן געוואָרן דעם מענטשן, פארשיכּורן און אליין פארשיכּורט צו ווערן. ער האָט געשפירט אין די פינגער-שפּיצן זיין קראפט, וועלכע האָט אים אויפגעהויבן איבער דער וואָכעדיקייט פון לעבן.

נאָר אין דער ערגסטער נויט, לשם זיין העכערער עקזיסטענץ, האָט ער געשפּילט יעדן אָוונט אין אָרקעסטער — היינט אין א טאנץ-לאָקאל, מאָרגן אין אן אמתן קאָנצערט. און אזוי ווי ער פלעגט נאָר אָפּשפּאָרן א קליינע סומע, האָט ער באלד אויפגעהערט צו שפּילן.

ער איז געווען א אויסגעצייכנטער פידלער. ער וואָלט געקענט מאכן א קאריערע, ווי עס האָבן אים תמיד פארזיכערט זיינע באקאנטע. ער האָט אָבער גרינגשעצנדיק געלאכט דערפון.

ער האָט געזוכט דעם אורקוואל פון לעבן.

און אויף שריט און טריט האָט ער זיך אָנגעשטויסן אויף קוואלן, ער האָט זיך אָבער קיינמאָל לאנג נישט אויפגעהאלטן. ער האָט נאָר געלאָשן דעם דורשט און ווייטער געוואנדערט.

ער האָט זיך קיינמאָל נישט פארטראכט, וואוהין זיינע וואנדערונגען קענען אים פארפירן.

איינס האָט ער געוואוסט אויף זיכער, אז ער האָט פאר זיך א ציל און דאָס, וואָס ער איז אים געווען אומבאקאנט, האָט אים נאָך אינטערעסאנטער געמאכט דעם וועג.

## צווייטער קאַפּיטל

ווען רעלנאָוו איז געקומען אין זיין וואוינונג, האָט פאר זיינע אויגן כסדר געשוועבט דאָס בילד פון דער פריילין, ער האָט געפילט די באוועגונג פון איר נשמה.

— וואונדערשיין! וואונדערשיין! האָט ער פאר זיך כסדר איבערגעחזרט. יעדער בליק און טאָן האָבן איצט, ווי אויפגעלעבט פאר אים — פון דער ערשטער דערשראָקענער פארלעגנהייט ביז צום נערוועזן אויסברוך ביים טיש און שטומען צאָרן, בשעת ער האָט זיך פלוצלינג אריינגעריסן אין איר צימער.

ער האָט געפילט, ווי ער האלט זי שוין אין די אָרעמס און זי גיט זיך אים אונטער — ווי דאָס שטאָלצע, קליינע מיידל טראָגט אים אנטקעגן די ליפן — מיט אזא צארטקייט און איבערגעבנקייט.

— צו שיין איז דאָס אלעס — צו שיין! קיין איין מאָמענט האָט ער נישט געצווייפלט, אז דאָס וועט אים געלינגען. מען דארף נאָר פאָרזיכטיק זיין — זייער פאָרזיכטיק — צארט.

ער האָט געשמייכלט. ער האָט געוואוסט, ווי אזוי מען דארף האנדלען אין אזעלכע פאלן.

— ווארט — איך וועל פאר דיר איינמאל אויפשפילן.

ער האָט ארויסגענומען די פידל פון קאסטן — אָבער ער האָט נישט געשפילט.

ער האָט נאָר באטראכט מיט גרויס צערטלעכקייט דעם

אלטן אינסטרומענט — ער האָט אים לייכט געגלעט, ווי מען גלעט א פרוי און גערעדט צו דער פידל, נישט וויסנדיק אליין דערפון, גוטע, צערטלעכע ווערטער, ווי צו א געליבטער פריינדין — ער האָט זי איינגענומען און באַרואיקט. ער האָט ארויסגעוויזן אזא ליידנשאפטלעך געפיל און נייגונג, ביז זי האָט אויפגעהערט זיך אנטקעגנשטעלן און איז געוואָרן נאכגיביק און ווייך. די פידל — ער פלעגט זי אָנרופן „וויאָלא" — איז נישט געווען פאר אים קיין טויטע זאך, אין וועלכער ער האָט ערשט אריינגעבלאָזן לעבן. ניין, זי האָט געהאט אין זיך עפעס שעפערישעס בלויז איר אָנבליק האָט אין אים גע־וועקט פאָרשטעלונגען, פאר וועלכע ס'איז נישט געווען קיין נאָמען, קיין באצייכענונג. און ווען מען האָט זי פאלש בא־האנדלט, ווי עס פלעגט אמאָל טרעפן — איז זי אזוי טיף פארשטומט, אזוי אינערלעך פארוואונדעט געוואָרן, דאָס מען האָט נאָר געקענט פארנעמען הייזעריקע טענער, וואָס האָבן געגרילצט אין אויער.

דאָס אלץ איז אים געווען באוואוסט, ווי קיין שום אנדערן מענטש.

ער האָט זיך פארשטאנען אויף דער קונסט פון געפעלן ווערן. ער האָט דערצו פארמאָגט די נויטיקע אויסגעהאלטענע קראפט, עקשנות, הארטקייט און גרויזאמקייט. ער האָט זיך געשטיצט אויף זיין איינגעבוירן רעכט, ווי ער האָט עס גערופן. און כדי צו דערגרייכן זיין ציל, האָט ער זיך אָן רחמנות נישט אָפגעשטעלט פאר קיין שום שוועריקייט.

זיין ציל האָט ער געמוזט דערגרייכן, נישט קוקנדיק אויף אלע מכשולים.

אלע זיינע געדאנקען זענען אויף אזוי וויט פארנומען געווען מיט דער פריילין, אז ער האָט גאָרנישט באמערקט, ווי אין צימער איז שוין אינגאנצן טונקל געוואָרן.

א גערויש האָט אים אויפגעוועקט.

ער האָט א קוק געטון אויפן זייגער און איז דערשראָקן געוואָרן, ס'איז געווען די זעכסטע צייט.

ער האָט אקוראט און מיט כּונה געמאכט זיין טואלעט און האָט שוין בדעה געהאט צו פארלאָזן דאָס צימער, ווען ער האָט זיך דערמאנט, אז ער האָט נישט קיין גראַשן ביי דער נשמה.

א הילפלאָזע פארלעגנהייט איז אים באפאלן.

ער האָט געצוקט מיט די אקסלען און זיך גענומען גיין.

דער געדאנק, אז ער מוז ווידער א צייט ארבעטן, האָט אים שווער געדריקט.

ער האָט שטיל געפייפט און איז געגאנגען גלייך צום האָטעל אדלאָן. ער איז געווען פעסט איבערצייגט, אז ער וועט טרעפן טרענקוויץן און זיין טאָכטער און איז באלד אריין אין שפייזע-זאל.

ער האָט זיי אָבער אין ערגעץ נישט געקענט געפינען.

— נאריש! האָט ער געערגערט געברומט און א בייזער קנייטש האָט זיך געלייגט אויף זיין שטערן איבער דער נאָז.

— צי ווייל די דאָזיקע קליינע פרוי מיך רייצן? האָט ער זיך געפרעגט און זיין פּנים האָט באקומען א פינסטערן אויסדרוק. — צי וואָס די גאנצע קאָמעדיע? איך האָב איר דאָך געזאָגט, אז איך וועל קומען צום אָוונט-ברויט — ווייל זי פון מיר פּטור ווערן — שפּילן זיך מיט מיר אין בא-העלטניש? אומזין! זי האָט זיך פארשפּעטיקט און וועט אוודאי אראָפּקומען מיט אפּאָר מינוט שפּעטער.

ער איז ווידער אריין אין זאל, דערנאָך אין וועסטיביול און אומזיסט געוואַרט...

דאן איז ער צוגעגאנגען דירעקט צום פּאָרטיער און גע-פרעגט אים, אויב קאָמעצראט טרענקווינץ האָט נישט איבער-געלאָזן עפּעס פאר אים.

— ניין, ער ווייסט גאָרנישט דערפון.

— אומבאגרייפלעך! איך האָב דאָך אָפּגערעדט מיט אים!

דער פּאָרטיער האָט געהויבן מיט די אקסלען.

— די הערשאפטן זענען געפאָרן אין דער אָפּערע. ווי אלעמאל זענען זיי איז אוונט אוועק. ער אליין האָט באזאַרגט

די בילעטן און אויף מאָרגן קארטן צום פילהאדמאָנישן קאָנצערט.

— איך ווייס, אז זיי וועלן מאָרגן זיין דאָרט, האָט רעלנאָוו גלייכגילטיק געזאָגט, בשעת אין הארצן האָט ער זיך טיף געפרייט איבער דעם, — אָבער דאָס היינטיקע מיספאר-שטענדניש איז פאר מיר אומפארשטענדלעך.

— קאָן איך אפשר אייך צונויף קומען?

— ניין, א שיינעם דאנק!

ער האָט אריינגעשטעקט די האנט אין קעשענע, כדי געבן עפעס דעם פּאָרטיער — אָבער אין זעלבן אויגנבליק האָט ער זיך דערמאָנט, אז ער האָט נישט ביי זיך קיין גראָשן.

— אָט א שאָד? איך האָב פארגעסן מיין פּאָרטפעל?

— קאָן איך אפשר ארויסהעלפן דעם הער באראָן?

— יאָ — איר קענט מיך דען?

— די פריילין טרענקוויץ האָט מיך געפרעגט וועגן אייער אדרעס. איך האָב איר ליידער נישט געקאָנט געבן קיין אויסקונפט.

רעלנאָוו האָט אויפגעלעבט טריומפירנדיק. דערנאָך האָט האָט ער געזאָגט גרייט צום קאמף: — זי האָט מיר מסתמא גע-וואלט מיטיילן, אז זי האָט אינגאנצן פארגעסן וועגן דער היינטיקער פּאָרשטעלונג בעת זי האָט זיך אָפּגערעדט מיט מיר.

— אזוי מוז עס אוודאי זיין האָט דער פּאָרטיער באשטעטיקט.

אין דעם מאָמענט איז פארבייגעגאנגען גראף דאָנאט, א באקאנטער ספּאָרטסמען און האָט העפלעך געגריסט רעלנאָוון, וועלכן ער האָט געקאָנט פון לאנג.

דער פּאָרטיער האָט דאָס פעסטגעשטעלט מיט צופרי-דנקייט.

— די הערשאפטן פּאקן זיך אין וועג, זיי פאָרן קיין

לוגאנא, האָט ער ווייטער אָנגעהויבן, ווי ער וואָלט געוואָלט פארלענגערן דעם געשפרעך.

— צי וויל דען דער קאמערצראט אזוי שנעל אָפּפאָרן? האט רעלנאָוו געפרעגט א דערשראָקענער און פארגעסן א ווײַלע זיין ראָל.

— היינט נאָכן לענטש איז עס באשלאָסן געוואָרן. איבער־מאָרגן פרי פאָרן זיי אוועק פון דאנען.

— המ, האָט רעלנאָוו אָנגעהויבן, און באלד דערנאָך צוגעגעבן: ווען איר וואָלט מיר געקענט אויסהעלפן ביז מאָרגן פרי.

דער פארטיער האָט ארויסגעצויגן א פופציק־מארק־אסיג־נאציע פון טאש.

— וועט דאָס זיין גענוג פאר אייך, הער באראָן?

— פולקאָם. זייט אזוי גוט און טוישט מיר אויס דעם באנקנאָט. — א דאנק! אלזא מאָרגן פרי.

ער האָט געהייסן זיך דערלאנגען זיינע זאכן און האָט שוין בדעה געהאט צו פארלאָזן דעם האָטעל, אָבער ער האָט זיך נאָכאמאָל צוריקגעקערט.

— וואָס פאר א פלעצער האָבן דען די הערשאפטן?

— ערשטע ראנגלאָזשע, לינקס, הער באראָן.

— מערסי.

ער האָט געגריסט און איז פארשוואונדן.

אויף דער גאס איז ער געבליבן שטיין אין מיטן מענטשן־געדראנג: עס איז דאָך אויסגעשלאָסן, אז זי זאל שוין אָפּפאָרן. אויסגעשלאָסן! האָט ער נאָכאמאָל איבערגעחזרט. דאָס קאָן נישט זיין! אָבער פארוואָס איז זי נישט געקומען?

ער האָט בשום אופן נישט געוואָלט גלויבן. זאָל זי זיין געבונדן אין פעסטע הענט? און אויב אפילו יאָ — דאָס גייט אים דאָך זייער ווייניק אָן. זי האָט געענטפערט אויף זיין בליק, ווי דאָס טוט א פרוי, וואָס רעאגירט אומבאוואוסטזיניק... זי האָט זיך פארהאלטן, ווי א דאמע, געוויס! און פון דעסט־וועגן: הינטער דער דאמעשן אנשטעל איז פארבארגן געווע־

דער פארלאנג נאָך אים — ער האָט דאָס גאנץ דייטלעך געשפּירט.

— גוט, האָט ער געזאָגט, איך וועל אויך פאָרן נאָך לוגאנא. און דער דאָזיקער באשלוס האָט אים ארייננעבראכט אין א פריילעכער שטימונג.

נאָכדעם, ווי ער האָט זיך גענוי אָריענטירט, דורך וועלכן ארויסגאנג טרענקוויץ וועט ארויסגיין, האָט ער געדולדיק געווארט, נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס ס'האָט אָנגעהויבן מיטאמאָל צו רעגנען.

די אָפּערע האָט זיך געענדיקט.

ער האָט זיך שטייף אויסגעגלייכט, און יזיין אויג האָט נאָכגעשפּירט מיט אויסערגעוויינלעכער שפּאנונג די מענטשן, וועלכע האָבן געשטראָמט פון טעאטער.

— אָהא, דאָ זענען זיי.

די פריילין האָט זיך אָנגעהאָנגען אין אָרעם פון עלטערן הער, וועלכער האָט צוגערופן א פארבייפאָרנדיקע דראָזשקע.

רעלנאָוו האָט געטון דאָס זעלבע.

— צו באָרכארדט! האָט טרענקוויץ קאָמאנדירט.

— צו באָרכארדט! האָט רעלנאָוו איבערגעחזרט.

ער האָט דורכגעלאָזן דעם פאָטער און טאָכטער און געווארט א פּאָר מינוט, איידער ער איז נאָך זיי ארייין.

אלע פּלעצער זענען געווען פארנומען און ס'איז נישט געווען קיין מעגלעכקייט, וואו אנידערצוזעצן זיך.

די טרענקוויצס האָבן פארנומען א גוט אָרט — ווייזט אויס, זיי האָבן זיך זייער אָרט נאָך פריער רעזערווירט.

איצט האָט אים לוציע באמערקט און אויפגעציטערט.

נישט איבערלייגנדיק זיך אפילו א רגע, איז ער צוגעגאנגען צו ביידע, באגריסט די פריילין, ווי אן אלטע באקאנטע און געווענדעט זיך מיט אן עלעגאנטער באוועגונג צום עלטערן הער.

— דערלויבט מיר, הער קאָמערצראט, פאָרשטעלן זיך פאר אייך,— א ווײַלע האָט ער זיך פארהאלטן, איידער ער האָט געזאָגט: — באראָן גינסדאָרף, איך האָב געהאט אין מינ-

נען דעם כבוד צו באקענען די גנעדיקע פריילײן. איבעריקנס האָב איך נאָר געוואָלט באגריסן די הערשאפטן. עס איז לייידער אוממעגלעך צו געפינען דאָ אַ פרייען פלאץ.

— ווען אייך איז אנגענעם אין אונזער געזעלשאפט...

טרענקוויץ האָט עס געזאָגט נאָר פון פאָרם וועגן און האָט געמאכט א לייכטע, איינלאַדנדיקע האנט-באוועגונג.

— איך ווייס נישט, אויב די גנעדיקע פריילײן האָט נישט דאקעגן, האָט ער געזאָגט וואקלענדיק זיך.

דערויף האָט זי גאנץ רואיק געזאָגט:

— איך בין צו גוט דערצויגן, כדי זיך אנטקעגנצושטעלן דעם פאפא.

— גוט, איך נעם אָן די איינלאדונג מיט בעסטן דאנק. ער האָט עס געטון, גלייך ווי מען וואָלט אים איינגעלאדן מיט אָפענע אָרעמס און געזעצט זיך קעגנאיבער איר.

זי איז פשוט פארשטיינערט געוואָרן פאר שרעק. זי האָט נאָך קיינמאָל נישט געזעען אזא אומפארשעמטן מענטשן.

ער האָט אָנגעהויבן, איגנאָרירנדיק צוערשט פולשטענדיק איר פערזאָן, אונטערהאלטן זיך מיטן קאָמערצראט. אָבער אין מיטן געשפרעך האָט ער פלוצלינג זיך געווענדעט צו איר מיט דער פראגע, אויב זי וועט ווידער קומען דאָס יאָר נאָך מינכען.

— ניין, זי וועט נישט קומען קיין מינכען.

— וואָס פאר א שאָד, איר זענט דאָך דעמאָלט גאנץ אנטציקט געווען פון די אויפפירונגען אין פרינץ-רעגענטטעאטער.

— פארקערט, זי איז גראָד זייער ענטוישט געווען.

—אנטשולדיקט מיר, האָט ער ערנסט געענטפערט, איר זענט איינפאך מיטגעריסן געוואָרן פון דער פאָרשטעלונג פון די „מייסטערזינגער".

זיין דרייסקייט האָט זי אנטוואָפנט. זי האָט אלס ענטפער קורץ אויפגעלאכט.

— האָט איר שוין א באשטימטן רייזע-ציל? האָט ער וויי־טער געפרעגט און זיין געזיכט האָט אָנגענומען א תּמימותדיקן אויסדרוק.

זיי האָבן נאָך נישט פעסטגעשטעלט דעם פּראָגראם, האָט זי גיך געזאָגט, ווי זי וואָלט געוואָלט אויסמיידן ווערלכע ס׳איז נארישקייט מצד איר פּאָטער, ווייל דער גוטער פּאַפּא האָט גראָד געוואָלט — — ניין, זיי האָבן נאָך ביז איצט נישט פעסטגעשטעלט קיין רייזע-פּראָגראם. ווארשיינלעך וועלן זיי אָפּ־פּאָרן אויף דער ריוויערא.

— יאָ, העכסטווארשיינלעך אויף דער ריוויערא, האָט טרענקוויץ איבערגעחזרט, אָנהויבנדיק צו פארשטיין, אין וואָס עס האנדלט זיך.

רעלנאָוו האָט אָנגעהויבן אויף אלע מעגלעכע אופנים צו רימען די ריוויערא: זי זאָל אין דער אמתן האָבן דעם איינציקן קלימאט, וואָס איז דערטרעגלעך אין דער יאָרצייט. ער האָט דאן אויפגעהויבן זיין גלאָז און געזאָגט מיט א לי־בענסווירדיקן, ווארעמען טאָן:

— אויף א גליקלעכע רייזע קיין דרום.

טרענקוויץ האָט אָנגערירט זיין גלאָז, די פריילין האָט הויכמוטיק צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

דער קעלנער האָט איבערגעגעבן טרענקוויצן א וויזיט־קארטע.

טרענקוויץ האָט א קוק געטון, און זיין געזיכט איז רויט געוואָרן פאר פארגעניגן.

נו, דאָס איז אָבער דאָך — ווייסטו, ווער איז דאָ פאראן, לוצי? לאָסען, בראנדט, דרעוויץ! איך אנטשולדיק מיך אויף איין מינוט!

— איר זעט, האָט רעלנאָוו געזאָגט, גאָט שטייט מיר ביי, זייט נישט דעריבער שטרענגער, ווי דער ליבער גאָט — און קוקט מיך נישט אָן אזוי בייז. איך בין דאָך ווירקלעך ליבלעך צו אייך. דער פּאַפּא גלויבט איצט אומבאדינגט וועגן דער מעשה-מינכען, האָט ער שעלמיש צוגעגעבן. און איבריקנס

האָט איר געזאָגט דעם ריינעם אמת: מיר קענען זיך שוין ווירקלעך זייער לאנג.

די לעצטע ווערטער האָט ער ארויסגעזאָגט גאנץ ערנסט. זי האָט אים געוואָלט עפעס ענטפערן, זי האָט זיך אָבער א ביס געטון אין צונג און האָט געשוויגן. דער פארשוין קאָן רעדן, וואָס ער וויל — פון איר וועט ער נישט ארויס־באקומען קיין איין וואָרט.

— איך ווייס, וואָס איר ווילט זאָגן, האָט ער צארט אָנגעהויבן, איר האָט אָבער א טעות. צוויי מענטשן, וואָס האָבן זיך ליב, האָבן זיך געקענט לאנג פאר זייער ערשטער באגעג־נונג.

— אויב איר ווילט אויסנוצן די אָפּוועזנהייט פון מיין פאָטער, כדי קעגן מיר — — —

— רעדט נישט, כ'בעט אייך, ווייטער. איך גיב אייך מיין ווארט, אז ס'איז נישטאָ קיין זאך, וואָס זאָל מיך אָפּ־האלטן איבערחזרן אין דער געגנווארט פון אייער פאָטער, אז מיר ליבן זיך — — יאָ, אז מיר ליבן זיך, — ווען איך וואָלט דאָס נישט געהאלטן פאר גאנץ איבריק, פאר גאנץ געשמאק־לאָז — פאר אן אומדיסקרעציע — פאר א מיאוסן מנהג. דער ענין גייט נאָר אונז ביידע אָן, אויסערדעם האָב איך גאָרנישט בדעה צו מאכן אייך קיין פאָרשלאג, האָט ער פאָרטגעזעצט אין א תמימותדיקן טאָן.

איצט האָט זי ווידער געמוזט לאכן קעגן איר ווילן.

— דאָס בארויקט מיך אין א געוויסער מאס איך האָב נאָך קיינמאָל אין מיין לעבן נישט באגעגנט אזא ציניש מענטשן.

— פארדאָן — דעם פאָרוואורף ווארף איך אנטשידן אָפּ. איך האלט פאר פיל ציני שער, ווען מען קלערט באלד וועגן חתונה האָבן, אזוי ווי מען באקומט נאָר ליב א מענטשן. איך האלט, אז דאָס איז סותר אונז ביידנס נאטור. מיר וועלן זיך זייער ליב האָבן, נישט האָבנדיק פאר די אויגן אזא ענדצוועק.

— מיר וועלן זיך קיינמאָל מער נישט ווידער זעען אין לעבן.

— גאנץ באשטימט וועלן מיר זיך יאָ זעען, מיין גנעדיקע פריילײן. גלויבט איר, אז איך שפּיל מיך אין פראזן? פאר וועמען האלט איר מיך דען?

פאר א פארברעכער. וועמען איך טרעט אָפּ דעם וועג.

— פאר דעם ערשטן טייל פון זאץ דאנק איך הכנעהדיק. א פארברעכער איז ווייניקסטנס עפּעס פּאָזיטיוועס. איך בין עס אפשר אויך אין דער ווירקלעכקייט. רעספּעקט פאר אייער שארפזין! אָבער דעם צווייטן טייל פון זאץ וועט איר נישט קענען דורכפירן. איר האָט דאָך היינט צומאָרגנס מיר נישט געוואָלט גלויבן, אז מיר וועלן היינט אָוונט צוזאמען שפּייזן.

— דאָס איז אלזאָ נישט קיין צופאל?

— באמת איז עס א צופאל. גאָט שטייט הינטער מיינע פּלייצעס.

— לאָזט בעסער גאָט צו רו.

— מ׳טאָר קיינמאָל נישט לאָזן גאָט אין א זייט, גנעדיקע פריילײן. איבעריקנס נעם איך דעם ענין זייער ערנסט: איך וועל פון היינט אָן זיין אומעטום, וואו איר וועט זיך געפינען — איך מיין דאָס נישט אין וואָרטלעכן זין — אָבער אויף דער ריוויערא וועט איר זיך ווארשיינלעך טרעפן מיט מיר.

— איר גלויבט דאָס?

— יאָ, איך גלויב דאָס באשטימט.

— זאָל אייך גאָט העלפן.

— אמן, האט ער פארענדיקט. איר זעט, אויך איר האָט דערמאָנט גאָטס נאָמען. מיר באוועגן זיך שוין אין זעלבן געדאנקען-קרייז. ליבע פריילײן לוציע, פארוואָס זענט איר זיך נישט מודה, אז איך בין אייך נישט דערווידער? יעדן אויגנבליק קאָן אייער פּאפּא צוריקקומען — און דעמאָלט וועט איר באדויערן, וואָס איר האָט נישט אויסגענוצט בעסער די צייט.

— צי ווילט איר מיך צווינגען, אז איך זאָל רופן מיין פּאָטער?

— דאָס וועט איר נישט טון, מיין גנעדיקע פריילײך אָבער שפּעטער, ווען איר וועט שוין זיין מיינע, וועל איך.

אייך דערמאנען, ווי נאריש איר זענט זיך באגאנגען דעם אָוונט, ניין, האָט ער איבערגעריסן, האָט נישט קיין זאָרג, איך וועל דאָס נישט טון. איך וועל זיין מיט אייך אזוי גליקלעך, אז איך וועל מיר נישט קאליע מאכן די שעה'ן ביז צום אָפּ־שייד.

— ווייסט איר, וואָס איך האָב געמאכט מיט אייערע בלומען? האָט זי געפרעגט אָנשטאט אים צו ענטפערן.

— נו?

— איך האָב זיי ארויסגעוואָרפן פון פענסטער!..

— אָ, נישט שיין פון אייער זייט! די בלומען האָב איך געקויפט פאר מיינע לעצטע פאָר גראָשן!

— יאָ, אָבער האָט זי געזאָגט אינגאנצן א צעטומלטע און אָנגעקוקט אים אומגלויביק — אין זיין עלעגאנטן סמאָ־קינג — —

ער האָט אונטערגעכאפּט איר בליק.

— דאָס נארט אָפּ, מיין גנעדיקע. איך פארמאָג באמת נישט קיין איין גראָשן!

— און איר שפּייזט ביי באָרכארדטן? צי האלט איר די מענטשן פאר נאראָנים?

— איך בין דאָ געקומען צוליב אייך — איך זאָג דעם ריינעם אמת.

— און ווי אזוי וועט איר באצאָלן אייער רעכנונג? אפשר קאָן איך אייך ארויסהעלפן? האָט זי צוגעגעבן מיט א שפּאָטישן שמייכל און געמאכט אן אנטשפּרעכנדיקע באוועגונג.

— כ'דאנק אייך פאר אייער גוטהארציקייט — איך האָב דאָ נישט לאנג מיר געבאָרגט 50 מארק. איבריקנס — איך בין נאָר ציטווייליק אין פארלעגנהייט — בכלל האָב איך צו מיין דיספּאָזיציע זייער גרויסע געלט־מיטלען — ווי באלד אז נישט, ווי וואָלט איך דען געקאָנט פאָרן אויף דער ריוויערא? האָט ער פארענדיקט כמעט אין א נידערגעשלאָגענעם טאָן.

— גאָט מיינער! — וואָס איז דאָס! — דאָס הארץ האָט איר אָנגעהויבן שטארק צו קלאפּן.

זי איז נישט געווען בכּוח אָפּצווענדן איר בליק פון אים.

— עפּעס קינדיש — הכנעהדיקס האָט זיך צעלייגט אויף זיין פּנים.

— ווער זענט איר? האָט זי גאַנץ שטיל געפרעגט.

— א מענטש, וואָס האָט אייך ליב.

— דאָס וויל איך נישט וויסן. זענט איר — — — א שויס-שפּילער?

— אויב איר ווילט, בין איך א שוישפּילער.

— אלזאָ, איר זענט נישט קיין שוישפּילער?

— ניין, איך בין נישט קיין שוישפּילער!

— ווער זענט איר? איך וויל עס וויסן!

— איך בין — א שפּילער!

— איר שפּילט?

זי האָט אים אָנגעקוקט א פאַרלוירענע.

— איך שפּיל מיטן לעבן — און דערביי שטעל איך עס אָפּט איין אין קאָן.

ביי די ווערטער איז דער עלטערער הער צוריקגעקומען, און רעלנאָוו האָט זיך אויפגעהויבן:

— דערלויבט, אז איך וועל מיך געזעגענען.

טרענקוויץ האָט זיך פאַרלוירן און אויפגעהויבן די אויגן אויף זיין טאָכטער: זייט מיר מוחל, אויב איך האָב מיך צו לאַנג געזוימט.

ער האָט אויסגעשטרעקט די האַנט צו רעלנאָוון, ער האָט אים אָבער נישט געבעטן לענגער צו פאַרבלייבן.

רעלנאָוו האָט זיך צערעמאָניאַל פאַרבויגן פאַר לוציע.

— אויף ווידערזען! האָט ער געזאָגט און דערביי זי אָנגעקוקט מיט א דורכדרינגנדן בליק.

— דער פאַרשוין האָט זיך אודאי אויפגעפירט נישט ווי געהעריק? דו זעסט עפּעס אויס צוטראָגן, האָט טרענקוויץ געפרעגט און זיין געזיכט, וואָס איז רויט געווען פון ווין האָט זיך באַדעקט מיט א שאָטן.

— וואָס דיר פאלט איין, פאפא.

א ווײלע שפּעטער האָט זי אים א פרעג געטון: ווי געפעלט ער דיר אייגנטלעך?

— לחלוטין נישט, האָט טרענקוויץ געענטפערט, איבריקנס, מיט וואָס פארנעמט ער זיך, וואָס איז זיין פּראָפעסיע?

א רגע איז זי געווען אין א פארלעגנהייט.

— ער איז א ספּאָרטסמאן און האלט אויס אן אייגענע פערד־שטאל, האָט זי שנעל צוגעגעבן.

— צי האָט ער דיר דאָס דערציילט?

— ניין, מען האָט עס מיר דערציילט אין מינכען, וואו מען קען אים גאנץ גוט.

יענע הערן האָבן גאָרנישט קיין אנונג פון עפּעס א באראָן גינסדאָרף.

— פארוואָס געפעלט ער דיר נישט?

— דאָס איז א בונטאָווטשיק, אן אנארכיסט — איך האָב דאָס געשפּירט אין זיין יעדן וואָרט.

— דו האָסט א גרויסן טעות, ליבער פאפא — ער איז אין דער ווירקלעכקייט דער זעלבער מענטש וואָס אלע. — ער איז א קינדעריש־תּמימותדיקער מענטש.

א קינדעריש־תּמימותדיקער מענטש! וואָס פאר א מאָדנע אויסדרוקן באנוצטו. פריער האָט מען געזאָגט „קינדיש" און מ'האָט געוואוסט, וועמען מען מיינט. איבריקנס, וואָס גייט אונז אָן דער באראָן! מיט גאָטס הילף וועלן מיר איבערמאָרגן זיין אין לוגאנאָ און וועלן אים האָבן געזעען דאָס לעצטע מאָל, האָט ער געענדיקט, אריינפאלנדיק אין א שלעכטן הומאָר.

זי האָט א ווײלע געבלאָנזשעט מיט די אויגן.

— וואָס וואָלסטו געווען געזאָגט — זי האָט א ווײלע נאָכגעטראכט און אקצענטירט יעדעס וואָרט אויף אן אייגנטימלעכן אופן, קוקנדיק כּסדר דעם אלטן אין די אויגן — ווען איך — וואָלט מיך פארליבט אין דעם דאָזיקן מענטשן?

ער האָט שטארק געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— אויסגעשלאָסן! דערפון היט דיך אָפּ א זיכערער אינ-סטינקט, דערצו האָסטו צופיל געזונט בלוט פון מיר.

— קענסטו מיך באמת אזוי גוט — ליבער פאפא?

— יאָ, מיין קינד.

— און ווען איך וואָלט מיך דאָך פארליבט?

ער איז געוואָרן בייז.

— דו ווילסט מיר דורכאויס צושטערן דעם שיינעם אוונט?

— ניין — אָבער דו מוזט מיר ענטפערן, פאפא.

— איך מוז דוקא?

— יאָ — איז זי אלץ געבליבןביים איריקן.

— אויב דו ווילסט דוקא וועל איך דיר זאָגן: דו דארפסט זיך אָפּגרענצן דערפון, מיין ליב קינד. מען קאָן נישט בויען דאָס לעבן אויף אן אומזיכערן באָדן. דאָס איז א שווע-רער און פולער וועג.

— יאָ, אָבער פון וואנען ווייסטו, אז גינסדאָרף איז א שלעכטער מענטש?

— איך האָב דאָס נישט געזאָגט. איך פיל נאָר, אז ערן איז דער טיפסטער היפך פון מיר.

זי האָט זיך הויך צעלאכט.

— אָבער ליבער פאפא, דאָס איז דאָך אָבער נישט קיין באווייז קעגן אים. דערמיט פארלייקן איך נישט לחלוטין, אז דו ביסט דער ליבסטער און בעסטער מענטש. אָבער דער צוי-בער פון א הערש איז זייער שיין, און א צארטן אינדיק קען מען אויך נישט פאראכטן. אָבער ווען דו ווילסט ליבער: שטיינבערגער-קאבינעט איז גוט, און אלטער בורגונדער שמעקט אויך נישט קשה. אויף אזא אופן קאָן מען דאָך נישט אור-טיילן וועגן א מענטשן.

— ברענג מיר נאר נישט קיין ביישפיל, ליבע לוציע, ער מעג האסן פאר טויזנט אנדערע — מעג ער אפילו זיין א דימאנט, פאר דיר פאסט ער נישט. איך וויל אים נישט קענען, און א סוף! קיין איין וואָרט נישט מער וועגן דאָזיקן

באראָן. איך בין איבערהױפּט א גענגער פון באראָנען, אויב זיי קומען נאָר מיט איינעם פון אונזערע אין באַרירונג.

— אינגאנצן מסכים, ליבער פאפא, איך האָב נאָר גע־וואָלט הערן דיין מיינונג. איבריקנס — האָסטו רעכט איבער־מאָרגן וועלן מיר זיין אין דער שווייץ, און דער באראָן גינ־סדאָרף וועט מער פאר אונז נישט עקזיסטירן און אויך קיינ־מאָל נישט האָבן עקזיסטירט. און איצט לאָמיר גיין א היים, איך בין טויט מיד!

— יאָ, מיין קינד.

טרענקוויץ האָט באצאָלט די רעכנונג און איז אָפּגעפאָרן מיט זיין טאָכטער אין האָטעל אדלאָן.

## דריטער קאפיטל

דער באַרימטער דיריגענט האָט געענדיקט דעם ערשטן טייל פון לעצטן פילהאַרמאָנישן פּראָגראַם מיט טשייקאָווסקיס קאָנצערט. דאָס איז געווען איינע פון זיינע גלענצנדסטע אויפֿפירונגען, וואָס האָט אפילו פון זיינע קעגנער געמוזט אנערקענט ווערן פאר מייסטערהאפט.

די יינגע לייט, וואָס זענען געזעסן נאָענט איינער לעבן אנדערן אין די לעצטע רייען פון זאל און פארפאָלגט יעדן טאקט אין קלאַוויר-אויסצוג, האָבן ווי א שטורעם זיך א לאָז געטון צו דער עסטראדע און געפּאטשט אין די הענט, ווי משוגעים, אָבער אויך די דאמען פון דער געזעלשאפט זענען געווען אויסער זיך. אייניקע האָבן אָפּגעריסן די בלומען פון זייערע ברוסטן און געוואָרפן אויף דער עסטראדע, אנדערע האָבן זיך איבערגעבויגן איבערן פאראפעט פון זייערע לאָזשעס און געווענדעט די אויגן צום מייסטער, אזוי ווי זיי וואָלטן געוואָלט צווינגען אים מיט דער הילף פון סוגעסטיע ענטפערן אויף זייערע בליקן.

ער האָט זיך געמוזט כסדר פארבייגן אויף אלע זייטן, אלע מינוט האָט ער זיך געמוזט ארויפגלעטן, הגם ער איז שוין געווען אין די פופציקער יאָרן, די טונקעלע האָר-לאָקן. דערנאָך האָט ער זיך שוין מער נישט באוויזן, הגם די אפּלאָדיסמענטן אין זאל האָבן נאָך לאנג נישט אויפגעהערט.

און דאן האָט מען געזען, ווי רייע פון דאמען און הערן האָבן געאיילט אין קינסטלער-צימער, כדי צו באגריסן אים, דריקן די האנט און ווינטשן גליק.

— איך וואָלט אים אויך געוואָלט באגריסן, אפשר וועסטו מיך באגלייטן, פאפא?

מיט די ווערטער האָט זיך לוציע טרענקוויץ געווענדעט צום קאמערצראט, וועלכער איז געווען א גרויסער מוזיק-ליבהאָבער און איז געזעסן מיט איר אין איינער פון די פאָדערשטע רייען פון פארקעט.

— ניין, מיין ליב קינד, איך וויל נישט נעמען אן אנטייל אין דעם געטומל. גיב אים אָבער אָפּ א גרוס פון מיר — ער איז דאָך א וואוילער מענטש, און זוים דיך נישט לאנג.

— גוט, פאפא.

זי איז באלד ארויס פון זאל.

ווען לוציע איז אריינגעקומען אין קינסטלער-צימער איז דער דיריגענט געווען ארומגערינגלט מיט א קייט פון זיינע פארערער.

זי איז אינגאנצן בארוישט געווען פון דער מוזיק, דערצו האָט זי זיך געפונען אין א נערוועזן אומזיכערן צושטאנד, פון וועלכן זי האָט זיך נישט געקאָנט אָפּגעבן קיין קלאָרן דין וחשבון.

זי האָט נישט באמערקט, ווי עמיצער גייט הינטער איר. מיטאמאָל האָט זי דערהערט איר נאָמען און לייכט אויפגעשריגן.

— איר — — איר זענט דאָ?

— יאָ, וואונדערט דאָס אייך? איבריקנס, גוטן אָוונט, מיין גנעדיקע פריילין. ווילט איר נישט געבן מיר ווייניקסטנס די האנט.

זי האָט אויסגעשטרעקט צו אים מיט א גוטווילי̇קער אנטשלאָסנקייט די רעכטע האנט.

א קורצע ווײלע האָט ער זי גאנץ צארט געהאלטן.

— איך האָב מיך געוואָלט געזעגנען מיט אייך און ווינטשן אייך א גוט וועטער.

ער האָט איבערגעהאקט אינמיטן, אזוי ווי ער וואָלט געוואַרט אויף אן ענטפער. אָבער זי האָט אים נאָר אָנגעקוקט מיט א לאנגן און פארשנדיקן בליק, ווי זי וואָלט געוואָלט לייענען אין זיין געזיכט.

— איך האָב מורא, מיר וועלן זיך ליידער נישט טרעפן אויף דער ריוויערא. — ס׳פעלט מיר דאָס נויטיקע קליינגעלט, האָט ער טרויריק צוגעגעבן.

— אפשר וועלן מיר גאָרנישט פאָרן אויף דער ריוויערא, האָט זי געענטפערט, און מיטאמאָל האָט זי באהערשט דער וואונטש זאָגן אים א פּאָר טרייסט-ווערטער.

— איר בלייבט אין בערלין?

זיין טאָן האָט זי געטראָפן — ער האָט געקלונגען אזוי יוגנטלעך, פריילעך.

— אָ ניין, מיר פאָרן — — אָבער נישט אויף דער ריוויערע. ס׳האָט איר זייער ווויי געטון געבן אים אזא ענטפער. אָבער באלד האָט זי זיך צוריקגעכאפט. ס׳איז איר איינגעפאלן, אז די דאָזיקע באגעגניש איז אייגנטלעך נישט אויפן אָרט.

— ווי ס׳ווייזט אויס, פארפאָלגט איר מיך אויף אן אמת, האָט זי געזאָגט א צערייצטע.

— זאָל מיך גאָט אָפּהיטן! האָט ער דערשראָקן געענטפערט. מיך פארפאָלגט עפּעס — אָדער ריכטיקער געזאָגט, איר נעמט מיר צו מיין רו, פארוואָס ווילט איר מיך אויף אזא אויפן צודריקן?

— איך וויל אייך צודריקן? דאָס איז שוין איבער דער מאָס!

ער האָט אראָפּגעלאָזט די אָרעמס, און זיין קערפּער האָט דאדורך באקומען א שלאפּע, הכנעהדיקע האלטונג.

— אזוי ווי איר וואָלט דאָס נישט געוועוסט; — אגב, — האָט ער פאָרטגעזעצט און דערביי געלאכט בגנבה, אפשר וועל איך באקומען א גרויסע ירושה, און דעמאָלט וועל איך שוין וויסן, צו געפינען אייך אין דרום, וואו איר וועט

אויך אלעמאָל זיין. צי קענט איר מיר אפשר געבן אייער אדרעס?

— מאנטע-קארלא — מיר וועלן דאָרט פראָבירן שפּילן, אזוי ווי איר.

זיין געזיכט האָט זיך באדעקט מיט א פארב.

ער האָט זיך שטייף פארבויגן פאר איר און זיך געוואָלט דערווייטערן.

— איך האָב אייך נישט געוואָלט באליידיקן.

— אלץ ערגער פאר מיר.

זי האָט געצוקט מיט די אקסלען. דאן האָט ער געזאָגט גאנץ רואיק:

— עס וועט אייך שפּעטער באנג טון, וואָס איר האָט מיך אזוי באהאנדלט. מען גייט נישט געבן מיר פארביי אומ-געשעדיקט.

— אזוי גאָר, איר האָט וועגן זיך א גלענצנדע מיינונג.

זי האָט ארויסגעוואָרפן די ווערטער אין א בייזן טאָן.

— איך גלויב אין זיך.

— דאָס באמערקט מען.

— און איר גלויבט אויך אין מיר און וועט מיך קיינ-מאָל נישט פארגעסן!

— איר רעדט זיך דאָס באמת איין?

— דאָס איז נישט קיין איינבילדונג, איר וועט אמאָל זאָגן צו זיך: פארוואָס האָב איך מיך געווערט אזוי נאריש קעגן מיין אייגענעם גליק? פאַרוואָס האָב איך נישט געוואָלט הערן גאָטס שטים?

— גאָט רעדט אלזאָ דורך אייך?

— יאָ, מיין פריילין! נישט איינמאָל וועט איר זיך מאכן דעם פאָרוואורף.

— איר האָט א גרויסן טעות

— ניין, איך בין מיך נישט טועה, דאָס איז די זינד פון טויט, וואָס בליט אויף, כדי דערנאָך מוטוויליק צעטרעטן צו ווערן.

ערשט איצט האָט דער דיריגענט באמערקט די פריילײַן.
— אָ, מײַן גנעדיקע! וואָס פאר א איבערראשונג, האָט ער אויסגערופן מיט פרייד און זיך דערנענטערט צו איר, בשעת אײַניקע הערן און דאמען האָבן זיך אָפּגערוקט אין א זייט.
רעלנאָוון איז די דאָזיקע באגריסונג פאָרגעקומען זייער אומאנגענעם, צו פארטרויט.
ער האָט זיך צוריקגעצויגן אין הינטערגרונט.
אינם אָרקעסטער האָבן די מוזיקער ווידער פארנומען זייערע פלעצער, און אָנגעהויבן אָנשטעלן זייערע אינסטרומענטן.
די דאָזיקע וואונדערלעכע גערוישן האָבן פון אלע זייטן ארײַנגעדרונגען צו אים. מיטן פײַנעם אויער פון א מוזיקער האָט ער אונטערשיידעט יעדן טאָן באזונדער און געהאט דערפון אן אמת פארגעניגן. ווײַל נאָר א מוזיקער האָט געקאָנט באגרײַפן, וואָס דאָס באדייט צו קומען אין אײַנשטימונג מיט זײַן פידל, זײַן וויאָלא אָדער טשעללאָ.
דער דיריגענט האָט זיך גיך געזעגנט —
— אין אָרקעסטער און אין זאל האָט מען שוין אָנגעהויבן ארויסווײַזן סמנים פון אומגעדולדיקייט.
דאָס קינסטלער־צימער איז אין איין אויגנבליק פוסט געוואָרן.
רעלנאָוו און לוציע טרענקוויץ זענען פלוצלינג געבליבן אליין.
— מיר וועלן זיך שוין מער נישט זען, האָט זי ערנסט געזאָגט. לאָמיר זיך אָבער צעגיין אָן כעס.
זי האָט אים געגעבן די האנט.
ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ.
— איך געזעגן זיך נישט מיט אײַך. איך בין נישט פעאיק צו אזעלכע סענטימענטן.
זײַן שטימע האָט הארט געקלונגען. זײַנע טיפּבלויע אויגן האָבן באקומען א שטאָלערנעם, לײַכטנדיקן, פינקלדיקן אויסדרוק.
זי האָט אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אויף איר אקסל, א ווײַלע געוואַרט, אויסגעדרייט זיך צו אים מיטן רוקן און פארלאָזט דאָס צימער

ער האָט זיך נישט גערירט פון אָרט.
ער האָט געוואַרט.
זי מוז דאָך צוריקקומען.
ס'איז אוממעגלעך, אז זי זאָל אים לאָזן אזוי שטיין!
ער האָט צוגעמאכט די אויגן און אָנגעשטרענגט צו־געהערט.

אין קאָרידאָר און אין זאל איז גאנץ שטיל געוואָרן. מען האָט געשפּילט בעטהאָווענס פינפטע סימפאָניע.

א ווײַלע האָט ער פארגעסן וועגן אלעם. נאָר די מוזיק האָט ער אין זיך אײַנגעזויגן. ער האָט געפילט, ווי זי איז אריינגעדרונגען אין די שפּארעס פון זיין לייב און אים פול־שטענדיק באהערשט.

פון די ברויזנדיקע קלאנגען האָט פּלוצלינג ארויסגע־שאלט איר שטימע. ער האָט זי געוואָלט אויסטיילן און אויפ־כאפּן און האָט נישט געקאָנט.

די שטימע האָט אים אָנגעטון פיל יסורים.
ער האָט אראָפּגעלאָזט די האנט.

— שווייג! האָט ער גאנץ הויך אויסגערופן און זיך דערשראָקן, ווייל ער האָט באמערקט, אז ער איז אליין אין צימער.

ער האָט זיך אומגעקוקט א פארוואונדעטער. — צי האָט ער זיך געפינען אין א בין־השמשותדיקן צושטאנד — איז דען דאָס צימער נישט פול געווען מיט מענטשן?

— ניין ער איז באמת געווען אליין.
אָבער וואו געפינט ער זיך דען?

אהא, דאָ איז געהאָנגען דער פעלץ פון דיריגענט...
ער איז צוגעגאנגען צום קליידערשטענדער און האָט בא־טאפּט דעם פעלץ, אזוי ווי ער וואָלט זיך געוואָלט איבער־צייגן, אויב דאָס איז נישט קיין האלוצינאציע פון די חושים.

און נישט אָפּגעבנדיק זיך קיין דין וחשבון, וואָס ער טוט, האָט ער אָנגעהויבן זוכן אין אלע קעשענעס — און מיט־אמאָל האָט ער געהאלטן אין האנט א שווערן פּאָרטפעל, וועלכן

ער האָט געעפנט גאנץ מעכאניש. ער איז געווען פול אָנגע-שטאָפּט מיט באנקנאָבן.

ער האָט דערפילט, ווי א ציטער איז אדורך זיין קערפּער. אומזין... נארישקייט... האָט ער געמורמלט און שטיל זיך צעלאכט.

ער האָט געוואויגן דעם פּאָרטפעל אין זיינע הענט, אזוי ווי ער וואָלט געוואָלט פעסטשטעלן זיין געוויכט.

וויפיל געלט קאָן דאָ זיין — האָט ער געטראכט, און דערפילט, אז זיין אומרואיקייט איז פלוצלינג פארשוואונדן געוואָרן.

מסתמא איז דאָס האָנאָראר פאר צען קאָנצערטן — און היינט ביינאכט וועט ער עס פארשפילן.

ער האָט אָנגעהויבן פּאמעלעך צו ציילן.

ווי לייכטזיניק איז דער מענטש! ווי נישט פּאָרזיכטיק! האָט ער ווייטער קאלקולירט. לאָזט איבער דעם פּאָרטפעל אזוי, נישט מיר נישט דיר אין פעלץ און וואונדערט זיך נאָך צום סוף, ווען מען גנבעט אים צו דאָס געלט.

ס'איז געווען עלפטויזנט זיבנהונדערט מארק — זעקס באנקנאָטן צו טויזנט מארק, די איבריקע הונדערט מארק-באנקנאָטן.

ער האָט מיטאמאָל אריינגעלייגט אין טאש דאָס געלט און צוריקגעלייגט דעם פּאָרטפעל אין פעלץ, נישט שפּירנדיק צומאָל די מינדעסטע אויפרעגונג.

מאָדנע, האָט ער געטראכט: איצט בין איך א גנב און ס'ארט מיך גאָרנישט — אין די אויגן פון אלע אָנשטענ-דיקע מענטשן א פארברעכער — און אין מיינע אויגן האָב איך נישט פארלוירן דעם כבוד צו זיך.

איך וועל ווארטן פינף מינוט, אפשר וועט עמעץ קומען אין צימער און מיך פארהאלטן. ער האָט ארויסגענומען דעם זייגער פון דער קעשענע און געקוקט אזוי לאנג אויפן ציפערבלאט, ביז די פינף מינוט זענען פארביי.

נו, ס'איז געשען.

א קויל אין קאָפּ, אויב ער וועט נישט באַקומען צוריק דאָס געלט. אויגנבליק איז עס מיר גויטיקער, ווי אים, פונקט!

ער האָט נאָכאַמאָל באַטראַכט דעם פּעלץ, ווי ער וואָלט געוואָלט איינקריצן אין מוח דאָס אויסזען פון קלייד.

ווי טייער איז דער דאָזיקער פּעלץ — ווי גוט איז דעם דאָזיקן מענטשן!

אינמיטן פון זיין געדאַנקען-גאַנג איז אים איינגעפאַלן, אַז אפשר האָט דער דיריגענט נישט גענומען צו זיך דעם פּאָרטפעל מיט א ספּעציעלן געדאַנק, כדי צו פאַרשאַפן אויף אַזא אופן א גרויסן דינסט איינעם, וועלכער האָט געזוכט גליק.

ער האָט זיך אַזש צעלאַכט איבערן איינפאַל.

איצט איז די העכסטע צייט, האָט ער געטראַכט און איז שוין געשטאַנען אין דער טיר. צוריקגעלייגט א הונדערט מאַרק-באַנקנאָט אין טאַש פון דיריגענטס-פּעלץ. אויף קיין שום פאַל האָט זיין בעל טובה געדאַרפט זיין די נאַכט אין א פאַרלעגנהייט.

אַזוי, ער פאַרמאָגט אַלזא עלפטויזנט-זעקס-הונדערט מאַרק. ער מוז איבערלאָזן א קוויטונג.

ער האָט אַרויסגעריסן א בלאַט פון זיין נאָטיץ-בוך און אָנגעשריבן מיט גריכישע אותיות: „בעסטן דאַנק פאַר די עלפטויזנט-זעקס-הונדערט מאַרק לאָזט איבער דער אָפּנעמער”.

ביי די ווערטער האָט ער מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ און אין אַן אויסגעצייכנטן הומאָר פאַרלאָזן דאָס קינסטלער-צימער און איז אַוועק אין גאַרדעראָבע, כדי אָפּנעמען זיינע זאַכן.

ער האָט זיך איבערגעלייגט, צי זאָל ער היינט אָוונט פאַרברענגען און דער געזעלשאַפט פון די טרענקוויקס.

ניין, דאָס האָט נישט קיין זין, זי מוז האָבן צייט: כדי זיך דאָס אַלץ צו איבערלייגן. דאָס ווייטערדיקע וועט שוין אַליין פון זיך געשעען.

המ, — צי האָט זי דען נישט געזאָגט צו אים: איך האַלט אייך פאַר א פאַרברעכער!

ווי זאָגט פאַלסטאַף ביי שעקספּירן; — אינסטינקט — דאָס איז אַ פיינע זאַך.

איז ער באמת געווען אַ פאַרברעכער?

ער האָט זיך געפילט אַזוי לייכט, אַזוי גוט אויף דער נשמה, ווי אַ שוליינגל, וואָס האָט געגנבעט פרישע ניס.

וואו איז געלעגן דער אונטערשייד? ער האָט אָנגעהויבן צו פייפן און איז אוועק צו יאָסטי, האָט געהייסן זיך געבן אַ גלאָז טיי און ברויט מיט שינקע. ער האָט נאָך באוויזן אדורכקוקן דאָס אָוונט-בלאַט, און אויסגעטוישט דעם ערשטן הונדערט-מאַרק-באַנקנאָט. דערנאָך איז ער אין אַ געהויבענער שטימונג אַ היים געגאַנגען, האָבנדיק כסדר פאַר די אויגן דאָס בילד פון דער פריילין.

כמעט אין דער זעלבער צייט האָט זיך געענדיקט דער פילהאַרמאָנישער קאָנצערט. טרענקוויץ האָט אין אַ שלעכטן הומאָר געהאָלפן זיין טאָכטער ארויפציען דעם עלעגאַנטן פעלץ-מאַנטל.

שטום זענען זיי געגאַנגען דורך דעם געדראַנג פון מענטשן.

זי האָט אומאויפהערלעך געטראַכט וועגן איינס: צי וועט זי גינסדאָרפן ווידער באגעגנען אויף איר וועג.

ביי יעדן הויכן וואָרט, וואָס איז צו איר דערגאַנגען פון הינטן פלעגט זי אינגאַנצן אויפציטערן.

איינינקע מאָל האָט זי זיך אומגעקוקט מיט שרעק.

ענדלעך האָט דער קאָמערצראַט איבערגעריסן די שטילקייט.

— עס האָט מיך זייער פאַרדראָסן, וואָס דו האָסט מיך געלאָזט אַזוי לאַנג וואַרטן אויף דיר — דאָס האָט דאָך גע-דויערט אַן אייביקייט. נאַר דו ביזט פעאיק אויף עפּעס ענדלכעס.

— דו ביזט אינגאַנצן גערעכט, פּאַפּאַ. איך בין מיט דיר פולשטענדיק. אָבער בייזער דיך נישט מער אויף מיר, מיר איז אויך נישט גוט.

— פעלט דיר עפּעס?

ער האָט זי אָנגעקוקט מיט זאָרג.

— מיר וועלן וואָס גיכער גיין אהיים און לייגן זיך אין בעט, מיר מוזן מאָרגן אויפשטיין גאנץ פרי.

ניין, זי וויל אומבאדינגט נאָך עפּעס עסן — זי איז צו נערוועאיש געשטימט, כּדי באלד שלאָפן צו גיין.

— גוט, מיר וועלן הייסן זיך ברענגען עפּעס עסן אין צימער.

זי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— נישט אין האָטעל, איך וואָלט געוואָלט נאָך איינמאָל פארברענגען ביי באָכארדטן.

— ווי דו ווילסט, ער האָט לייכט געגלעט איר אָרעם.

אלע זיינע געפילן, זיין גאנץ לעבן איז געווען געווענדעט צו איר, וועלכע ער אליין האָט דערצויגן. זי איז קוים צוויי יאָר אלט געווען, ווען איר מוטער איז געשטאָרבן. פון קליינוויז אָן האָט זי אים געפּלעגט צו טיראניזירן, און ער, וועלכער האָט ביי זיינע געשעפטס-פריינד און אונטערגעגעבענע געשמט פאר אן ענערגישן און אפילו הארטנעקיגן מענטשן, האָט געלאָזט טון מיט זיך, וואָס איר האָט זיך נאָר פארגלוסט. איבעריקנס האָט זי עס געטון אויף א רייצנדן אופן. ער איז באמת געווען פארליבט אין איר.

ביי בארכארדט האָט זי זיך צומאָל נישט צוגערירט צום עסן, איר אומגעדולד האָט זיך געשטארקט פון רגע צו רגע. זי האָט געטופּעט אומאויפהערלעך מיטן רעכטן פוס, און יעדעס מאָל, ווען א נייער גאסט איז אריינגעקומען אין זאל, איז זי אויפגעשפּרונגען און אירע אויגן האָבן אומרואיק געפלאקערט.

וואָס האָט זי אייגנטלעך געוואָלט?

פארוואָס האָט זי אים אזוי שלעכט באהאנדלט?

צי האָט זי אויף אים דאָ געווארט?

מיט וואָס פאר א רעכט, נאָכדעם ווי זי האָט אים אָפּגעשטויסן פון זיך מיט אזא אנטשלאָסנקייט?

ער האָט אינגאנצן נישט באדארפט קומען, אויב ער האָט נאָך געהאט אין זיך א פונק ערן-געפיל

ער האָט געדארפט קומען, האָט זי צוגעגעבן קאטעגאָריש, אויב ער האָט זי באמת ליב געהאט.

ער האָט געדארפט וויסן, אז ער וועט זי היינט אָוונט טרעפן ביי באָרכארדטן.

— ער האָט אָבער נישט געהאט קיין אינסטינקט און זיך דערויף נישט פארשטאנען.

זי האָט זיך געמוזט פונאנדערלאכן.

ווען ער זאָל איצט ארייננקומען, וואָלט זי אים מיט גרויס צערטלעכקייט... ניין, דאָס וואָלט זי נישט געטון — און דאָס וואָלט ער געדארפט שפירן, אז זי איז אים א סך נענטער, ווי זי האָט זיך פאָרגעשטעלט.

— דו ביסט, ווייזט אויס, באמת נישט אינגאנצן געזונט, אפשר וואָלט בעסער געווען, ווען מיר וואָלטן נאָך אלעמען געפאָרן אהיים?

— איך מיין אויך דאָס זעלבע, האָט זי שנעל געענט-פערט און אויפגעהויבן זיך פון אָרט.

א שוואכע האָפנונג האָט אויפגעוואכט אין איר. אפשר איז ער געווען אין האטעל אדלאן.

אונטערוועגס האָט זי זיך פעסט אָנגעשפארט אויפן פאָטערס אָרעם. ווען זיי זענען געקומען אין האָטעל, האָט זי אים געזוכט מיט אירע שארפע אויגן, נישט קאָנענדיק אין ערגעץ אנטדעקן...

— אנטשולדיק מיר, ליבער פאפא, אויף איין מינוט, איך קום שוין צוריק.

זי איז צוגעגאנגען צום פארטיער.

— צי האָט באראן גינסדאָרף איבערגעלאָזט עפעס פאר אונז?

— ניין, גנעדיקע פריילין, דער הער באראן איז ביז איצט נאָך נישט געווען.

— איר ווייסט דאָס אויף זיכער?

— גאנץ באשטימט, ווייל איך ווארט אויך אויף אים.

— איר ווארט אויף אים, האַט זי גלייכגילטיק געפרעגט

שומאכער האָט ווייטער גערעדט: — אייער פאָטער איז אַן איסערגעוויינלעך-וואונדערלעכער מענטש. פּאטאלאגיש פון קאָפּ ביז צו די פיס — אָבער אלס פאָרשער שטייט ער היינט צו טאָג אין די פאָדערשטע רייען.

— ער איז אן ארבעטס-חיה, אַן עקלעקטיקער — ער נעמט אויף קאָמפּלעקסן, וועלכע ער האָט אונטער דער האנט און בינדט זיי צונויף מיט פרעמדער דערקענטניש. מענטשן, ווי ער זענען בכּוח זיך פולשטענדיק צו ספּעציאליזירן, ווייל עס פעלט זיי דער בליק פאר דער גאנצקייט פון דער זאך. טיילמאָל טרעפט זיך, אז זיי האָבן אַ קליינעם איינפאל, וועל־כער איז אין דערווירקלעכקייט שטארק איבערגעשאצט — און אין גרונט גענומען געהער ער אָפּטמאָל נישט צו זיי. וייער ערפינדונג איז אַ נויטווענדיקע פאָרטזעצונג אין דער אנטוויקלונגס-רייע און וואָלט מיטן זעלבן דערפאָלג געקאָנט נעמאכט ווערן איקס אָדער איפּסילאָן, וואָס ארבעטן אין דער זעלבער ריכטונג. דאָס זענען ענינים פון הינטערחלק, מיין נעערטער מעדיצינאלראט — זיי האָבן גאָרנישט צו טון מיט גאונות.

שומאכער האָט זיך צוגעהערט פארחידושט.

— איר האָט אַ מערקווירדיקע שארפקייט פון אורטייל! זענט איר נאטורוויסנשאפט-פאָרשער? צי קענט איר די ווערק פון אייער פאָטער?

— איך האָב נישט ארויסגעגעבן קיין פאך-מיינונג. איך האָב נאָר אָנגעצייכנט די פערזענלעכקייט פונם מענטשן. איך געטרוי נאָר מיין אינסטינקט, אָדער ווען איר ווילט ליבער: מיין ריטמישן געפיל, וואָס וועט תמיד מאכן אַן אונטערשייד צווישן קנעכט און קעניג. עס איז דאָ אַ באשטימטע ארט פון הילוך — און האלטן דעם קאָפּ! און ווייטער האלט איך: מען קאָן ארויסלעזן ביי איטלעכן מענטשן פון געזיכט, וואָס פאר אַ גייסט עס לעבט אין אים — גאָט האָט אונז שווער געמאכט אַ פארלייקענען זיך. זייט אזוי גוט און באטראכט גוט די גע־מיינע געזיכטס-ליניעס פון מיין פאָטער!

— איך באוואונדער אייער אביעקטיוויטעט!

— מיך בינדן נישט קיין שום פערזענלעכע באציאונגען מיט דעם דאָזיקן מענטשן.

— קאָן איך פרעגן, וואָס איז אייער פראָפעסיע?

— די פראָפעסיע פון דער אבסאָלוטער פוילקייט, וועלכע איז שטענדיק אין באוועגונג.

— שומאכער האָט געהויבן מיט די אקסלען.

— דאָס איז פאר מיר צו ווינציק.

— אָך, דאָס איז גאָרנישט קיין וויץ — איך בין באמת גאָרנישט, איך טו גאָרנישט,—און פונדעסטוועגן בין איך שטענדיק אין באוועגונג. מער וויל איך וועגן זיך נישט רעדן — איינס איז אָבער זיכער, אז איך בין אַ גאנץ געוויינלעכער מענטש.

— הערט מיך נאָר אויס, האָט שומאכער געזאָגט און האָט געגעבן דעם געשפרעך אן אנדערע ווענדונג,—דעם פראָקוראָר פלעק, וועלכער איז געוויס נישט קיין וויכטיקע פערזענלעכקייט, האָט איר אביסל צו שארף אָנגעגריפן. דער מענטש האָט געהאט א שווער לעבן. זיין פרוי און קינד זענען אומגעקומען בעת אַ שרפה. אזוי ווי מען האָט מורא געהאט פאר זיין גייסטיקן צושטאנד, האָט מען אים געגעבן אורלויב.

— די דאָזיקע שרעק האָט אַ גרונט. דאָ האָט איר אַ ביישפיל, וואָס אילוסטרירט מיך בולט. איך פאַל אַריין אין אַ באוועגונג, דעמאָלט ווען עס לוינט זיך גאָרנישט. מיטן אָרעמען פראָקוראָר לוינט זיך אודאי נישט צוליב דעם אָנהויבן א סכסוך. עס נעמט נאָר אָן א רחמנות, ווען מען באגעגנט אזא טיפ. מען מוז זאָגן, אז אונזערע ריכטער צייכענען זיך אויס מיט אזא אָפּגעשטאנענקייט פון דענקען, און פלוידערן אָפּט אזעלכע נארישקייטן, פון וועלכע עס כאפט אזש אָן א נישט-גוטקייט.

— מען דארף אויף זיי נישט לייגן קיין אכט.

— געוויס נישט! די זאך הייבט ערשט אָן געפערלעך צו ווערן, ווען מען פאלט אריין אין זייערע נעגל!

— ווי אזוי?

— גאנץ פשוט, אזא פארשוין איז אויף אזוי ווייט פרי. מיטיוו, אז פאר אים איז גאָר אוממעגלעך צו באגרייפן א מענטשן, וואָס איז באגאנגען דעם מינדעסטן פארברעכן. אינם גייסטיקן לעקסיקאָן פון אזא מענטשן זענען דאָך אינגאנצן פאראן א פּאָר עלנטע גרונטוואָקאלן. איידער מען באווייזט זיך אומצוקוקן, האָט מען שוין דעם עטיקעט: מינדערווערטיק.

— רעכנט איר זיך דען מיטן פּראָקוראָר?

— קיינער האָט נישט קיין אנונג, וואָס די צוקונפט וועט אים ברענגען. אן אונזעריקער טראָגט אין זיך אלע מעג־לעכקייטן.

— צי ווייסט איר, הער באראָן, אז איר האָט מיך אין דעם אויגנבליק צום ערשטן מאָל דורך א געוויסע אידעען־אסאציאציע דערמאָנט אָן אייער פּאָטער?

ער האָט באלד חרטה געקריגן אויף זיינע רייד.

רעלנאָווס געזיכט האָט זיך ביי זיינע ווערטער פארצוי־גן מיט א וואָלקן. אָבער באלד האָט זיך עס ווידער אויסגע־לייטערט.

— מיין פּאָטער, האָט ער געזאָגט מכלומרשט אָן א צו־זאמענהאנג, וואָלט קיינמאָל נישט אימשטאנד געוועזן אויספירן א גרויס פארברעכן; דערצו איז ער א צו גרויסער פחדן. עס קלעקט אים נאָר אויף קליינע געמיינהייטן.

— אוף! האָט דער מעדיצינאלראט א זיפץ געטון און זיך הויך צעלאכט.

— איבריקנס—אמתע פארברעכנס פאסירן היינט גאנץ זעלטן; די מייסטן ווערן—ווי די מעדיצין באצייכנט עס גלעני־צענד—אויסגעפירט אין א באוואוסטזיניקן צושטאנד. דאָס בלוט שטייגט צום הארצן — דער מוח ווערט פארנעפּלט — און די האנט טוט דאָס, וואָס ס'וויל נישט דער שכל, וועלכער איז אין דעם אויגנבליק צו שוואך אנטקעגנצושטעלן זיך.

—גאנץ ריכטיק, האָט דער מעדיצינאלראט געענטפערט.

דאָס ווערט דעריבער אָנגערופן אין אונזער טערמינאָלאָגיע: שו'אכזיניק.

—רעלנאָוו האָט צוזאמענגעשלאָסן די אויגן.

— אָבער אונטערן וואָרט „שוואכזיניק", האָט ער זיך אָנגערופן איז אָפטמאָל פארבאָרגן א זין, וועלכן דער עקספערט איז בשום אופן נישט בכוח צו דערגיין. דעריבער איז דער עקספערט אין די מיינסטן פאלן נאָר א שלעכטע בריק, איבער וועלכער עס לאָזן זיך די ריכטער און פראָקוראָרן, נישט האָבנדיק קיין אנדער ברירה. איך וואָלט געגאנגען אין א געוועט מיט צען, אז אויב איר וואָלט געשטעלט א טוץ עקספערטן איינעם נעבן דעם אנדערן, וואָלט איינער אלעמאָל סותר געוועזן דעם אנדערן.

שומאכער האָט ארויסגעצויגן פון בוזעמטאש אן עפל.

— דאָ, האָט ער געזאָגט, איז די באלוינונג פאר אייער גלענצנדן פאָרטראג. מיין שארבן איז שוין אביסל אויסגענוצט כדי אלץ מיטאמאָל צו באגרייפן — אָבער איך וועל מיר דאָס אלץ גוט דורכטראכטן. — אגב, דער עפל איז פון ברוינשטיין, אן אויסגעצייכנט געוויקס. אזא עפל איז א תענוג פארז געזונט.

— רעלנאָוו האָט גענומען דעם עפל.

— איך בין זייער שטאָלץ דערויף — און נאָך היינט ביינאכט וועל איך אים פארצערן מיט גרויס כונה.

— פריילין פאן ליצינג האָט זיך צו אים דערנענטערט. און מיט א חוצפהדיקן, גראָבן טאָן האָט זי זיך געווענדעט צו אים:

— דאָ — שרייבט אָן אויף דעם שטיקל פאפיר א פאָר ווערטער! מיר ווילן וויסן, ווער איר זענט!

— מיטן גרעסטן פארגעניגן, האָט רעלנאָוו געענטפערט און האָט גענומען פאפיר און בליישטיפט פון איר האנט. — קענט איר מיר אָבער נישט זאָגן צוערשט, מיין גנעדיקע פריילין, צי שטאמט איר נישט אמאָל פון באָטאָקודן-לאנד?

— פרוי פאן אָסטן איז א פארלוירענע צוגעלאָפן און האָט

אים צוגעוואָרפן אַ בעטנדיקן בליק.

רעלנאָוו האָט פארשטאנען, ער האָט אָנגעשריבן אויפן פאפיר: נישטיק זענען די פחדנים.

די יונגע דאמע האָט זיך נאריש צעלאכט און איבער־געגעבן דעם צעטל דער פריילין פאן ווייכמאן.

לוציע טרענקוויץ איז געשטאנען הארט נעבן איר און איבערגעלייענט די ווערטער. אירע באקן האָבן זיך באדעקט מיט רויטע פלעקן. עס האָט זיך איר געדאכט, אזוי ווי זי וואָלט באקומען א פּאָר הילכיקע פּעטש.

— נו? האָט רעלנאָוו געפרעגט. — וואָס לייענט איר ארויס פון מיין האנטשריפט?

פריילין פאן ווייכמאן האָט אויפמערקזאם און ערנסט באטראכט יעדן שטריך.

אלע האָבן געקוקט אויף איר פול מיט דערווארטונג.

— איר ווילט הערן דעם אמת.

— אומבאדינגט!

— אלע ־ אייער כאראקטער: פרעך און פאלש!

אלזאָ אנוועזנדע האָבן אויסגעבראָכן פלוצלינג אין א היל־כיקן געלעכטער.

רעלנאָוו האָט אָבער מיט דער גרעסטער רואיקייט גע־ענטפערט: — אויף . אזא אופן האָט איר ארויסגעלייענט דעם כאראקטער פון העגעל. ווייל דאָס איז די האנטשריפט פון העגעל. איבריקנס, אפשר שטימט עס אין דער אמתן! שאָפּענ־הויער אויף אייער אָרט, וואָלט אדורכגעלאָזן דאָס וואָרט „פרעך".

— יאָ, אָבער וואָס זאָל דאָס באדייטן? האָט גראף לוגוויץ געפרעגט העכסט פאראינטערעסירט, בשעת פריילין פאן ווייכמאן האָט אויסגעזען, ווי אן אָפּגעשלאָגענע הושענא.

— גאנץ פשוט, האָט רעלנאָוו געענטפערט. איך האָב מיך באשעפטיקט מיט דעם ענין אייניקע וואָכן. איך האָב דעמאָלט געהאט א שרעקלעכן קאטאר, וועלכער האָט מיר געשטערט אין יעדער גייסטיקער ארבעט, אין דער זעלבער צייט האָב איך

שטודירט די האנטשריפטן פון בארימטע מענער און זיי אריבער־גענומען. פון דעמאָלט אָן באנוץ איך מיך מיט זיי אין טאָג־טעגלעכן לעבן אָפּהענגיק פון מיין שטימונג און באדערפניש. היינט העגעל, מאָרגן נאָוואליס און איבערמאָרגן שאָפּען. צוליב רעספעקט לאָז איך די גאנץ גרויסע גאונים אין א זייט.

— און אייער אייגענע האנטשריפט? האָט גענעראל פאן ווייכמאן אויסגערופן.

— איך ווייז זי נישט קיינעם, האָט רעלנאָוו קורץ געענטפערט.

— „עפּעס זייער מערקווירדיק" – די דאָזיקע באמערקונג האָט צוגעוואָרפן טרענקוויץ און זי האָט געקלינגען אביסל איראָניש.

— גאנץ פשוט, הער קאמערצראט, האָט רעלנאָוו גע־ענטפערט. – צי דערלויבט איר אַ פרעמדן מענטשן אריינקוקן אין אייערע געשעפטביכער? נו, מיט דעם זעלבן רעכט קאָן איך נישט דערלאָזן, אז יעדער בעסטער מענטש זאָל אויפדעקן דעם תוך פון מיין נשמה.

ער האָט פקחותדיק געלאכט און ווייטער גערעדט:

— אין איין זאך האָט די גנעדיקע פריילין פאן ווייכ־מאן פולשטענדיק רעכט: די האנטשריפט איז א שטיק פון אונ־זער תוך — און העכסט פארדעטעריש. אויב מיר שפּילן שוין יאָ אקאָמעדיע, דארפן מיר שטרעבן, ווי ווייט מעגלעך זי אנ־שטענדיק צו שפּילן. שלעכטע שוישפּילער זענען מיר פונקט אזוי דערווידער, ווי פחדנים. — אנטשולדיקט מיר — איך בין מיטאמאָל זייער מיד געוואָרן — האָט ער פלוצלינג איבער־געריסן. איך ווינש די הערשאפטן א גוטע נאכט.

און נישט ארויסרעדנדיק מער קיין וואָרט, האָט ער זיך דערווייטערט.

— נו, וואָס זאָגט איר צו דעם, — האָט דער גענעראל פאָן ווייכמאן געקרעכצט, — דאָס איז, — אויב איך זאָל מיך מילד אויסדריקן — א גאנץ אומדיסציפּלינירטער בחור.

— מיר קומט ער פאָר זייער אינטערעסאנט, האָט לוג־

זיך געענטפערט, און דו, מיין שווארצאפל, ווי מיינסטו? האָט ער זיך געווענדעט צו זיין דיקער פרוי.

די גרעפין, וועלכע איז נאָך פון קינדווייז געווען נישט קיין דרייסטע און שטענדיק זיך זשענירט, ווייל זי האָט אי־בערגעוואָקסן די מייסטן מענטשן מיט איר פיגור, איז אביסל באאומרואיקט געוואָרן פון דער אומדערווארטעטער פראגע.

— וואָס ווילסטו פון מיר האָבן! האָט זי בייז געענט־פערט. איך ווייס נאָר, אז דער פירשט האָט מיר מיט א שעה צוריק באמת טרויריק דערקלערט, אז באראן גינסדאָרף האָט נישט קיין גאָט אין הארצן. פון אזעלכע מענטשן האלט איך מיך פון דערווייטנס.

— פארוואָס באשעפטיקן מיר זיך אייגנטלעך אזוי פיל מיטן דאָזיקן הער? האָט ליצינג געפרעגט.

— ווייל פון אים שפרודלט מיט א מעכטיקער קראפט, וועלכע פארכאפט אונז דעם אָטעם, מיין געערטער הער פאָן ליצינג, — האָט שומאכער זיך אָנגערופן. איבריקנס, האָב איך געקענט זיין מוטער און קען אויך זיין פאָטער.

דערציילט — דערציילט...

דער מעדיצינאל־ראט האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— ניין, מיינע הערשאפטן, איך וואָלט נישט געוואָלט אויסזאָגן קיין פרעמדע סודות. דאָס איז אן אויסטערליש קאַ־פיטל. איך וועל אייך זאָגן נאָר אויף אזוי פיל: איך באגרייף עפּעס אזוינס, וואָס איז פאר אייך נישט פארשטענדלעך. אָבער איך מיין, אז מיר דארפן נאָכטון זיין ביישפיל — ער האָט דאָך געטון דאָס קלוגסטע, וואָס מען דארף טון אין אזא שפּעטער שעה — ער איז נעמלעך אוועק שלאפן.

אלע האָבן זיך אויפגעהויבן פון די ערטער.

בשעת לוציע טרענקוויץ האָט געווינשן דעם מעדיצינאל־ראט א גוטע נאכט, האָט זי אים געפרעגט שטילערהייט, קיינער זאָל נישט הערן: — צי וואָלט איך געקאָנט רעדן מיט אייך מאָרגן א פּאָר מינוט?

— צו יעדער צייט, מיין גנעדיקע פריילין.

## זי האָט אים שטיל געדריקט די האנט.

רעלנאָוו האָט אין זיין צימער געעפנט די באלקאן-טיר און ארויסגעקוקט אין דער קלאָרער, פון דער לבנה באלויכטענער פרילינגס-נאכט.

די לבנה-שיין האָט זיך געלייגט אויף די ביימער און פלאנצן פון פארק, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן אין דער פאָרם פון א טעראסע. די לבנה האָט דורכגעלויכטן די אזערע, באזילבערט די בערג און געשאפן איבער אלץ א ווילדן צויבער, וואָס האָט איינגעשפינט רעלנאָווס נשמה. ער האָט זיך אים אינגאנצן אָפגעגעבן און אויף א רגע פארגעסן די ארומיקע וועלט און אלץ, וואָס ער האָט איבערגעלעבט אין איר.

פלוצלינג האָט ער הארט ביים באלקאן דערזען דעם שאָטן פון א מענטשן, וועלכער האָט מיט א רגע פריער ארומגעשפאצירט אהין און אהער און דערנאָך געבליבן שטיין און צו זיין טיפן שרעק האָט ער דערזען א מענטש, וועלכע איז אינגאנצן ענלעך געווען צו אים.

— ווער איז דאָ אונטן? האָט ער אריינגעשריגן אין דער נאכט, נישט באקומענדיק קיין ענטפער.

איך בין עס אליין, האָט ער געקלערט ביי זיך און שארף אָנגעקוקט זיין צלם.

— זענט איר רעלנאָוו — אָדער הער פאָן גינסדאָרף? קען איך פרעגן אייער נאָמען!

קיין שום ענטפער האָט צו אים נישט דערגרייכט.

ער האָט געטראכט: אויב אין מענטשנס ברוסט וואוינען גאנץ פארשיידענע נשמות, פארוואָס זאָל זיך דעמאָלט די לייבלעכע פאָרם נישט אָפטיילן פון אזא מענטשן און ערגעץ-וואו אויפשוואומען אין א קוים פארענדערטן צלם אפפילד?

צי איז דען אויסגעשלאָסן, אז דער מענטש זאָל פירן אייניקע קערפערלעכע לעבנס?

פארוואָס קען מען דען נישט לעבן אין דער זעלבער צייט אין יאָקאָהאמא און אין מינכען — אויף מאדאגאסקאר

און אין פאריז, אין בערלין אָדער אין לאָנדאָן?!

בלי ספק וואנדערט מען אין דער זעלבער שעה אין פארשיידענע קערפערס — דורך אלע טיילן פון דער וועלט — מען גיט זיך נאָר נישט אָפּ דערפון קיין רעכנונג.

וואָס ווייסט דאָ דער מענטש בכלל וועגן זיך?!

ווער איז ער דען געווען אין דער ווירקלעכקייט?

צוליב וועלכער סיבה האָט ער זיך גערופן גינסדאָרף און געשפּילט די ראָל פון א באַראָן?

ער האָט נישט געהאט דערצו דעם מינדעסטן גרונט!

אפשר וואָלט איר ארויפגעקומען צו מיר אויף א פלאש וויין? דאָס וואָלט געווען זייער אינטערעסאנט. איך וואָלט אייך איבער אייך — און איר איבער מיר געגעבן אייניקע נענטערע אינפאָרמאציעס!

איר ווילט נישט?

אויך גוט. איך מוז מיך דעריבער באגנוגענען מיט מיין אייגענעם טייל.

א שוידער האָט אים דורכגענומען און מיט א האסטיקער באוועגונג איז ער אריין צוריק אין צימער און הילכיק צוגע־קלאפּט הינטער זיך די באלקאָן־טיר.

די שויבן האָבן אזש געקלונגען.

וואָס איז מיט אים אזוינס געשען, וואָס זיינע חושים האָבן אים געקענט אויפשפּילן אזא כשוף־שפּיל?

איז דאָס געווען א געשפּענסט?

צי איז ער געווען וואך?

געפינט ער זיך באמת אין א צימער פון פאלאס־האָטעל אין לוגאנא?

אפשר איז ער גאָר אין א שטארקן היץ־צושטאנד?

און אצינד איז שומאכער צוגעגאנגען צו אים און האָט געזאָגט: גאָט צו דאנקען דער קריזיס איז פאריבער. וואָס פאר א מאָדנע, פארפלאָנטערטע ווערטער איר האָט גערעדט פון היץ! איר האָט אונז אָנגעמאכט אהיפּש ביסל דאגות!

ער איז לאנגזאם צו זיך געקומען — און ווי ער וואלט

זיך באפרייט פון אונטער א בארג, שווער אָטעמענדיק און אלץ נאָך דערשראָקן האָט ער שטיל געפרעגט: איך האָב אלזאָ נאָר געחלומט — איך האָב אלזאָ נישט געגנבעט עלפטויזנט זעקס הונדערט מארק?...

און שומאכער האָט זיך צעלאכט אויפן קול און האָט געענטפערט: ווי פאלט אייך גאָר איין אזא שטות?

דאָ שטייט איבריקנס עמעץ, וואָס וויל אייך דריקן די האנט און וואָס האָט דורכגעמאכט ביי אייער בעט די אלע שווערע נעכט.

און לוציע טרענקוויץ האָט זיך איבערגעבויגן איבער אים, זי האָט זיך אָנגעבויגן צו אים... נישט קושן! האָט ער ציטעריק געבעטן און דאָס הארץ האָט אָן א שום פארוואָס אויפגעצאפלט.

און דאן האָט ער זיך ווידער געווענדעט מיט זיין יינגלשן שמייכל צו שומאכער: אייגנטלעך איז עס דאָך נישט געווען קיין קאָמעדיע! בין איך נישט אין מיין גאנצן מהות א גינסדאָרף — צי האָב איך באמת געמיינזאמעס מיט א מענטשן, וואָס הייסט רעלנאָוו און פארנעמט זיך מיט פאָרשונגען איבער קרעבס?

רעלנאָוו האָט געקוקט אין שפיגל און דערזען א בלאס, באגייסטערט געזיכט.

א ווײַלע איז ער מיט די הענט אין די קעשענעס גע-שטאנען אין מיטן צימער אָן א באוועגונג.

מיטאמאָל האָט ער ארויסגענומען פון זיין פאָרטמאָנע א קליין שליסעלע, האָט געעפענט דעם שרייבטיש-שופלאָד און ארויסגענומען פון אים די צוגעגנבעטע אסיגנאציעס.

ער האָט זיי אלע אויסגעשפרייט איבערן טיש.

ווי עקלהאפטיק זיי זעען אויס, האָט ער געקלערט. ווי גלייכגילטיק איז מיר דאָס אלץ!

און אין דער זעלבער סעקונדע האָט אים דורכגעבליצט אין קאָפּ א געדאנק: פארברענען די באנקנאָטן.

ער האָט אָנגעצונדן א ליכט און צוגעלייגט א הונדערטער

צום פייער, ביז וואנען ער איז פאמעלעך פארברענט געוואָרן.
ער האָט זיך גלייכגילטיק צוגעקוקט.
אז דאָס פאפיר איז פארקוילט געוואָרן, האָט ער גענומען אין האנט א ברוינע אסיגינאציע.
מיטאמאָל האָט ער דערהערט א שטיל קלאפן אין טיר און אראָפגעלאָזט דערשראָקן דעם אָרעם.
— ווער איז דאָ? האָט ער געפרעגט מיט אן אונטער־דריקטער שטים, האָט שנעל צוזאמענגעשארט די באנקנאָטן און אריינגעוואָרפן זיי צעקנייטשטע אין שופלאָד אריין.
— איך בין עס.
— איר?
— יאָ, איך.
ער האָט געעפנט די טיר.
לוציע טרענקוויץ איז פאר אים געשטאנען.
— איך האָב געזען ביי אייך ליכט — און אזוי ווי איך האָב אויך נישט געקענט שלאָפן, בין איך ארויפגעקומען צו אייך... צי קען איך אייך בעטן א שטול?
זי האָט אינגאנצן געציטערט.
— ביטע — ביטע זייער.
— איך בין צו אייך געקומען — איר הערט?
— יאָ... האָט ער געזאָגט.
— איך קאָן שוין לענגער נישט אויסהאלטן, ווי אזוי איר באהאנדלט מיך.
ער האָט זיך אויפגעהויבן און א קוש געטון זי אין שטערן. ער האָט זי געקושט מיט א ווייטאָגדיק געפיל.
— צו שפעט! האָט ער געטראכט — צו שפעט!
און גאנץ קאלט האָט ער שטיל פאר זיך צוגעגעבן: זי האָט פארשפעטיקט איר צייט.
אים אליין איז עס פאָרגעקומען זייער מאָדנע, וואָס זיין בארוישונג איז פארשוואונדן.
א חשד האָט זי פלוצלינג אדורכגענומען.
— וואָס קלערט איר איצט?

— איך קלער — האָט ער געענטפערט — אז איר זענט פולשטענדיק גערעכט געווען, וואָס איר האָט זיך געווערט קעגן מיר. איך בין אן אומגליקלעכער מענטש.

— איך האָב אייך ליב, האָט זי געענטפערט און פאר־לייגט די הענט.

— איר זאָלט דאָס נישט טון, מיין פריילײן. איך וואָרן אייך!

זי האָט אים אָנגעקוקט מיט ליבשאפט.

— דאָך, איך וואָרן אייך, איך בין א קאָמעדיאנט — און פאלש ביז צו די קנאָכן.

— ניין, איר זענט דאָס נישט! איך ווייס עס!

— און פעאיק צו דער געמיינסטער טאט.

— איך וועל דאָס קיינמאָל נישט גלויבן — קיינמאָל נישט!

— און ווען איך וועל אייך ברענגען באווייזן?

— פאר מיר עקזיסטירן נישט קיין שום באווייזן.

— און ווען איך בין טראָץ אלעמען א פארברעכער?

— איך ליב אייך!

ער האָט זי באטראכט א לאנגע צייט.

זי האָט אויסגעהאלטן זיין בליק.

— דאָס האָט נישט קיין זין — קיין צוועק! צי ווילט איר זיך אומגליקלעך מאכן?

— איך בין אומגליקלעך אָן אייך! אָדער ליבט איר מיך טאקע שוין נישט מער? האָט זי אויסגעשריגן און דערנענטערט זיך הארט צו אים — זי האָט אויסגעשריגן מיט אזא פאר־צווייפלונג, אז ער איז געבליבן גערירט פון א טיפן מיטלייד.

— יאָ, איך ליב אייך — גאנץ געוויס האָב איך אייך ליב - נאָר אנדערש — — אנדערש ווי פריער. איך וויל נישט איי־ער אומגליק, כ'וויל, אז אייך זאָל קלאָר ווערן, ווער איך בין.

— איך דארף נישט קיין שום קלאָרקייט.

דאָך, מיין ליבע, גנעדיקע פריילײן. איר מוזט דאָס אומבאַדינגט געוואויר ווערן: נעמלעך איך בין א וואגאבונד — א חיה, וואָס לאָזט זיך נישט אָנבינדן אויף דער קייט —

וואָס קאָן נאָר לעבן אויף דער פרייהייט. ווער עס האָט מיט מיר צו טון, מוז דאָס וויסן, מוז זיך רעכנען דערמיט, אז איך קאָן יעדע מינוט ארויסשפּרינגען פון שטייג.

— צי האָט איר מיר שוין אלץ געזאָגט? גוט — איך בין געוואָרנט! איך גיב מיר אָפּ א דין וחשבון, אז איר וועט מיר פארשאפן חרפּה. איך ווייס — איר זענט א פארברעכער א מענטש אָן געוויסן! וואָס ווייטער?

אירע אויגן האָבן אויפגעבליצט מיט א פרעכן פייער, איר קערפּער האָט באקומען א שטאָלצע האלטונג. יעדער מוסקול אין איר געזיכט איז געווען געשפּאנט און האָט אויסגעדריקט דאָס רעכט פון זעלבסטבאשטימונג, א פריידיקן בטחון אויף דער יונגער קראפט, וואָס האָט אין איר דערוואכט. א מענטש אין הארמאָניע מיט זיך.

און מיטגעריסן פון דער קראפט פון איר מהות וואָס זי האָט פאר אים אנטפּלעקט, האָט ער דערשפּירט, ווי דאָס אלטע געפיל בליט ווידער אויף אין אים.

קום — האָט ער געזאָגט.

ווי א געהאָרכזאם קינד האָט זי זיך אַריינגעגליטשט אין זיינע אָרעמס. און אָן וועלכער עס איז געמאכטע בושה, ווי א פרוי, וואָס מוז געפינען איר תּקון, האָט זי זיך אים אָפּגעגעבן — זי האָט שטיל אויפגעקרעכצט, און גליקזעליק גע-לאכט — און איר געזיכט האָט באקומען יענעם צניעותדיקן פרומען אויסדרוק, וועלכן גאָט אליין האָט געשאָנקען דער פאר-ליבטער פרוי.

באגינען האָט זי פארלאָזן זיין צימער.

זי האָט הויך געהאלטן דעם קאָפּ — און איר הארץ האָט געשלאָגן פאר פרייד.

## פינפטער קאפּיטל.

ווען רעלנאָוו איז צומאָרגנס אראָפּגעקומען א פאָרשפּעטיקטער צום פרישטיק, האָט ער געטראָפן דעם הער פאָן ליצינג פארטיפט אין א ספּאָרטצייטונג, פון וועלכער ער האָט זיך געמאכט נאָטיצן.

— אינטערעסירט איר זיך מיט פערד, הער פאָן גינסדאָרף?

— אַזוי זיך.

— איך האָב גראָד בדעה צו שיקן טעלעגראפיש נאָך פאריז איניקע וועט-באשטעלונגען; איך וואָלט צום ליבסטן אליין א פאָר געטון קיין פאריז, א חוץ צו מיין פרוי האָב איך א ליידנשאפט נאָר צו פערד.

— ווען קומט פאָר דאָס געיעג? האָט רעלנאָוו אָנשטאָט אן ענטפער געפרעגט.

— מאָרגן! די העכסטע צייט צו דערליידיקן די באשטעלונגען.

— ווי מאכט איר דאָס?

— גאנץ איינפאך — איך טעלעגראפיר אין געיעג-ביוראָ, מיט וועלכן איך שטיי אין פארבינדונג.

— יאָ, קען דאָס געלט אָנקומען אין דער צייט? ליצינג האָט זיך צעלאכט.

— אויף אזוינע סומען האָב איך קרעדיט.

— צי קען איך בעטן ביי אייך דאס בלאט?

— ביטע זייער!

רעלנאָוו האָט געוואָרפן אַ שנעלן בליק אויף דער ספּאָרט־צייטונג.

— איך וואָלט זייער חשק געהאַט צו שפּילן; צי קענט איר מיר באַהילפיק זיין?

— מיט פאַרגניגן, הער פאָן גינסדאָרף. האָט איר אַ באַזונדערן טיפּ?

— יאָ, האָט רעלנאָוו געענטפערט, איך וויל שטעלן אויף אַלקאַדאָר.

— איר מיינט עס ערנסט? האָט ליצינג געפרעגט, וואָס איז אייך עפּעס איינגעפאַלן אַלקאַדאָר?

רעלנאָוו האָט געשמייכלט.

— האָט איר ווען געהערט וועגן פאָרגעפילן? פאָרגע־פילן שפּילן דאָך אין לעבן פון יעדן מענטשן אַ גרויסע ראָל?

— יאָ, יאָ, האָט ליצינג געזאָגט, אָבער אַלקאַדאָר שטייט אין דער זעקסטער שטעלע און ווערט איצט אַרויסגעלאָזן צום צווייטן מאָל — גאַנץ שוואַכע אויסזיכטן אויף דערפאָלג. מען ווייס וועגן דאָזיקן פערד כמעט ווי גאָרנישט.

— דווקא דערפאַר שטעל איך אויף אַלקאַדאָר!

דערביי האָט רעלנאָוו שפּאָטיש אַרונטערגעצויגן די אונ־טערשטע ליפּ און פריילעך אָנגעקוקט ליצינגן.

— ווי הויך ווילט איר שטעלן?

— צען טויזנט מאַרק!

— איר מאַכט פון מיר שפּאַס, הער באַראָן!

— איך וואָלט מיר דאָס קיינמאָל נישט דערלויבט. איך מיין עס זייער ערנסט.

זיין געזיכט האָט זיך מיטאַמאָל שטאַרק געענדערט.

— אוממעגלעך, האָט ער געשטאַמלט, דאָס איז דאָך אוממעגלעך, אָדער האָט איר אפשר, האָט ער געפרעגט מיט אומצוטרוי, באַקומען באַזונדערע דעפּעשן פון פּאַריז?

— וועגן געיעג האָב איך נאָך מיט פינף מינוט פריער גאָרנישט געוווּסט. צי איז דאָס פאַר אייך אַ סוד, אַז יעדער

מענטש האָט אין אַ געוויסער מאָס אַ טעלעגראַפישע סטאַציע אין זיך?

ליצינג האָט אויף אים אויסגעשטאַרט אַ פּאָר אידיאָטישע אויגן.

— אַ טעלעגראַפישע סטאַציע?... כ'פערשטיי גאָר נישט!

— נו, און איך זאָג אייך, ס'זענען פאַראַן אינערלעכע סיגנאַלן — ווער ספּאַרמאָגט פיינע אויערן, פאַרנעמט זיי אפילו ווען מקען זיי קוים דערהערן.

— ליבּער הער באַראָן, האָט ליצינג געזאָגט, און זיין גוט, ערלעך לייטנאַנט-געזיכט האָט געהאַט אין זיך עפּעס רירנדיקעס, — מאַכט נישט חוזק פון מיר.

רעלנאָוו האָט זיך ווייטער געהאַלטן ביי זיין פייער-לעכן טאָן.

— ווי קענט איר מיך חושד זיין אין דעם? דאָס זענען איבּריקנס אוראַלטע געשיכטעס. פרעגט אייך נאָך, איך בעט אייך וועגן דעם. אויפן גרונט פון אַזעלכע סיגנאַלן זענען אָנגענומען געוואָרן די משונה'דיקסטע באַשלוסן, אין שפּעטער האָט זיך פולשטענדיק אַרויסגעוויזן זייער ריכטיקייט.

ליצינג האָט זיך צוגעהערט מיט אָנגעשפּיצטע אויערן, וואָס האָבּן זיך צוליב זיין אויפרעגונג באַוועגט אַהין און צוריק.

— און איר גלויבּט באמת — איך מיין, איר האָט אַלזאָ אַ פאָרגעפיל, אַז אַלקאַדאָר וועט זיין דער זיגער?

רעלנאָוו האָט געצוקט מיט די אַקסלען.

— איך וואָלט דערויף נישט געשוואוירן, הגם ווען עס וואָלט נויטיק געווען וואָלט איך מיך אַנטשלאָסן צו יעדער שבועה.

— גאָט איז מיט אייך, הער באַראָן, רעדט נישט אַזוי הויך, ווען דער פּראָקוראָר פלעק וואָלט דאָ צופעליק געווען דערביי.

וואָס וואָלט דאַן געווען? האָט אים רעלנאָוו איבּער-געריסן. איך האַלט דעם גאַנצן שבועה-סיסטעם פאַר אַ מיטל-

אלטערלעכע טאָרטור. צי גלויבט איר, אז איך וועל מורא האָבן צו זאָגן אים דאָס אין די אויגן?

— ניין, האָט ליצינג טיף איבערצייגט געענטפערט, איר וואָלט נישט מורא געהאט! אויפריכטיק גערעדט, הער באראָן, צי האָט איר בכלל פאר עפּעס פּחד? דער פירשט פאַן שומבורג-ליפּע, וועלכער דריקט זיך אויס וועגן אייך בכלל מיט רעספּעקט, האלט, אז איר לייקנט אין גאָט און אין יענער וועלט, אז איר אָנערקענט נישט די מלוכה און נישט קירכע.

רעלנאָוו האָט זיך געמאכט, ווי ער וואָלט נישט געהערט די לעצטע זאצן.

— צי האָב איך איבערהויפּט פאר עטוואָס מורא...? מיין געערטער הער פאָן ליצינג, דאָס איז א פּריוואט-זאך!... וואָס מאכן מיר אלזאָ מיטן?...

— איר ווילט טאקע ערנסט שטעלן אזא הויכע סומע; איז עס נישט טראָץ אלע סיגנאלן א ביסל לייכטזיניק — זייט מיר מוחל! — אויך דאָס איז נאטירלעך אייער פּריוואט-זאך — און איך האָב נישט קיין רעכט צו מאכן אייך פאָרשלאגן.

רעלנאָוו האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— דאָס איז מיין פעסטער באשלוס.

— איר מוזט אלזאָ אָפּשיקן דאָס געלט טעלעגראפיש, ווייל דאָס ביוראָ נעמט-אויף אזעלכע באשטעלונגען נאָר פאר מזומן געלט.

— אזוי ווי איר דעפּעשירט דאָך סיי ווי סיי, אפשר וועט איר זיין אזוי פריינדלעך...?

רעלנאָוו האָט ארויסגעצויגן פון טאש א בינטל צעקנייטשטע באנקנאָטן און אָפּגעציילט צענטויזנט מארק.

— ביטע.

ליצינג האָט גענומען דאָס געלט און איז באלד אוועק צום פּארטיער.

— איך בעט אייך, אויסצופירן פּערזענלעך דעם אויפ-

טראג באלד אויפן אָרט. אפשר פארלאנגט איר א קוויט?

— אך, זייט אזוי גוט און גיט מיר די דעפעשע נאָך אויף א ווײַלע, האָט ער געזאָגט און זיך צוריקגעקערט, איך וואָלט געוואָלט נאָך עפעס צושרייבן.

אין לעצטן מאָמענט האָט ער זיך אנטשלאָסן צו שטעלן אויפן אלקאדאר צווייהונדערט פופציק מארק.

ווען ער האָט זיך צוריקגעקערט, איז רעלנאָוו שוין נישט געווען. אין דעם מאָמענט זענען אין זאל ארײַנגעקומען גראף לוגוויץ, דער קאמערראט, גענעראל ווייכמאן און פולקאָווניק דערער.

אויף ליצינגגן האָט די הויט געברענט, וואָס שנעלער ארויסצופויקן, זיין געהיימניש.

— הערט נאָר, מיינע הערן, וואָס מיר האָט פאסירט מיטן באראָן גינסדאָרף.

ער האָט דערציילט, ציטערנדיק פאר אויפרעגונג.

— פע, צום טייוול, האָט פולקאָווניק דערער ארויסגעזאָגט און צוגעגעבן אין א פארביטערטן טאָן: דערפון מוז א פרייסישער פאָלקאָווניק לעבן א גאנץ יאָר. און אזא איינער ווארפט עס ארויס דורכן פענסטער.

— א נאטור פון א שפּילער, האָט זיך טרענקוויץ אָנגערופן.

אָבער גראף לוגוויץ האָט אָנגעהויבן פאָרזיכטיק:

— ווער קאָן ארויסגעבן א זיכערן אורטייל? אפשר איז דער באראָן אזא פארמעגלעכער מענטש, אז די דאָזיקע סומע האָט גאָר קיין ווערט ביי אים נישט? און פון וואנען ווייסן מיר, אז ער וועט צום סוף נישט לאכן פון אונז אלע. איך האלט אים פאר אן אומגעוויינלעך-קלוגן מענטשן — איבריקנס, אָט גייט אונזער מעדיצינאלראט. ער וועט אונז קענען געבן די בעסטע אויסקונפט.

שומאכער האָט זיך אויפמערזקאם צוגעהערט. — מיר איז נישט באקאנט דעם באראָנס פארמעגן-פארהעלטנישן. איך ווייס נאָר, אז זיין פאָטער איז א פארמעגלעכער, הגם נישט

גאנץ רייך — איבריקנס האָט ער מיט אים קיין באַציאונגען נישט.

— נו יאָ, דאָס פּאַסט זיך צו דער גאַנצקייט פון בילד, האָט זיך דער גענעראַל ווייכמאַן אַריינגעמישט אין געשפּרעך. איך וואָלט מיר גאָרנישט געקאָנט פאָרשטעלן דעם פּאַרשוין אַלס איבערגעגעבענעם זון — ער שיינט מיר אויך נישט צו האָבן געדינט אין מיליטער.

— פּאַרדאָן, עקסעלענץ, האָט שומאַכער געענטפערט, מען קאָן אויך אין ציוויל זיין אַן אַנשטענדיקער מענטש — און וואָס שייך די באַציאונגען צווישן פאָטער און זון, האָב איך פערזענלעך אַ גרויסן ספק, צי אין דעם פאַל פאַלט נישט דער גרעסטער טייל פון דער שולד אויפן פאָטער.

— מיר איז דאָס אין תּוך גענומען אַלץ איינס הער מעדיצינאַלראַט. איך האָב נאַטירלעך נישט בדעה געהאַט אייך צו קרענקען אין אייער ציוויל־ערע. ביי גאָט, אויך דער ציוויל-שטאַנד האָט זיין באַרעכטיקונג. איך האָב גאָר געוואָלט דערמיט זאָגן, אַז דער מאַנגל אין אינערלעכער דיסציפּלין לאָזט זיך נישט זעלטן דערקלערן דערמיט, וואָס אַזאַ פּאַרשוין האָט קיינמאָל נישט געטראָגן דעם קעניגלעכן ראָק.

— איר האָט געמאַכט אַ קליינעם טעות, עקסעלענץ? איר מיינט אוודאי דעם מאַנגל אין אויסערלעכער דיסציפּלין!

דער גענעראַל איז געוואָרן רויט ווי צינטער. — אינערלעכע און אויסערלעכע דיסציפּלין — דאָס זענען פאַר מיר די זעלבע באַגריפן. איר דאַרפט מיך נישט האַלטן פאַר אַזוי ווייט נאַריש, ליבער מעדיצינאַלראַט. מיט דער שטייפער האַלטונג האָט מען גאַנץ ווייניק אויפגעטון אין מיליטער. דאָס איז די אָנשויונג, וועלכע איז אַ גאַנגבאַר אַרטיקל אין סימפּליציסימוס און אין ענלעכע נארישע וויצבלעטער.

שומאַכער האָט צופרידן געשמייכלט.

— נעמט עס נישט פאַר אומגוט, עקסעלענץ! איך האָב אַן ערלעכן רעספּעקט פאַרן מיליטער. איך האָב אין יאָר 1870 מיטגעמאַכט דעם פעלדצוג, באַקומען דעם אייזערנעם קרייץ

און געבליבן אויף מיין פּאָסטן. אָבער איך טרעט אנטשיידן ארויס קעגן דעם, ווען מען זעט אינם זעלנער א פּאָרשטייער פון א פּריווילעגירטן קלאס.

— דאָס טויט קיינער נישט, ליבער מעדיציניאלראט! האָט גראף לוגוויץ בארואיקט און צוגעגעבן עטוואָס בייזוויליק.

—עקסעלענץ ווייכמאן ווייסט אזוי גוט, ווי מיר, אז דער שטאנד איז א ביי-זאך — צוערשט דער מענטש — דערנאָך דער שטאנד!

— איך האָב אייגנטלעך נישט געווענדעט קעגן דער פּערזאָן פון הער פאָן גינסדאָרף, וועלכן איך קאָן צו ווייניק, איך האלט, אז דער איידעלער פערד-ספּאָרט ווערט דעגראדירט דורך אזא ארט שפּילן, וואָס אונטערשיידעט זיך גאָרנישט פון אן אנדער גליק שפּיל, — האָט פּולקאָווניק דערערר געשלאָסן די דעבאטע, וועלכע איז אזוי אויך איבערגעריסן געוואָרן צו- ליבן דערשיינען פון פרוי פאָן ליצינג און לוציע טרענקוויץ.

ליצינג האָט באלד מיטגעטיילט די דאמען די גרויסע נייעס און ווענדנדיק זיך צו זיין פרוי, האָט ער צוגעגעבן: „איך האב אגב אויך געשטעלט צוויי הונדערט פונפציק מארק אויף אלקאדאָר—דאָס איז נישט קיין ריזיקע—אין ערגסטן פאל גייען צוויי און א האלב בלויע פאפירלעך קאפוט, אָבער אויב דער מענטש האָט יאָ געהאט א חוש הריח, וואָלט איך נישט געוואָלט בלייבן הינטערשטעליק און בלייבן דער שוטה“.

אלע האָבן געלאכט איבער דער דאָזיקער מערקווירדי־ קער לאָגיק. די יונגע פרוי פאָן ליצינג האָט אָבער געענט־ פערט: — דו ווייסט דאָך, אז דער פאפא וועט דיך אויסזידלען פאר דיין לייכטזיניקייט.

לוציע האָט זיך אָפּגעקערט, כדי צו פארבאָרגן די גרי- מאסע אויף איר געזיכט.

דער קאָמערצראט איז צוגעגאנגען צו איר.

זי האָט אויסגעזען אזוי נישט אויסגעשלאָפן, אז עס האָט זיך אים געווארפן באלד אין די אויגן.

— פילסטו דיך שלעכט, לוקס? האָט ער געפרעגט מיט זאָרג.

— פאַרקערט, פאפא. איך פיל מיר זייער גוט. האָט זי ווייך געענטפערט און געגלעט זיין האנט.

טרענקוויץ האָט זיך בארואיקט.

— דו זעסט, ווי ריכטיק איך האָב געאורטיילט וועגן דאָזיקן מענטשן — לייכטזיניקער שפילער — דו האָסט באַדארפט הערן וועגן אים א מיינונג פון מענטשן פון זיין קרייז.

— מיר איז עס אינגאנצן גלייכגילטיק, וואָס אנדערע רעדן, האָט זי געררייצט געענטפערט, איך פאַרשטיי דיך נישט איבערהויפט, פאַפאַ. דו העצסט מיך שטענדיק קעגן הער פאָן גינסדאָרף, נישט קענענדיק אים אויפווארפן דעם מינדעסטן חטא. ער האָט קעגן אונז געהאנדלט ווי אן אמת׳ער קאַוואַלער — פשוט אויסגעצייכנט.

—אָהאָ—דאָס קלינגט דאָך אָבער ווי א לויבליד!

— ווי דו ווילסט!

— דו, לוקס, ער האָט זי שארף אָנגעקוקט, דער פארשוין וועקט דאָ אן אלגעמיינעם חשד, קיינער טרויט אים נישט, נעם דיר דאָס גוט אין זינען אריין.

— די דאָזיקע באמערקונג איז גאנץ איבריק, ליבער פאפא, איך ווייס געַנוי, וואָס איך האָב צו טון.

— איך וויל האָפן, ליב קינד.

— איבריקנס, איז עס נישט ריכטיק. עס זענען דאָ פּאַראן מענטשן, וועלכע האלטן, אז גינסדארף איז נישט קיין דורשניטלעכער מענטש, און דאָס איז ער בלי ספק. צי איז ער דען נישט געווען פולשטענדיק גערעכט, ווען ער האָט אָנגעלערנט דעם דאָזיקן אידיאָט אין דער צורה פון א פראָקוראָר?

— מיין גנעדיקע פריילין, איך שטער אייך אפשר, איר האַט נעכטן אויסגעדריקט דעם ווּאונש מיט מיר צו רעדן, איך

בין צו אײער דינסט. מיט די ווערטער האָט זיך שומאכער דערנענטערט צו איר.

מיטן גרעסטן פארגניגן, הער מעדיצינאלראט, — האָט טרענקוויץ געענטפערט, זייער אָנגענעם. רייסט איר אָן די אויערן, אזוי ווי ס'דארף צו זיין — די פרײלײן האָט אינגאנצן פארלוירן דעם קאָפּ.

זי האָט פארקנײטשט דעם שטערן.

— זײ נאָר נישט בייז, לוקס! אזא פאפא ווי איך איז אלע-מאָל אביסל אלטמאָדיש. אויף ווידערזען!

ער האָט צארט געקושט אירע באקן.

— זיי האָבן זיך אלע ארויפגעווארפן אויף דעם הער פאָן גינסדאָרף, האָט זי זיך געווענדעט צו אים, אזוי ווי ער וואָלט געווען דער נידערטרעכטיקסטער לומפּ אונטער דער זון.

אונטער שומאכערס דורכדרינגנדע בליקן איז זי רויט געוואָרן ביז צו די האָר-וואָרצלען.

אויפריכטיק און מיט א טיפער ערנסטקייט האָט זי גע-זאָגט: „איך האָב אים ליב!"

שומאכער האָט זיך פארבויגן מיט רעספּעקט.

— צי האלט איר אים פאר א בייזן מענטש?

— צי איז דאָס געווען די סיבה, פארוואָס איר האָט געוואָלט רעדן מיט מיר?

— יאָ און ניין. איך האָב געוואָלט שטעלן אייך נאָר א פראגע — ענטפערט מיר אָבער צוערשט אויף דער דאָזיקער!

— נו, יאָ. ער איז זיכער נישט געקנאָטן פון פראָסטן טייג, א געוואגטער מענטש מיט אויסערגעוויינלעכע פעאיקייטן; אך — ווען איר וואָלט געקענט זיין מוטער, דעמאָלט וואָלט איר אים אינגאנצן פארשטאנען.

— טאקע צוליב זיין מוטער האָב איך אייך געבעטן וועגן א קורצן שמועס, מיין ליבער הער מעדיצינאלראט. איך האָב געטראכט, אז דאָס, וואָס איר האָט פארשוויגן פאר אנדערע, וועט איר פאר מיר נישט פארבאָרגן.

שומאכער האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און האט ברייט

צעלייגטביידע הענט איבער זיין דיקן בויך.

—די גרעפין גינסדאָרף — האָט ער אָנגעהויבן — איז געווען א ציגיינער-נשמה -- דאָס חנ׳דיקסטע באשעפעניש אויף גאָטס וועלטל. זי איז אנטלאָפן פון דער היים און א צייט לאנג איז גאנץ מינכען געווען מיט איר אויף. צוערשט האָט זי געמאָלט, דערנאָך געזונגען און צום סוף געטאנצט – גע-טאנצט, איך האָב נאָך קיינמאָל אין מיין לעבן נישט געזען אזוי טאנצן – גאנץ מינכען איז געווען פארכאפט פון איר טאנצן, און דאָס זאָגט שוין עפּעס פאר זיך – ווייל ביי אונז פארלאנגט מען א סך אויף דעם געביט; מ׳האָט א שטיקל ידיעה אין דעם. ביז צו איר אומגליקלעכן סוף איז זי געווען די לוסטיקסטע, חוצפּהדיקסטע מענטשלעכע באשעפעניש — אנדע-רע האָבן זי געהאלטן אפילו פאר צו פיל חוצפּהדיק, האָט ער צוגעגעבן און זיך פארטראכט.

– איך בעט אייך, באהאלט פון מיר גאָרנישט.

– נו, יאָ: מען האָט געשמועסט וועגן איר, אז זי האָט געטוישט אירע ליבהאָבער, ווי העמדער — ביז זי האָט ענדלעך באגעגנט דעם, וועמען זי האָט אוועקגעגעבן איר הארץ — אלע אנדערע זענען נאָר געווען מאָמענטן פון בלוט — אָבער דוקא דער איינער האָט נישט געוואָלט וויסן פון איר. דער-מיט איז דער לעבנס-פאָדעם פון דער קליינער גרעפין גינס-דאָרף אָפּגעשניטן געוואָרן אויף א אומבאגרייפלעכן אופן — זי איז געווען פארטיק — און האָט געוואָלט מאכן א סוף מיט זיך.

און פלוצלינג האָט זיך גראָד יענעם מאָמענט עפּעס מאָדנע אונטערגעדרייט גינסדאָרפס פאָטער און ער האָט חתונה געהאט מיט איר, אזוי צו זאָגן קעגן איר ווילן. א פיינער זיווג: בלוט און וואסער פארטראָגן זיך נישט. בקצור, באלד נאכדעם ווי דער יונגער הער איז געקומען אויף דער וועלט, איז זי שטיל אוועק פון דער וועלט — עפּעס אזוי מיד און אָן א שאָרך. — פונדעסטוועגן האָט די געשיכטע אָנגעמאכט א גרויסן טומל. זי האָט נישט געזוכט אין לעבן קיין וואויל-

טאָג און זאטקייט. אך רבונו של עולם, זי איז געווען א וואונדערלעך אנטציקנדיק קינד און פונדעסטוועגן חוצפה׳דיק אָן א גרעניץ. מען האָט דעמאָלט דערציילט וועגן איר, אז זי האָט געלעבט א גאנצן זומער אין א דאָרף נעבן מינכען גאנץ אליין אָן געזעלשאפט, בייגאכט געשלאָפן אויף דער פרייער לופט און זיך דערנערט בלויז מיט פרוכטן. צו יענער צייט האָט זי אָנגעשריבן אן אויסגעצייכנט בוך. די וועלט האָט דעמאָלט געגלויבט, אז זי האָט געפונען איר גליק — איר בארוף. עס הויבט זיך נישט אָן! באלד דערנאָך האָט זי געעפנט א מילך-געשעפט אין „ענגלישן גאָרטן", פארשטייט זיך, אז זי האָט אָנגעזעצט און האָט אויפסניי אָנגעהויבן צו פירן א וואנדערלעבן. זי האָט געהאט דעם טאלענט, אויסצו-קומען מיט א פאָר פעניג. אָפט פלעגט זי גיין נאָכמיטאָג אָן א גראָשן געלט אין פאָרטמאָנע אין קאפע סטעפאניע און נישט זשענירנדיק זיך ווענדן זיך צום ערשטן בעסטן באקאנטן: אך, זייט מיר מכבד מיט א גלאָז קאפע און קאָניאק — כ׳בעט אייך. – פאר יענעם איז דאָס געווען א כבוד — און זי איז געווען אין זיבעטן הימל און האָט זיך געפרייט, ווי א קליין קינד. אזוי האָט געלעבט זיין מוטער, די קליינע גרעפין גינסדאָרף.

לוציע טרענקוויץ האָט זיך צוגעהערט מיט פינקלנדיקע אויגן.

— זי האָט אנדערש נישט געקענט זיין, האָט זי זיך אָנגערופן נאָך א לאנגער פויזע, און דאָס הארץ האָט איר אָנגעהויבן שטארק צו קלאפן.

— און דער פאָטער?

— וועגן אים לאָמיר בעסער נישט רעדן. איך ווייס נישט, אויב עס וואָלט גינסדאָרפן ליב געווען – ער לעבט נאָך – אָבער דיביידע זענען זיך אזוי צו זאָגן פאנאנדערגעגאנגען. איך קאָן אייך נאָר זאָגן: ער ווערט גערעכנט פאַר א שטערן אין דער וויסנשאפט-וועלט. און איצט וואָלט איך אייך געוואָלט געבן אן עצה, מיין גנעדיקע קליינע פריילין: בכלל איז בע״

סער — בעסער פאר א פרוי, וואָס ווייטער צו האַלטן זיך פון אזעלכע מענער, וואָס האָבן אין בלוט א געפערלעכן באשטאנד-טייל. הגם מיין מיינונג שטיצט זיך בלויז אויף אן אלגעמיי-נעם איינדרוק, האָט ער געענדיקט האלב אין שפאס, ווייל נישט קוקנדיק אויף אַלע פאָרשריפטן פון דער כעמיע האָבן מיר נאָך ביז איצט ביי דער אונטערזוכונג פון בלוט נישט געקאָנט געפינען יענעם געפערלעכן באציל.

זי האָט אויסגעשטרעקט צו אים די האנט.

— איך דאנק אייך פון גאנצן הארצן, הער מעדיצינאל-ראט, שומאכער. איבריקנס — אייער עצה קומט אביסל צו שפעט.

ביי די ווערטער האָבן אירע אויגן אויפגעבליצט פון גליק און ליבע.

ער האָט איר געדראָט מיטן פינגער און גאנץ ערנסט געזאָגט:

— היט אייך, מיין קליינע פריילין, ווי פאר א העליש פייער! „אַנימאם מעאם באלוואווי“ וואָס דער טייטש איז: איך האָב אייך געוואָרנט. דרייט אייך נאָר אום, דאָ קומט אָן אונזער העלד, איך לאָז אייך איצט איבער אליין, הגם דער פראָקוראָר וואָלט געקאָנט פארפירן קעגן מיר א פראָצעס פאר פארמיטלעריי.

ער האָט זיך דערווייטערט א פאָר טריט און איז געבליבן שטיין.

דאָנערוועטער! האָט ער געטראכט, די סיטואציע איז מאָדנע ענלעך צו יענער געשיכטע מיט זיבנאונצוואנציק יאָר צוריק, ווען איך האָב צונויפגעפירט די גרעפין גינסדאָרף מיט רעלנאָוון.

ער האָט דערשפירט עפעס א נישטגוטקייט אין מויל.

איז אמת, די מעשה, אז איר האָט געשטעלט צענ-טויזנט מארק אויף איין פערד?

— אז דו — האָט זי פארבעסערט, און איר געזיכט האָט זיך באדעקט מיט רויטער פארב.

— ס'איז וואָר.

א ווײַלע האָט קײנער פון זיי נישט ארויסגערעדט קײן וואָרט.

נור באלד האָט ער ווײטער גערעדט און דערבײַ לײַכט געגלעט מיט דער האנט זײַן ווײַסן, געוועלבטן שטערן:

— דאָס דאָזיקע געלט האָט געוועקט אין מיר עקל.

זי האָט אים דערשראָקן אָנגעקוקט.

ער האָט נישט אויסגעמיטן איר בליק און געזאָגט מיט א צארטן, פארבאָרגענעם שמײכל:

— געטראָפן — איך בין דער גנב.

זי איז ארויסגעלאפן.

מיט פארלײגטע הענט האָט ער איר נאָכגעקוקט און טיף אָפגעעטעמט.

גאָט צו דאנקען, וואָס נאָך עמעצער ווייסט און איצט וועלן מיר אָפּווארטן, ווי דער סוף פון שפּיל וועט זײַן. ס'איז געווען אינטערעסאנט און ס'האָט זיך געלוינט.

ער האָט פארלאָזן דעם האָטעל און האָט זיך געשלײכט לענג אויס די אלטע לוגאנער הײַזער, וואָס האָבן שוין אינ־גאנצן געהאט א איטאַליענישן כאראקטער, ער האָט מיט אינ־טערעס ארײַנגעקוקט אין די געוועלבער און באטראכט די מענטשן; זײַן אויג האָט געהאט נחת אָנצוקוקן דעם דרום־טיפּ, זייערע שײנע באוועגונגען און זשעסטן; די לאטײַנישע שפּראך האָט געקלונגען אין זײַנע אויערן ווי מוזיק. דערנאָך האָט ער זיך צוריקגעקערט מיטן ברעג פון דער אָזערע, וועלכער איז געלעגן אויסגעשפּרייט אין א טיפער בלויקייט.

נו, וואונדערשײן איז דאָס אַלץ. וואָס פאר א שטארקער באווײַז דאָס איז, אז עס איז פאראן א גאָט אויף דער וועלט.

ער האָט געשמײכלט.

אז ער איז געקומען צוריק צו זיך אין צימער, האָט ער געפונען אויפן שרייבטיש א בריוו.

ער האָט אים געעפנט און געלייענט די ווערטער: — איך האָב דיך ליב!

## זעקסטער קאַפּיטל

ס'איז געווען צומאָרגנס א פּאָר מינוט נאָך א פערטל אויף ניין — דער פרישטיק איז געווען גראָד געענדיקט, און א שיק-יינגל האָט איבערגעגעבן ליצינגן א דעפּעשע.

ליצינג האָט זי אויפגעריסן — און דאָס בלוט איז ביי אים אָפּגעפאלן פון פּנים.

די יונגע פרוי פאָן ליצינג האָט אויפגעשריגן א דער־שראָקענע.

— גאָט מיינער, וואָס איז מיט דיר?

ער האָט געוואָלט רעדן, די ווערטער זענען אים געבלי־בן שטעקן אין האלז. פרוי פאָן ליצינג האָט געפּרוווט ארויס־רייסן ביי אים די טעלעגראמע. פון די איבריקע טישן האָט מען דאָך אָנגעהויבן קוקן צו זיי.

אָבער ליצינג האָט זיך באלד באהערשט, און אָפּווישנ־דיק זיך גלייכצייטיק דעם שווייס פון שטערן, האָט ער אין גרויס אויפרעגונג ארויסגעזאָגט אין א מערקווירדיקן, הייזע־ריקן טאָן:

— דער אלקאדאָר איז דער ערשטער געקומען צום ציל!

ער איז צוגעלאָפן צו רעלנאָוון, וועלכער איז געשטא־נען נעבן לוציען, רויכערנדיק א פּאפּיראָס, ער האָט אים אָנ־געכאפּט פאר דער האנט, און האָט זי שטארק געשאָקלט און נישט געוואָלט ארויס־לאזן.

— דער אלקאדאָר אלס ערשטער צום ציל! איך גראטוליר. איר באקומט צווייהונדערט פירציקטויזנט מארק.

רעלנאָווס געזיכט איז א ווײַלע ווי פארשטארט געוואָרן. באלד האָט זיך עס אויסגעקרומט, און רעלנאָוו האָט אויסגעבראָכן אין א קורץ געלעכטער, וואָס האָט אָבער געדויערט אייניקע סעקונדן.

פון אלע זייטן האָט מען זיך אויפגעהויבן. די הערן און דאמען האָבן זיך געאײַלט, כדי צו ווינשן אים גליק. אפילו די ענגלענדער זענען ארויס פון זייער געוויינלעכער רו — די איטאליענער האָבן איבערגעגעבן די נײַעס איינער דעם אנדערן, באגלייטנדיק זיי מיט לײַדנשאפטלעכע זשעסטן, די פראנצויזן און רוסן האָבן אומאויפהערלעך געליארמט און די קראנקע פרײַליין פאָן ליצינג האָט אָנגעהויבן פלוצלינג צו שפרינגען, ווי אן אינדיאנערין, נישט ציענדיק אויף זיך די מינדעסטע אויפמערקזאמקייט. אלע האָטעל-געסט זענען ארײַנגעפאלן אין אן אומפארשטענדלעכער אויפרעגונג.

דער פירשט שוימבורג-ליפע האָט אפילו א רגע נישט פארלוירן די גלייכגעוויכט. ער האָט זייער אויפמערקזאם באַטראכט רעלנאָוון, וועלכער האָט ווידער באקומען זײַן קאלטבלוטיקע מינע און בשום אופן נישט געקאָנט פטור ווערן פון די מזל-טוב'-ווינשער.

— געשעט אזוינס אויף א נאטירלעכן וועג? האָט דער פירשט געפרעגט דעם גראף לוגוויץ.

יענער האָט געשמייכלט.

— אז אן אָוטסיידער *) באקומט דעם ערשטן פריז, האָט שוין גאנץ אָפט געטראָפן, דורכלויכט — אויפן זעלבן אופן, ווי יאָר-יערלעך ווערט דאָס גרויסע געווינס ארויסגעצויגן דורך א גליקסקינד. איך זע גאָרנישט אויסערגעוויינלעכעס אין דער גאנצער געשיכטע. איבעריקנס האָב איך נאָך נעכטן געזאָגט, בשעת די פארשיידענע לייט האָבן זיך געוויצלט איבער דעם

*) אָוטסיידער—א פערד וואָס האָט די קלענסטע שאנסן צו קומען דער ערשטער צום ציל ביי די פערד געיעגן.

באראָנס דרייסטקייט: ווארט אָפּ, מיינע הערשאפטן, ווער עס לאכט צולעצט, לאכט צום בעסטן. איך האָב אָבער געהאט א פאַרגעפיל.

— צי האָט איר נישט איין אויגנבליק א טראכט געטוּן צו שטעלן אויפן אלקאדאָר?

— ניין, דורכלויכט — ווי לאנג איך לעב, האָב איך נאָך קיינמאָל נישט געשפּילט. דערין ליגט נישט די מינדעסטע קריטיק, — דאָס איז פשוט קעגן מיין נאטור!

— און פארוואָס איז דאָס געווינס אזוי גרויס? האָט דער פירשט ווייטער געפאָרשט.

— ווייזט אויס, אז קיינער האָט נישט געשטעלט אויף דעם פערד.

— וואונדערלעך — פשוט א חידוש! דער מענטש האלט זיך זעלטן גוט — דער דאָזיקער אומגעהערטער גליק האָט ווייזט אויס נישט געמאכט אויף אים קיין שום איינדרוק.

— אפשר, אָדער העכסטווארשיינלעך, — איך האָב עס גערעכנט אליין באמערקט, — שפּילט א פערטל מיליאָן זייער א קליינע ראָל ביי אים?

דער פירשט האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

רעלנאָוו האָט געהייסן דערלאנגען סעקט און האָט ליבלעך מעשה באלעבאָס אלעמען מכבד געווען.

ער איז צוגעגאנגען צום פּראָקוראָר פלעק און האָט מיט אים געקלאפט די גלעזער.

א ווײַלע האָט דער פּראָקוראָר ווי איבערגעלייגט, צי זאָל ער זיך לאָזן מכבד זיין. ער האָט מיט אן אומזיכערער האנט אָנגענומען דאָס גלאָז:

— זאָל גאָט קיינמאָל נישט אָפּטוּן פון אייך דעם גליק, הער באראָן, האָט ער געזאָגט, זיפצנדיק שווער.

— אָט דאָס איז א טייוול! האָט זיך דער גענעראל פאָן ווייכמאן געווענדעט צום קאמערהער פאָן זיידליץ. איך פריי מיך, ווען א יונגערמאן האָט גליק.

— פריער פאר אלץ — געפעלט מיר זייער, האָט זיך

אָנגערופן דער קאמערהער, וואָס ער איז די גאנצע צייט נישט ארויס פון זיין גלייכגעוויכט.

— ווי אגב, פילט זיך אייער טאָכטער?

— עס האלט שוין ביים סוף. מיט צוויי שעה צוריק האָט איר שומאכער געמאכט א מארפיום-איינשפריצונג. זי שלאָפט. הלואי זאָל איר גאָט געבן א לייכטן און פריילעכן טויט!

אין דעם זעלבן אויגנבליק האָט זיך אין זאל דערהערט אן אלגעמיין געלעכטער.

צווישן הער און פרוי פאָן ליצינג איז פאָרגעקומען א היימיש-צארטער וויכוח:

— וויפיל האָסטו אייגנטלעך געוואונען? האָט זי גע-פרעגט, און ווען ער האָט שנעל געענטפערט: פינפטויזנט הונדערט מארק! האָט זי פארבראָכן די הענט איבערן קאָפּ און אויסגערופן: זאָג, ביסטו נישט קיין אייזל, מיין קליינער, אָרעמער האנס. אזא געלעגנהייט אדורכלאָזן! ווי זאָגט דער פאפא אלעמאָל וועגן דיר? דעם פולווער האָסטו נישט דערפונדן! און נישט זשענירנדיק זיך פאר קיינעם, האָט זי אים פאר אלעמען אין די אויגן הייס געקושט אויף די ליפּן.

אין דער דאָזיקער שעה איז אין האָטעל פאלאס נישט געווען קיין גליקלעכערער מענטש ווי לוציע טרענקוויץ.

גאָט איז מיט אים — האָט עס אין איר געזינגען, און זי האָט געקוקט אויף אים מיט אזוי פיל צערטלעכקייט און איבערגעגעבנקייט, אזא וואונדערלעך פייערל האָט אויפגעלויכטן אין אירע שיינע אויגן, אז ער האָט געפילט, ווי ס'ווערט אים ווארעם אונטערן הארץ. אלע אלטע געפילן צו איר האָבן ווידער אויפגעבליט אין אים און איבערגעפילט זיינע חושים. עס האָט ׳זיך זיי ביידע געדאכט, ווי דער ריח פון טויזנט בלומען-בעכערלעך איז צו זיי ארייגעדרינגען און געברענגט אין א צושטאנד פון שיכרות און התפעלות.

ווער וועט קומען היינט ביי נאכט צו מיר? האָט ער געפרעגט.

— ווער וועט מיר עפענען די טיר! האָט זי געענטפערט.
און ער: — ווער וועט מיך קושן?
און זי: — ווער וועט מיך שליסן אין די אָרעמס.
— ווער איז מיין געליבט מיידל?
— ווער איז מיין געליבטער מאן?
אך, זיי האָבן נאָך געהאט אַסך שטילע פראגן, ווען עס וואָלטן אין שכנות נישט געווען אזוי פיל נישט געבעטענע אויערן, און ווען דער קאמערצראט וואָלט זיך צו זיי נישט אַזוי באאומרואיקט צוגעקוקט.
— מיר וועלן גיין צו דיין פאפא, האָט ער געזאָגט, איך האָב צו אים עפּעס א ענין.
זי האָט אים אָנגעקוקט פארוואונדערט, האָט אָבער נישט געשטעלט קיין פראגע — זי האָט געהאט צו אים אן אומבאַגרענעצטן צוטרוי.
— הער קאָמערצראט, איך האָב צו אייך עפּעס א בקשה.
— וואָס אזוינס?
— איר קענט פּערזענלעך דעם דיריגענט פון די פילהארמאָנישע קאָנצערטן?
— יאָ, איך האָב דעם כבוד.
— איר האָט מסתמא געליינט אין דער צייטונג, אז ער איז בשעת זיין לעצטן קאָנצערט באגנבעט געוואָרן אויף א מאָדערנעם אופן?
— אודאי!
— איז גוט. מיין ביטע באשטייט אין דעם, אז איר זאָלט נישט דערמאנענדיק מיין נאָמען אים צושיקן צוואנציקטויזנט מארק, וואָס איך וועל אייך דאָ איבערגעבן, — ניין, לאָזט מיך ענדיקן, הער קאמערצראט. איך קוק אויף דער סומע, וועלכע איז מיר היינט אריינגעפאלן דורך א צופאל אין די הענט, ווי אויף אן אומפארדינטן גליק. איך וואָלט זייער געוואָלט אָנטון עמעצן א נחת רוח.
— איר זענט ווירקלעך איינער פון די משונהדיקסטע מענטשן, וואָס איך האָב ווען עס איז באגעגנט. וואָס גייט

אייך אָן, זייט מיר מוחל די דאָזיקע באמערקונג, די גאנצע געשיכטע? איבריקנס האָט די גאנצע סומע אויב איך האָב נישט קיין טעות אויסגעמאכט קוים עלפטויזנט מארק.

— עלפטויזנט זעקסהונדערט, הער קאמערצראט, איך ווייס עס גאנץ גענוי, ער האָט צוגעוואונקען פון דער זייט צו פרייליין לוציע, וואָס איז געשטאנען ווי אויף ברענענדיקע קוילן.

נו גוט, עלפטויזנטהונדערט זענען נאָך נישט קיין צוואנציקטויזנט מאַרק.

— ריכטיק, הער קאָמערצראט, אָבער דער מענטש מוז באלוינט ווערן פאר זיינע אומאנגענעמלעכקייטן — אַ נישט פארשאפט מיר דער גאנצער ענין קיין נחת נישט!

— און פאר וואָס ווילט איר נישט שיקן דירעקט צו אים אליין; באמת גערעדט, האָב איך נישט ליב זיך ארייננצומישן אין פרעמדע ענינים.

— דאָס איז געווען נאָר א ביטע, הער קאָמערצראט. אייער טאָכטער האָט מיר געזאָגט, אז איר זענט באקאנט געווען מיט דעם מענטשן. פאר מיר האָט עס א באזונדערן רייץ צו בלייבן אומבאקאנט.

— פאפא, איך בעט דיך זייער טו עס!

— אויב איך טו אייך דערמיט אַ געפעליקייט אדרבא. אזא פראָטעקציע קען איך נישט אָפזאָגן.

— איך בין אייך זייער דאנקבאר; הער קאמערצראט. גראף לוגוויץ איז צוגעקומען און האָט פארבעטן טרעני-קוויץ צו א פארטיע וויסט.

ווען זיי זענען ווידער אליין געבליבן, איז לוציע צו-געגאנגען גאָר נאָנט צו רעלנאָוון און האָט שטיל געזאָגט:

— ליבסטער מענטש אויף גאָטס ערד, איך וויל דיר שטעלן א פראגע: צו וואָס האָסטו געשטעלט דאָס געלט אויף אלקאדאָר, אָנשטאָט אים עס צוריקצושיקן?

דערביי האט זי אים אַנגעקוקט פול מיט אנגסט און שפאנונג.

ער האָט געענטפערט גאנץ געלאסן:

— ווייל איך בין נישט אימשטאנד איבערצומאכן אָדער חרטה האָבן אויף מיינע מעשים. ער האָט זיך סיי ווי מיאש געווען אינגאנצן פון געגנבעטן געלט! עס איז געווען זיין גליק, וואָס דער „אלקאדאָר" האָט געוואונען דעם ערשטען פריז. איך וואָלט עס קיינמאָל נישט געחלומט. און איצט הער מיך אויף צו פרעגן, ווייל דאָס איז א פיינער פונקט, וועלכן מען דארף נישט באַרירן.

זי האָט הכנעהדיק צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

## זיבעטער קאפיטל

אין איניקע טעג שפּעטער האָט מען רעלנאָוון גערופן אין צימער פון דער שטארבנדער באראָנעסע זיידליץ.

ווי א ווייסע לילִיע איז זי געלעגן אין די קישנס, אן אומענדלעכע בענקשאפט האָט זיך געשפּיגלט אין אירע ווייט־צעעפנטע אויגן, אירע צארטע הענט זענען געווען אויסגעמאָגערט — די אש־בלאָנדע האָר זענען, ווי א שווערע כוואליע געפאלן איבער איר שניי־ווייסן האלז.

דאָס בעט איז געווען צוגערוקט צום באלקאָן און די פרילינגס־זון פון לוגאנא האָט א לעצט מאָל געוואָרעמט א מידן מענטשן — א לעצט מאָל האָט איר שוין אויסגעלאָשן אויג איינגעזאפּט אין זיך די שיינקייט פון דער דורכגעלויכטענער אָזערע, און צום לעצטן מאָל האָט זיך א יונג הארץ ווייט געעפנט אנטקעגן דעם לעבן.

— גלעט מיך לייכט, — האָט זי שטיל געזאָגט צו רעלנאָוון און עפּעס ווי א טיפע גליקזעליקייט איז אריבער איבער איר געזיכט, וואָס האָט געטראָגן אויף זיך דעם צייכן פון טויט.

זיין האנט האָט געגלעט איר געזיכט, איר האלז, אירע קנאָספּיקע ברוסט, וועלכע ס'איז שוין נישט באשערט געווען אויפצובליען.

זי האָט פארמאכט די אויגן און גליקזעליק געשמייכלט.

אך, פּאפּא, האָט זי געזאָגט, לאָז מיך א רגע מיט אים אליין.

זי האָט קוים געקענט רעדן.

דער קאמערהער, וואָס האָט די גאנצע צייט ארויסגע־קוקט דורכן פענסטער, האָט פארלאָזן דאָס צימער אויף די שפּיץ־פינגער.

— קוש מיך, — האָט זי געבעטן און ווייט געעפנט די אָרעמס.

ער האָט זיך אָנגעבויגן איבער איר און געקושט אזוי צארט און פון הארצן אירע האָר, איר שטערן, אירע אויגן און אירע ליפּן, דעם האלז און די ברוסט, אז א חיות האָט דורכגענומען איר קראנקן קערפּער.

און דאן האָט זי אים אָנגעקוקט מיט אן איבערערדישן בליק, וועלכן ער האָט באגרייפט.

ער איז צוגעגאנגען צו איר גאנץ נאָענט.

זי האָט פארצויגן די ליפּן אויף א שעלמיש־פארשעמטן, יונגמוטערלעכן אופן.

— זעסט, איך וואָלט דיך נישט פריי געלאָזן — פעסט וואָלט איך דיך געהאלטן, אזוי אזוי — אזוי?

און מיט די לעצטע כוחות האָט זי אים צוגעצויגן צו זיך, געטוליעט זיך צו אים, ביז די שוואכע אָרעמס זענען איר מידע ארונטערגעפאלן.

— גייט נישט אוועק! האָט זי אויסגערופן מיט א וויינענדיק קלאָגעדיק קול פון א צושראָקן קינד.

מיט אמאָל זענען איר די אויגן געוואָרן שווער, און א דערשטיקטער קרעכץ, א שטיל ווייטאָגדיק געוויין־קרעכץ האָט זיך אומבאוואוסטזיניק ארויסגעריסען פון איר, און בעת דער אויסדרוק פון איר פנים האָט ווי גערעדט פון טיפן פרידן.

ער האָט זיך פאָרזיכטיק אויפגעהויבן און מיט זאָרג זי צוגעדעקט.

איר אָטעם האָט שטיל געכאָרכלט, אָבער אויף איר פנים איז נישט געווען קיין שום סימן פון ווייטאָג. די איידעלע און פיינע ראסע האָט אפילו די קראנקייט נישט געקענט בייקומען. און פלוצלינג האָט זי מיט א געוואלטיקער אָנ־

שטרענגינג אויפגעהויבן נאָך איין מאָל דעם קאָפּ פון די קישנס. אירע אויגן האָבן געזוכט רעלנאָוון, א סעקונדע האָבן זיי אויפגעבליצט, און שטיל גאָר אָן א קאמף מיטן טויט, פארלאָשן געוואָרן.

רעלנאָוו און דער קאמערהער האָבן זיך נישט גערירט פון אָרט.

שטום האָבן זיי געקוקט אויף דער טויטער, וועלכע איז נעבן זיי געלעגן א וואונדערשיינע, באגאָסן מיטן גאָלד פון דער זון און געשמייכלט.

דער קאמערהער האָט פארלייגט די הענט צו א תפילה— ער איז געווען ביי גאָט — רעלנאָוו איז אָבער געווען ביי דער טויטער און ער איז געשטאנען אין מיטן פונם לעבנס-געהיימניס.

א שוידער איז אדורך זיין לייב.

דער תוך פון לעבן איז געלעגן אין דער פארייניקונג. פון צוויי קערפערס — ער האָט עס נאָך קיינמאָל נישט גע-פילט אזוי שטארק, ווי אין דעם אויגנבליק, בשעת דאָס אָפּ-געשטאָרבענע נפש, וואָס איז איצט געווען א שאָטן, א גאָר-נישט, האָט אויסגעשטראָמט צו אים זיינע לעצטע כוחות און אויסגייענדיק האָט עס נאָך איינמאָל געוואָלט ארומנעמען דאָס לעבן.

און דעריבער האָט ער אייביק געהאלטן אין איין זוכן.

דעריבער האָט ער זיך באצויגן מיט אן אומבאגרענצטער פאראכטונג צו יעטוועדער פראָפעסיע, ווייל ער איז געקומען אויף דער וועלט, כדי צו באגרייפן דעם לעצטן עיקר פון לעבן.

ער האָט אויפגעציטערט, בשעת זיידליץ האָט אויסגע-שטרעקט צו אים די האנט און האָט אים אויפגעוועקט פון זיינע חלומות.

— איך דאנק אייך, הער באראָן גינסדאָרף, גאָטס ברכה זאָל אויף אייך רוען. נאָך היינט פאָר איך אהיים מיט מיין קינד.

דאָס זענען געווען די לעצטע ווערטער, וועלכע זיי האָבן צווישן זיך אויסגעטוישט.

נאָך אין דער זעלבער נאכט איז דער קאמערהער אָפּגעפאָרן מיטן קערפּער פון זיין טויטער טאָכטער קיין דייטשלאנד.

# אכטער קאפיטל.

דער שאָטן פון טויט האָט אויף איייניקע שעה אויסגע־שפרייט זיין אייז־קאלטן הויך איבערן גאנצן האָטעל, באלד אָבער האָט די לעבנס־ענערגיע געזיגט, און אלע זענען אייגנ־טלעך געווען צופרידן, וואָס הער פאָן זיידליץ איז אזוי שנעל אָפגעפאָרן און נישט געמאכט זיי פאר עדות פון זיין צער.

די מענטשן האָבן ליב דאָס לעבן...

נאָר דער צער פון דער גרעפין לוגוויץ האָט אביסל לענגער געדויערט. זי איז צוזאמען מיטן פראָקוראָר פלעק גע־גאנגען צום גאָטעסדינסט, האָט געלאָזט פאר דער טויטערס וועגן אָפהאלטן א מעסע און איז צוויי טעג נישט אראָפגעקו־מען צו די מאָלצייטן.

די גענעראלין פאָן ווייכמאן האָט זי באזוכט צוזאמען מיט איר טאָכטער. און מיט די איבריקע דאמען, פרוי ליצינג און פרוי פאָן אָסטן. זיי זענען איר געקומען מנחם־אבל זיין, ווייל די גרעפין האָט אָן אויפהער געוויינט אין אירע שפיצ־טיכלעך, און די אנדערע דאמען, וואָס האָבן זי געפרוווט צו טרייסטן האָבן זיך צום סוף אויך צעוויינט.

פריילין טרענקוויץ האָט זיך נישט אָנגעשלאָסן צו די באזוכערינס.

— זיי טוען עס גראָד אזוי, ווי זיי וואָלטן באמת גע־ליטן פון א פארלוסט, איך האָב נישט בדעה מיטצומאכן די דאָזיקע מאלפעס־קאָמעדיע, האָט זי געזאָגט קורץ און שארף.

אָבער טיף אין איר הארצן איז געוואקסן א מאדנע, אומהיימלעך געפיל, וואָס איז געווען פארקניפט מיטן זכרון פון דער טויטער. מיט איר פרויען־אינסטינקט האָט זי געפילט, הגם רעלנאָוו האָט מיט קיין איין וואָרט נישט דערמאָנט די טויטע, אז צווישן זיי האָט עקזיסטירט אן אינערלעכע באַ־ציאונג. פון דער ערשטער מינוט אָן האָט זי דאָס געוואוסט.

זי האָט נישט געשטעלט קיין פראגן, אָבער זיין לייכט־פארוואָלקנטער שטערן האָט איר געגעבן א סך צו קלערן. טיף

אין איר הארצן איז געווען פארבאָרגן אן אייפערזוכט-געפיל צו דער פארשטאָרבענער, און א ברענענדיקער ווייטאָג האָט איר אָנגעכאפט ביים געדאנק, אז ווען נישט גאָטס האנט, וואָלט די דאָזיקע פרוי צוגענומען ביי איר צום סוף איר געליבן מאן.

אירע אויגן האָבן בייז אויפגעבליצט, און די קליינע הענט האָבן זיך געביילט. זי וואָלט אויף אלץ פעאיק געווען. זי וואָלט אויפגענומען דעם קאמף און וואָלט אויף מעסערס געגאנגען.

ניין, זי וועט נישט דערלאָזן, אז מען זאָל אים פון איר אָפנעמען — נאָר צו איר האָט ער געהערט — צו איר אליין.

זי איז געווען אזוי פארכאפט פון איר ליבע, אז זי האָט ווי א שיכּורע פארגעסן יעדער פאָרזיכט; איר ליידנשאפט האָט נישט געוואוסט פון קיין שום גרענעצן. זי איז געווען אייפערזיכטיק אויף יעדן וואָרט, אויף יעדן בליק, וועלכן ער האָט געשאָנקען אן אנדערער. אלע אירע געפילן און מחשבות זענען געווען אויף אים געווענדעט.

זי האָט זיך דערשראָקן פאר זיך אליין און האָט נישט געקענט באגרייפן, וואָס מיט איר איז געשען.

זי האָט שטענדיק געגאָלטן אלס א הויכמוטיקע — אַ קאלטע און אָפּשטויסנדיקע און איצט זענען מיט איין מאך צעפאלן אלע סיגים פון דער דערציונג — איר נאטור האָט אויפגעוואכט, און זי האָט זיך אין איר גאנצן מהות געענדערט.

זי האָט זיך מער נישט געשראָקן. נאָר פון צייט צו צייט האָט זי זיך מיט א פארקלעמט הארץ געפרעגט, פארוואָס רעדט ער אייגנטלעך נישט איבער מיט איר פאָטער. מחמת ווי שטארק עס איז נישט געווען דער תּענוג פון זייערע געהיימע זעאונגען, האָט זי דאָך פון גאנצן הארצן זיך געוואונשן צו קענען באווייזן זיך מיט אים אָפן פאר דער גאנצער וועלט.

אָבער איר שטאָלץ און א טונקעלע, אונבאשטימטע מורא האָבן זי צוריקגעהאלטן צו רעדן מיט אים וועגן דער צוקונפט.

יעדן אָונט, ווי נאָר סאיז ארום רואיק געוואָרן, פלעגט זי זיך שטיל ארייננגנבענען צו אים. אייניקע מענטשן האָבן עפּעס דערשמעקט און שטיל געשושקעט זיך אין אויער אריין.

ווען רעלנאָוו האָט איר אויפגעוואָרפן איר לייכטזיניקייט און פּאָרויס געזאָגט, אז אין איין שיינעם פרימאָרגן וועט זי געבן דעם גרעסטן ספּעקטאקל אין האָטעל, האָט זי אים אויס־געלאכט.

— פון ווען אָן ביסטו געוואָרן אזא פּחדן? וואָס קאָן אונז פּאסירן? — און, אויב עפּעס וואָלט יאָ פּאסירט — שווער איך ביי גאָט, איך בלייב רואיק!

און איבערמוטיק־זיכער האָט זי זיך באקוועם געמאכט, האָט ארויפגעצויגן אויף זיך די מאטינע מיט די בריסעלער שפּיצן, וועלכע איז, ווי זי האָט געוואוסט, באזונדערס אים געפאָלן, געזעצט זיך אויף זיין שויס און ארומגעפלאָכטן אים מיט אירע אָרעמס.

— אזוי, האָט ער געזאָגט, און ווען די טיר, וואָלט זיך איצט געעפנט און דיין פאָטער וואָלט זיך באוויזן אויף דער שוועל — עס וואָלט פון דיר געוואָרן פון שרעק א שטיק זאלץ.

— אויסגעשלאָסן! איך וואָלט ווייטער געבליבן זיצן ביי דיר. איך שווער דיר.

— נא, נא, האָט ער געענטפערט, און ווען דער פּאפּא זאָל זיך אויף דיר אָנבייזערן: לוקס, צי איז דער טייוול אין דיר אריין, אין וואָס פאר א צושטאנד זיצסטו ביי דעם ווילד־פרעמדן מענטשן?

— דעמאָלט וואָלט איך געענטפערט: ליבער פּאפּא, דו ביזט זיך טועה, דאָס איז נישט קיין ווילד־פרעמדער מענטש— דאָס איז מיין געליבטער מאן!

— פריינט, מיינסטו, פריינט, האָט ער איר פארבעסערט. זי האָט זיך געמאכט נישט־הערנדיק.

— איך מעג דאָך זיצן ביי מיין ליבן מאן.

— און איצט וועט דיך דער פּאפּא הייסן תּיכף פאר־לאָזן דאָס צימער.

— און איך וועל דערויף ענטפערן, אז אזוינס איז אוממעגליך, ליבער פאפא; איך קאָן דאָך נישט פארלאָזן מיין מאן, די מאמע איז דאָך פון דיר אויך נישט אוועקגעגאנגען.

— און דיין פאפא וועט דיר מיט רעכט ענטפערן: איך און דיין מאמע, דאָס איז עפּעס אנדערש — איך בעט דיך, דו זאָלסט נישט מאכן אזעלכע פארגלייכן!

— ליבער פאפא, איך קאָן דאָס גאָרנישט באגרייפן. דו האָסט געליבט די מאמע און די מאמע — האָט דיך געליבט. ער ליבט מיך — איך ליב אים. וואו איז דאָ דער אונטערשייד?

— אויב דו גייסט נישט די רגע ארויס מיט מיר, איז צווישן אונז אויס, לוקס.

— דאָס וואָלט אונז גורם געווען אומגעהייערע לייד, פאפא, אָבער איך מוז בלייבן ביי מיין מאן, — אזוי פאר־לאנגט דאָך די הייליקע שריפט!

— איך בין דיר מוחל אלץ, וואָס איז געשען, נאָר מאך איצט אן ענדע, לוקס.

— ליבער פאפא, דו האָסט מיר גאָרנישט וואָס מוחל צו זיין — איך בין פשוט געווען מיט אים צערטלעך, אזוי ווי די מאמע איז געווען מיט דיר — אנדערש וואָלט איר מיר דאָך נישט געבוירן — — זיי אלזא ליבלעך צו אים, ער איז דאָך איצט דיין איידעם!

רעלנאָוו איז אויפגעשפרונגען און האָט צוגעטראָגן די פרייליין צו א פּאָטעל.

— ניין, האָט ער לאכנדיק זיך אָנגערופן, מיר וועלן די שפיל לענגער נישט פאָרטזעצן, אויב נישט, וואָלטן מיר זיך פארפלאָנטערט אין משפחה־סענטימענטן, אָפּהיטן זאָל אונז גאָט דערפון. דיין פאפא מעג טאקע בלייבן אין דרויסן — און זאָל ער נישט שטערן אונזער צוזאמענזיין, וואו עס רעדט זיך גאָרנישט וועגן מאן און ווייב, אָדער איידעם און שווער.

— אָבער דו ביסט דאָך זיין איידעם, האָט זי זיך אלץ געהאלטן - ביים איריקן, איינגעשפּארט און קאפּריזנע.

— פון מיינעטוועגן קאָן ער זיין נאָך א פּאָר וואָכן דער

אנאָנימער שווער. אָבער דערנאָך שיידן מיר זיך און יעדער גייט זיך ווייטער זיין וועג.

זי האָט געשוויגן און האָט שטיל און לאנג נאָכגעטראכט.

— קום, זעץ דיך צו, האָט זי געבעטן, און זאָג מיר, צי קענסטו א סך פרויען. זאָג מיר, צי ביסטו צו אלע געווען אזוי ווי צו מיר?

— נישט פרעגן!

ער האָט איר צוגעמאכט דאָס מויל.

זי האָט גענומען זיינע הענט און האָט זיך אראָפּגעבויגן צו אים.

— צי האָסטו דיך נישט אנטוישט אין מיר? האָט זי געפּליסטערט אים אין אויער.

— ניין, באמת ניין, איך האָב מיך נישט אנטוישט אין דיר!

— גאָט צו דאנקען, האָט זי געענטפערט, אז נישט וואָלט מיר זייער שרעקלעך געווען.

— הער מיך דאָך איין מאָל ווי געהעריק אויס. — זיין פּנים איז געוואָרן ערנסט און נאָכדענקלעך. — איך וואָלט אויף קיין שום פאל נישט געוואָלט דערלאָזן צו קיין סקאנדאל. דעריבער בעט איך דיר — זיי פאָרזיכטיק. מאך אונז נישט קאליע די פּאָר וואָכן, וועלכע זענען אונז נאָך פארבליבן — און טו עס אויך צוליב דיין פאָטער!

— ווי פארשטייסטו דאָס?

זי האָט ווייט צעעפנט די אויגן.

— דו זאָלסט דיך מער באהערשן, בשעת מיר געפינען זיך צווישן פרעמדע מענטשן. די ווייכמאנס, גלויב איך, האָבן שוין עפּעס באמערקט: און די האָטעל־דינערשאפט שושקעט זיך שוין אויך גאנץ פאָרזיכטיק. איך וואָלט געוואָלט דיין פאָטער פארשפּאָרן איבעריקע אויפרעגונגען.

— יאָ, אָבער וואָס קימערט מיך דען מיין פאָטער, האָט זי ווילד אויסגעשריגן, און איר געזיכט האָט באקומען אזא איינגעשפּארטן אויסדרוק, אז ער האָט זי דערשראָקן אָנגע־

קוקט. איך בין דאָך נענטער צו זיך ווי דער פאָטער, האָט זי אומבאקימערט ווייטער גערעדט. דאָ האנדלט זיך דאָך קודם כל וועגן מיר. זאָלן לייט רעדן וויפיל זיי ווילן — מיר איז דאָס אינגאנצן אלץ איינס.

— אָבער מיר אין דעם פאל נישט, האָט ער קורץ גע-ענטפערט. איך האָב ליב, אז דער סוף זאָל אויך זיין שיין.

— יאָ, ווילסטו דען פטור ווערן פון מיר? האָט זי געשטאמלט, נישט קענענדיק זיך שוין מער באהערשן, און איר גאנצע ענערגיע איז ווי אויסגעשעפּט געוואָרן.

— מיר מוזן זיך דאָך אָבער איינמאָל צעשיידן. דו וועסט אהיימפארן מיטן פאָטער, און איך וועל מיר גיין מיין וועג.

א ווײַלע האָט זי פארדעקט איר געזיכט מיט די הענט, ווי זי וואָלט נישט געקאָנט אויסהאלטן זיין בליק.

— דו מיינסט עס ערנסט, האָט זי ענדלעך אויסגערופן.

— איך מיין עס גאנץ ערנסט, — האָט ער געענטפערט.

זי האָט אָנגעהויבן הארצרייסנד צו שלוכצן.

ער האָט צו איר גערעדט אָפּגעהיט און צום הארצן—זי דארף זיין א קלוג, הױטיק מיידל און נישט פארמיאוסן זיי ביידע די שעה פון אָפּשייד.

— פארשטייסט, אזוינע איבערלעבונגען טאָרן זיך נישט ענדיקן מיאוס. מיר האָבן זיך ווי פרייע שטאָלצע מענטשן געטראָפן — איצט מוזן מיר זיך אויף דעם זעלבן אופן פא-נאנדערגיין און דעם זיסן ריח און די שיינקייט פון אונזער ליבע מיטנעמען מיט זיך ווי א טייערן אָנדענק.

זי האָט פלוצלינג אויסגעווישט אירע טרערן, און מכלומרשט גאנץ רואיק געענטפערט:

— אויב אזוי האסטו א געוואלטיקן טעות, איך וועל פון דיר נישט אוועקגיין. אזוי לייכט וועסטו פון מיר נישט פטור ווערן! לפּחות, נישט אזוי גיך, האָט זי צוגעגעבן אין א מאָדנעם טאָן, יאָ, גאָט מיינער, פארוואָס ווילסטו מיך דוקא אוועקוואַרפן? וואָס האָב איך דיר דען געטון? בין איך דען

שלעכט געווען צו דיר? צי האָב איך דיך באליידיקט — צי האָב איך דיך געקוועלט?

זי האָט זיך שוין מער נישט געקאָנט באהערשן. איר קערפּער און נשמה האָבן זיך געבונטעוועט.

ער האָט זי גערירט אָנגעקוקט, אָבער ער האָט קיין וואָרט נישט ארויסגערעדט.

— זאָג מיר, פארוואָס גייסטו נישט צום פּאפּא? האָט זי ווייטער גערעדט אין טיפער אויפרעגונג, מיט גליענדיקע ליפּן. פארוואָס זאָגסטו אים נישט, איך האָב ליב אייער מיידל — גיט זי מיר פאר א פרוי? אָדער זאָל איך עס אפשר טון?

— דו מיינסט אוודאי, אז איך האָב מורא פאר אים? און ווען ער זאָל אפילו זאָגן ניין — גוט, וואָס ארט דאָס מיך — דעמאָלט גיי איך מיט דיר אָן זיין דערלויבניש! — הער מיך צו, האָט זי פלוצלינג איבערגעהאקט, דו רעדסט גאָר קיין וואָרט נישט ארויס, דאָ מוז עפּעס זיין! האָסטו אפשר מיט אן אנדערער... אָ מיין גאָט — — — מיין גאָט, אפשר פאראכטעסטו מיך, ווייל איך — — ווייל איך האָב דאָס געטון...

און זי האָט ווידער אָנגעהויבן ביטער צו וויינען.

ער האָט צארט געגלעט אירע האָר.

— דאָס אלץ איז פּשוטע נארישקייט, וואָס דו אליין נעמסט נישט ערנסט. זאָל איך דיך דערפאר פאראכטן — אָ מיין ליבסטע, ווי קומען צו דיר אזעלכע געדאנקען — איך האָב דיך האָלט — און אין דער שעה בלויז דיך, און דוקא דעריבער ווייל איך איצט פון דיר אוועקגיין, איידער די שיינקייט וועט פארבליען — פארשטייסטו עס דען נישט — עס האנדלט זיך גאָרנישט וועגן דיין פּאפּא!

— אזוי איז אלץ ווידער גוט און שיין; הערזשע אמאָל אויף צו רעדן די נארישקייטן!

ער האָט זי אָנגעקוקט מיט גרויסע אויגן און א ווײלע געצהאט מיט זיך א ישוב-הדעת, איידער ער האָט געענטפערט פעסט און אנטשלאָסן:

— ניין, לוקס, דאָ האנדלט זיך אויך וועגן מיר, איך קאָן מיך נישט בינדן — כ'קאָן מיך נישט אליין אָנטון די קייט — דאָס איז קעגן מיין נאטור — איך קאָן נישט. איך האָב זיך קיינמאָל נישט פארשטעלט פאר דיר.

דער דאָזיקער מענטש, וואָס האָט אדאנק זיין גלענ־צענדער דיאלעקטיק און געשיקטקייט שטענדיק געפונען אן אויסוועג פון יעדער סיטואציע, האָט איצט מיט אלע כוחות געזוכט די פאסיקע ווערטער, כדי איר פארשטענדלעך צו מאכן זיין וועזן און האָט זיי נישט געפונען.

איר רירנדיקע איז אומבאהאָלפנקייט איז אריבער אויף אים, אָבער זי איז געבליבן פארגליווערט.

ער האָט זיך מיטאמאָל מיאש געווען און גענומען דעם הוט און שטעקן, כדי שטום צו פארלאָזן דאָס צימער.

— גיי נישט אוועק פון מיר! האָט זי פארצווייפלט גע־רופן און אים פארשטעלט דעם וועג.

— ניין, האָט ער זיך אָנגערופן, מיט דיר איז גאָרנישט צו מאכן — דו פארשטייסט מיך נישט און ווילסט מאכן פון מיר א שלעכטן מענטשן!

— דאָס איז נישט אמת – דאָס איז מיר קיינמאָל נישט איינגעפאלן, האָט זי היציק געענטפערט.

— איך בין אויך אין פשוטן זין א שלעכטער מענש, האָט ער ווייטער גערעדט, איך בין דאָס לכל הדעות – און מוז עס זיין. אָבער אין הארצן האָב איך געהאָפט, אז דו וועסט מיך פארשטיין — נישט מיטן שכל — אָ ניין! נאָר מיט א פיין געפיל, האָב איך געמיינט, מיט א געפיל, וואָס נאָר א פרוי פארמאָגט עס. איך האָב אבער געהאט א טעות, דו מעסט מיך מיט דער געמיינסטער מאָס. און איצט בין איך פאר דיר א געוויסנלאָזער לומפ—אזוי ווי פארן ערשטן בעסטן פראָקוראָר — אלץ איינס, צי ער הייסט פלעק אָדער דרעק. צו אלדי רוחות נאָך איינמאָל!

ער האָט דורכגעשפרייזט אַ פאָר מאָל איבערן צימער מיטן הוט אויפן קאָפּ.

זי האָט מיט אנגסט און שפאנונג נאָכגעשפירט אלע ריי-
נע באוועגונגען.

— און פון וואנען דרינגסטו, אז איך פארשטיי דיך
נישט-וואָס האָב איך געטון, כדי צו וועקן אין דיר דעם דאָ-
זיקן גלויבן?

— ווייל דו ווילסט מאַכן פון מיר אַ באווייבטן — אַ טאַטן
און באגרייפסט נישט דעם תוך פון מיין נשמה.

זי האָט זיך מאָדנע צעלאַכט.

— זאָל איך דיר אפשר באווייזן, אז איך האָב דיך ליב,
זאָל איך דיך באפרייען פון מיר? אפשר ווילסטו, אז איך זאָל
מיך ארויסווארפן פון פענסטער? זאָג איין וואָרט — און איך טו
עס אויפן אָרט.

נישט ווייסנדיק וואָס ער טוט, האָט ער אראָפּגענומען
דעם הוט פון קאָפּ און אַוועקגעשטעלט דעם שטעקן אין א זייט.

— דו אָרעמע נשמה נעבעך — האָט ער ווייך געזאָגט און
זי צוגעצויגן צו זיך.

איר ווייטאָק האָט אים ווי געטון. זי האָט זיך פאמע-
לעך בארואיקט פון אירע ספּאַזמען.

— זיי גוט צו מיר, ליבער, ליבער מאן! גיי נישט אוועק
פון מיר! בלייב נאָך ביי מיר!

אירע האָר האָבן זיך ווילד צעלאָזט. אירע הענט פרום
פארלייגט. זי איז געשטאנען פאַר אים ווי א פארקערפּערטער
ווידערשפּרוך.

ניש ווילנדיק האָט ער געמוזט שמייכלען.

זי האָט אָנגעכאַפּט זיינע הענט און געוואָלט זיי קושן.

— גאָט באַהיט, נאָר נישט דאָס! האָט זיך ביי אים
ארויסגעריסן, ווייל איר הכנעהדיקייט האָט אים דערשראָקן.

— דו ביסט אַ שד און אַ מלאך! אָבער ווער איז שטאַר-
קער אין דיר — דער שד אָדער דער מלאך?

— דאָס איז אָפּהענגיק פון דיר, האָט זי ערנסט געענט-
פערט. דו וועסט זומאָל טראָגן די אחריות דערפאַר.

אין אירע ווערטער האָט געקלונגען אַ באהאלטענער דראָ־
ענדיקען טאָן.

— אָ ניין, האָט ער געענטפערט, די געשיכטע איז נישט
אזוי פשוט! אחריות ווארפט מען פון זיך נישט אראָפּ און מען
לייגט זי נישט ארויף אויף קיין אנדערן! און איצט גיב מיר
אַ קוש, אלץ איינס צי דו ביסט א שד אָדער אַ מלאך.

זי האָט פארווארפן ארום אים די אָרעמס מיט איר גאנצן
כח און היץ.

אָבער זיינע ליפּן זענען געבליבן קאלט און זיין נשמה
איז געווען ווייט פון איר.

---

אין פאלאס־האָטעל האָט מען זיך אָנגעהויבן צו סודן.
די גענעראלין פאָן נייכמאן האָט אָנגעזאָגט איר טאָכ־
טער, אז זי זאָל ווי ווייט מעגלעך באגרענעצן אירע באציאונגען
מיט לוציע טרענקוויץ. די גרעפין לוגוויץ האָט פון צייט צו
צייט געוואָרפן רחמנות־בליקן אויף לוציע, ווי זי וואָלט איר
געוואָלט זאָגן: אָרעמע נשמה, אין וועלכע הענט ביסטו אריינ־
געפאלן! זי האָט זי אין זינען געהאט בעת יעדער פון אירע
תפילות און געבעטן גאָט, אז ער זאָל נעמען דאָס קינד אונ־
טער זיין שוץ.

די יונגע פרוי פאָן ליצינג האָט געהאלטן די גאנצע
געשיכטע פאר שרעקלעך אינטערעסאנט און נייגעריק געווארט
אויפן פינאל.

— איך וועל נישט פריער אָפּפאָרן, ביז וואנען עס
וועלן נישט פאָרקומען די תנאים. איך מוז מיך דערווארטן.

זי האָט זיך נישט פארנומען מיט קיין שום מאָראל־אור־
טיילן, האָט געהאלטן לוציען פאר אַ מוטיקע פּערזאָן, פאר
וועלכער זי האָט געהאט אומבאדינגט רעספעקט, און האָט צו
דער גענעראלינס פארדראָס צוגעגעבן מיט צינישער אָפנקייט,
אַז ווען זי וואָלט נישט געהאט דעם אומגליק ערשט חתונה
צו האָבן און ווען זי וואָלט אויף זיך נישט גענומען געוויסע
התחייבותן, וואָלט זי אומבאדינגט איצט קאָנקורירט מיט

פרייליין טרענקוויץ. זי האָט אויך געפרווט מיט אלערליי אָנ־צוהערענישן און רמזים דערגיין ביי לוציען אליין איר סוד.

לוציע האָט זי אָבער אויסגעמיטן — זי איז נישט געווען אויפגעלייגט צו שפאסן. א טיפע אומרו האָט זי ארומגענומען, א שמערצלעכע אנגסט, אז ער קאָן פלוצלינג אָן א שום פאַר־וואָס אוועקגיין פון איר און איבערלאָזן זי אליין מיט איר יאָמער. און וואָס דעמאָלט וואָלט געשען — ווייס איין גאָט.

זי האָט כסדר געטראכט און זיך געיעשובט מיט זיך, אויף וואָס פאר א אופן זי וואָלט געקענט אים צובינדן צו זיך — און האָט נישט געפונען קיין שום אויסוועג.

דער דאָזיקער מענטש האָט זיך אויסגעצייכנט מיט א באַ־זונדערער אנטשלאָסנקייט, קעגן וועלכער ס'איז אוממעגלעך געווען צו קעמפן.

זי האָט מיט שרעק אויסגעמיטן אָנצורירן די דאָזיקע אָנגעווייטאגטע טעמע און האָט געמאכט דעם אָנשטעל, אזוי ווי זי וואָלט שלום געמאכט מיט איר גורל.

און אין דער זעלבער צייט, ווען זי איז געווען אין אלעמענס מיילער און האָט געגעבן שטאָף פאַר געשפרעכן אין צימער פון די הויזדינער און ביי די געסט, — איז דער קאָ־מערצראט ארומגעגאנגען, ניעט האָבנדיק קיין אנונג, וואָס עס טוט זיך ארום אים, א ביסל אומגעדולדיק און נערוועאיש, ווייל דאָס קינד האָט אבסאָלוט נישט געוואָלט הערן פון א היימפאָרן, בשעת ער אליין איז שוין געווען זאט פונם ליידיקגיין און האָט געבענקט נאָך זיין קאָמפאָרט, נאָך זיין פאבריק און זיין קלוב.

דער פראָקוראָר פלעק, וועלכער האָט ווידער באקומען די אויבערהאנט און וויט געעפנט זיינע שטעכנדיקע, קליינע אויגן, האָט זיך געדרייט אהין און אהער און האָט געזוכט אן עצה ווי צו וואָרנען טרענקוויצן, געבן אים צו פארשטיין. אָבער אלע האָבן אים דרינגענד אָפגעראָטן אריינצומישן זיך אין דעם ענין. אים האָט אויך אָפגעהאלטן א געוויסע מורא, אַנצוהויבן ווידער מיט רעלנאָוון און אים אויפצורייצן.

דערפאר האָט ער זיך דערלויבט צו רעדן, ווען מען איז געווען צווישן זיך:

ביי דער ערשטער באגעגעניש האָט ער באלד קאָנסטא־טירט, וואָס פאר א שטייגער מענטש דאָס איז — און דאָס איז ערשט דער אָנהויב — זיי אלע וועלן נאָך דערלעבן צו הערן פון אים גרעסערע חדושים — „מאָרעל אינסעניטי" *), מיינע הערן, פאָרזיכטיק זיך אויסצודריקן. דאָס איז דער געפערלעכ־סטער טיפ אין אונזער פאָלקסלעבן. מענטשן פון דעם שניט, באשאָנקען פון דער נאטור מיט גלענצנדע פעאיקייטן זענען גע־זעטיקט אָדער ריכטיקער געזאָגט: אָנגעזאפט מיט אלע סמ'ען פון אונזער צייט — מענטשן, וואָס לייקענען אין גאָט, וואָס כרעטן מיט די פיס דעם געזעץ, גוטע מדות און מנהגים...

גראַף לוגוויץ און פולקאָווניק דערער האָבן נישט גע־וואָלט מסכים זיין אויף אזא שארפן אורטייל, בעת גענעראל ווייכמאן האָט זיך אינגאנצן געשטעלט אויף דער זייט פון פראָקוראָר.

— מיין דעוויז, האָט ער דערקלערט בשעת דער דעבא־טע, ווער עס איז נישט פארן קעניג — דער איז קעגן דעם קעניג. און צו אזא מענטשן האָב איך נישט קיין צוטרוי. מיר דארפן זיך האלטן: יאָ — יאָ, אָדער ניין — ניין! אָבער דאָס שימערירן מיט אלע קאָלירן רופט ביי מיר ארויס חשד און עקל.

דער אלטער מעדיצינאלראט שומאכער האָט פלוצלינג באקומען א ווילדן חשק צו דיסקוטירן.

— עקסעלענץ, איך פארשטיי נישט, פון וואנען נעמען זיך צו אייך די פאָרוואורפן קעגן דעם באראָן גינסדאָרף. אויב א מענטש האָט געוויסע אָנשויאונגען, זאָל ער זיך ביי זיי האלטן, קיינער דארף אים אין דעם נישט שטערן. און ווען זיינע אָנשויאונגען זענען ביי אייך נישט נושא חן, איז

*) מאָרעל אינסעניטי — מאַנגל פון מאָראַלישע (עטישע) געפילן און נייגונג צו אומזיטלעכע און פאַרברעכערישע מעשים.

דאָס א זאך פאר זיך, און וואָס איז דאָס פאר א מלוכה־פאר־ברעכן, ווען אן עלעגאנטער, יונגער מענטש — געזונט, באַגאבט און ווייזט אויס אין גלענצנדע פארהעלטנישן — שדכנט זיך צו א דאמע. איך פרעג: וואָס האָט מען אייגנטלעך קעגן דעם באראָן, וואָס מ׳באפאלט אים מיט אזא היץ? איז פרייליין טרענקוויץ אן אומרייף מיידעלע, א נאריש קליין גענזל, וואָס ער האָט געוואָלט אויסנוצן איר אומדערפארנקייט.

דער פראָקוראָר פלעק האָט מיט בטול געשמייכלט.

— מיט אייער דיאלעקטיק וועט איר נישט ראטעווען די סיטואציע, הער מעדיצינאלראט. אויב עס איז אמת — און אלע מיינע ידיעות באשטעטיקן עס — אז הער פאָן גינסדאָרף, וועמען עס איז גאנץ גוט באקאנט די שטעלונג פונם קאָמערצראט צו אים — האלט אונטער מיט דער פרייליין פארבאָטענע באציאונגען אויף א גאנץ אומווירדיקן אופן — יאָ, מיינע הערן, איך געפין קיין אנדערן פארלאמענטארישן אויסדרוק נישט פאר אזא ארט מעטאָדע — צו שטעלן דעם אלטן הער פאר א געשעענעם פאקט — דעמאָלט זאָג איך: אזוי האנדלט אן אוואנטוריסט, א הויכשטאפלער. און דעם הער פאָן גינסדאָרף, האלט איך פאר אן אוואנטוריסט, דאָס איז וויניקסטנס מיין מיינונג. מיר ווייסן, מיט וואָס פאר א טיפער ערנסטקייט און אינערלעכער פאראכטונג האָט דורכלויכט פירשט פאָן שוימבורג־ליפּע דורכגענומען צום דאָזיקן פארשוין נאָך פון ערשטן אָוונט אָן.

— בראוואָ, הער פראָקוראָר. אראָפּגערעדט מיר פון הארצן. כ׳בין אינגאנצן מסכים מיט אייך האָט דער גענעראל גענומען דאָס וואָרט. וואוהין, דאָנערוועטער, זאָלן מיר זיך אהינטון, ווען אן אונזעריקער האָט נישט קיין פעסטן שטאנדפונקט.

— דאָס, וואָס איר זאָגט ארויס, הער פראָקוראָר, האָט זיך לוגוויץ אָנגערופן, נישט לייגנדיק צומאָל קיין אכט אויפן גענעראלס רייד, זענען דאָך נאָר אומבאשטימטע השערות, אויף וויפל מיר איז באקאנט, פאָרשט נאָך די פראָקוראטור

שטרענג אויס דעם באשולדיקונגס-מאטעריאל, איידער זי טרעט ארויס מיט אן אָנקלאגע.

— און דאָ אין לוגאנאָ האָט די דייטשע פּראָקוראטור לויט מיין מיינונג דערוויילּ נאָך זייער א קליינע דעה, — האָט שומאכער ארייגעזאָגט כמעט מיט א געוויסער כוונה.

פלעק האָט זיך אָנגעהויבן צו היצן.

— איך מוז מיך דערפאר באוואָרענען, אז מען זאָל מיך נישט חושד זיין אין אזעלכע געדאנקען. אָבער לויט מיין פּראָפעסיע בין איך נישט געוויינט צו פארמאכן די אויגן. און ליידער האָב איך א גרונט אָנצונעמען, אז דער מאטעריאל, וואָס איז מיר צוגעטראָגן געוואָרן, איז גענוג וואָגיק.

— ווער האָט דען אייך צוגעטראָגן דעם מאטעריאל? האָט שומאכער געפאָרשט.

דער פּראָקוראָר האָט געצוקט מיט די אקסלען.

דאָס געשפּרעך האָט נאָך מיטאָג געדארפט ווייטער גע- פירט ווערן אויף ברייטערע יסודות.

אין האָטעל זענען פלוצלינג אָנגעקומען צוויי נייע געסט, וועגן וועלכע עס האָבן זיך אין משך פון אייניקע שעה גע- טראָגן פאנטאסטישע קלאנגען, וואָס האָבן זיך שווער געלאָזט קאָנטראָלירן:

א הער פון לערך פופציק יאָר מיט אַ גרוילעכער באָרד און טונקלבלויע ברילן, און אַ ווונדערשיינע דאמע פון שלאַנ- קען וואוקס, וואָס האָט אין איר ענגן, שווארצזיידענעם קלייד געצויגן אויף זיך די אלגעמיינע בליקן. איר צארט, ווייס גע- זיכט, אירע שימערירנדיקע רויטלעכע האָר, איר העלע שטראלנ- דיקע גרויע אויגן האָבן איר געשטאלט צוגעגעבן עפּעס אזוינס אויסערגעוויינלעכעס, אזוי אז אַלע געסט האָבן פון איר די אויגן נישט אראָפּגענומען.

דאָס זענען געווען רוסן, וואָס זענען באלד דערקענט געוואָרן פון זייערע לאנדסלייט.

מ׳האָט געשמועסט, אז דער עלטערער הער האָט פאר- פירט די יונגע דאמע, וועלכע האָט געהערט צו דער בעסטער

געזעלשאפט. די צייטונגען האָבן אין יענער צייט ברייט צע־שמירט דעם דאָזיקן אומדערהערטן ספעקטאקל. איצטער זענען זיי — אויך דאָס האָבן אויף א באשטימטן אופן דערקלערט די אָנוועזנדיקע רוסן — אָפגעשטיגן דאָ אין האָטעל אונטער פאל־שע נעמען, האָבן זיך אָנגעגעבן אלס אַ פּאָרפּאָלק, ווייל זיי האָבן זיך פריי געפילט אונטערן שוץ פון דער פרייער שווייץ.

— אלזא אַ ווילדער זיווג — האָט זיך דער פּראָקוראָר גע־בייזערט. און מיט אזעלכע לייט איז מען געצוואונגען צו וואוי־נען אונטער איין דאַך. אין א געוויסער מאָס צו עסן ביי איין טיש. — סקאנדאליעז!

א פיינלעכן איינדרוק האָט געמאכט אויף אלעמען, ווען רעלנאָוו האָט מיט א פולקאָמער רואיקייט דערקלערט, אז לויט זיין מיינונג איז דאָס דאָזיקע פארהעלטניש זייער צארט. ער האָט ביידע באגעגנט אין פארק און האָט זיך מיט אמתער אנטציקונג צוגעקוקט, מיט וואָס פאר א צערטלעכקייט דער הער האָט צוגעדעקט מיט א שאל די נאקעטע פלייצעס פון דער יונגער דאמע, און מיט וואָס פאר א גליק און דאנקבארקייט האָבן אויפגעלויכטן אירע אויגן בעת דער אומבאדייטנדיקער האנדלונג.

— גאָט זאָל בענטשן אלע ווילדע זיווגים, אויב דאָס איז א ווילדער זיווג, — האָט ער געענדיקט.

— ניין, ניין, קעגן דעם מוז מען פּראָטעסטירן, האָט פּראָקוראָר פלעק אויסגערופן. אפשר זאָל גאָר געפירט ווערן פּראָפּאגאנדע פאר פארפירעריי און אומלעגאלע געשלעכטלעכע באציאונגען!

— אַזעלכע באציאונגען קענען זיין זייער שיין, — האָט רעלנאָוו געענטפערט. — עס פאלט מיר איין איבסענס א וואָרט. ער שרייבט: איך האָב נישט באמערקט קיין שום ווילדקייט אין דעם דאָזיקן זיווג.

— גרויסארטיק—האָט אים פּראָקוראָר פלעק איבערגעריסן.

— איר לייקנט אלזא אינגאנצן די הייראט? — האָט זיך דער גענעראל אריינגעמישט.

— איך בין קעגן חתונה האָבן! איך האלט, אז דאָס פארבינדן צוויי מענטשן אויפן סמך פון א חתונה-אקט איז די העסלעכסטע און געמיינסטע זאך אויף גאָטס ערד. אויב איר וועט מיר דערוויזן, אז עס איז פארהאן א טייוול, דעמאָלט זאָג איך: די חתונה איז די ערפינדונג פון טייוול.

דער גענעראל האָט זיך קוים געקענט איינהאלטן פאר אויפרעגונג.

— אך, ביטע, עקסעלענץ, האָט אים רעלנאָוו איבערגע-ריסן, — לאָזט מיך ענדיקן און דערנאָך וועט איר רעדן וועגן מיר, וויפיל עס וועט זיך אייך נאָר גלוסטן. איך וועל מיך גאנץ שטיל פארהאלטן. צי איז דען דענקבאר עפּעס צארטע-רעס און שענערעס, ווען צוויי מענטשן גיבן זיך אָפּ איינער דעם אנדערן און יעדער קאָן זיך צו יעדער שעה פריי אוועק-גיין זיין וועג? ווען ס׳זענען נישטאָ קיין פּענטעס—קיין צוגע-בונדנקייט? איז דען נישט די דאָזיקע פרייהייט נישט דער שטארקסטער באנד און גאראנטיע פון גליק און קעגנזייטיקן פארשטיין זיך? די חוצפּה פון די בעזיצער, וואָס האלטן שטענדיק אין מויל דעם נאָמען-וואָרט, האָט ער ווייטער גערעדט, און זיין שטים איז אריבער און א לייכט-אויפגערעגטן טאָן, — ווערט אין קיין שום פאָרמולע נישט אזוי העזה׳דיק אויס-געדריקט, ווי אין דעם, ווען א מאן זאָגט „מיין פרוי” און א פרוי „מיין מאן”. איך רוף דאָס אָן באזיץ-שגעון.

— און ווייסט איר, ווי איך וואָלט באצייכנט אייערע אויספירונגען? — האָט פּראָקוראָר פלעק אינצווישן ארייגגע-וואָרפן.

— איר מעגט מיך אפילו קעפּן, לאָזט מיך נאָר ענדיקן, — האָט רעלנאָוו געענטפערט, איר מוזט מיך אומבאדינגט אויסהערן. איך וויל נישט, האָט ער געזאָגט, און זיין געזיכט האָט באקומען אן אויסדרוק פון עקשנותדיקער ענערגיע, — אז ס׳זאָל פאלן אויף מיר דער חשד, אז איך האָב ארויסגעזאָגט געוויסע מיינונגען, וועלכע איך בין נישט אימשטאנד געוועזן צו באַגרינדן. איך האב וועגן דעם ענין לאנג נאָכגעטראכט.

איך מיין באמת, — האָט ער צוגעגעבן אין אַ קינדערישן טאָן, וואָס האָט געהאט אין זיך עפּעס אזוינס ווייכעס — אז מען טאָר נישט רעדן וועגן דער לאָזונג פון דער סאָציאַלער פראגע — איידער די חתונה-פראגע איז נאָך נישט געלעזט געוואָרן. עס ליגט שוין אינם מהות פון זיווג און פאמיליע, אז מ׳ווערט גיריק נאָך פארמעגן, מ׳זאמלט עשירות — מ׳וויל באזאָרגן קינדער און קינדס-קינדער, און אין דער דאָזיקער משוגענער יאָגעניש נאָך האָב און גוטס דערלויבט נישט איינער דעם אנדערן פריי אָפּצוּועטעמען, אזוי אז אין דער נישט-געזעטיקטער תּאווה פארכאפּט מען אפילו די ערד.

א ווײַלע האָט ער זיך פארטראכט און שווער געאָטעמט. ער האָט זיך אזוי אויפגערעגט בעתן רעדן, אז זיין געזיכט האָט ממש געגליט.

אלע האָבן פלוצלינג געהאט דאָס געפיל, אז איצט דארף מען אים נישט איבעררייסן — מען דארף אים לאָזן רעדן, ווי א לונאטיקער, וואָס קריכט איבער דעכער.

ער האָט ווייזט אויס אויפגעכאפּט די שטימונג פון זיינע צוהערער. ער האָט הויכמוטיק געשמייכלט, באלד אָבער האָט זיין געזיכט באקומען א מילדן אויסדרוק.

— ס׳איז פאראן פאר די דאָזיקע רשעותדיקע מעשים, פאר דער דאָזיקער דעגענעראציע פון מענטשלעכן גייסט א גאנץ פּשוטער תירוץ — האָט ער ווידער אויפגענומען זיין אי- דעע. — די מענער האָבן זיך אונטער דעם צוואנג פון דער הייראט געפילט אומגליקלעך ביז צו אזא מדרגה, אז זיי האָבן געמוזט עפּענען א ווענטיל, כדי נישט אינגאנצן צו גרונט צו גיין, און דעריבער ווארפן זיי זיך ווי רויב-חיות אויף זייערע נאָנטע — אויפן רויב. זיי האָבן געוואָלט אויף וואָסער ס׳איז אופן זיך פארגיטיקן פאר זייער אומגליקלעך צוזאמענלעבן — און זיי האָבן זיך געשאפן א מין בארעכטיגונג — די אילוזיע פון ליבע צו קינדער. אזא אויסטייטשונג פּאסט זיך גאָרנישט פאר זיי. וואָס איז אזוינס הייראט? דאָס צוזאמענלעבן פון צוויי מענטשן. אָ ניין! צוויי מענטשן, וואָס לעבן יעדער פאר

זיך אין שטענדיקן האס צו אנאנד און די קינדער וואקסן אויף און זענען עדות פון דאָזיקן האס — די מיאוסטע סתירה. און אזוי איז עס געווען פון אדם הראשונס צייטן אָן. די חתונה פון אדם וחוה איז אזוי צו זאָגן דער מוסר־השכל פאר קינדער. דערמיט הויבט זיך אָן די סעריע פון די אומגליק־לעכע חתונות. די מעשה מיטן ערשטן מאן, וועלכער איז צוליב זיין ווייב צוגרונט געגאנגען — און ארבעט איצט ווי א לאסט־חיה. אפשר איז דאָס נישט דער טיפערער זין פון דער לע־גענדע אין גן עדן? און די פירות פון דאָזיקן זיווג: צוויי זין, וואָס האָבן שטענדיק געלעבט אין א מחלוקת, ביז איין ברודער האָט דערהרגעט דעם אנדערן. די ערשטע חתונה־געשיכטע הייבט זיך אָן מיט א מאָרד. בולטער האָט שוין די לעגענדע נישט געקאָנט שילדערן דעם אומגליק פון חתונה־האָבן.

— אומגעהערט! — האָט ווייכמאן אויסגעשריגן און איז רויט געוואָרן ווי א ראק.

— ניין, אויף דעם וועג גיי איך מיט אייך נישט, האָט לוגוויץ געזאָגט מיט אן אָפּשטויסנדיקער קאלטקייט. איך וועל נישט דערלויבן אָנצורירן די פראגע פון חתונה האָבן. זי איז דער פונדאמענט פון אונזער קולטור.

רעלנאָוו האָט א ווײַלע באטראכט די צעהיצטע און צאָרנדיקע פּנים׳ער און האָט ווייטער גערעדט רואיק און ערנסט.

— דער זיווג איז א גרונט־טעות, פון וועלכן עס שטאמט דער גאנצער עלנט פון אונזער דור; ער איז גורם צו א פארשווענדונג פון כּוחות, וואָס האָט נישט איר גלייכן און האָט א תּל געמאכט פון א סך פעאיקייטן ביים מאן; זי באפרייט די שלעכטע אינסטינקטן פון דער פרוי, פארדארבט די קינדער נאך אין בויך און דערשטיקט אלץ, וואָס פילט און דענקט. באמת, קיין שום פענטעס האָבן זיך נישט איינ־געגעסן אזוי טיף אין מענטשלעכן אָרגאניזם און נישט געפירט צו מער טראגישע קאָנסעקווענצן.

ביי די ווערטער האָט זיך די גענעראַלין ווייכמאַן דע-מאָנסטראַטיוו אויפגעהויבן פון אָרט און מיטגעצויגן מיט זיך די טאָכטער.

די גרעפין לוגוויץ האָט אויסגעבראָכן אין א היסטערישן געוויין און נאָכגעטון איר ביישפּיל.

אויך פרוי פאָן אָסטן האָט געטון דאָס זעלבע, זי האָט אָבער פלוצלינג אָנגעטראָפן אויף א ווידערשטאַנד מצד דער פריילין פאָן ליצינג, וועלכע האָט זיך בשום אופן נישט גע-וואָלט רירן פון אָרט. ערשט, ווען הער פאָן ליצינג איז איר צו הילף געקומען, איז עס געלונגען די עקשנות׳דיקע צו דערוויטערן.

— ווילסטו אפשר, אויך גיין? האָט ער זיך שטיל גע-ווענדעט צו זיין יונגער פרוי.

זי האָט ענערגיש געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— ס׳פאלט מיר גאָרנישט איין, — האָט זי זיך אָנגערופן הויך און אָן בושה, די טעמע אינטערעסירט מיך זייער. דאָ קען מען עפּעס לערנען.

זי האָט זיך מיט אן אויפמונטערנדיקן טאָן געווענדעט צו לוציען. „נישט אמת, פריילין טרענקוויץ, מיר וועלן דאָך נישט אנטלויפן, מיר בלייבן!

נישט קוקנדיק, וואָס דער קאָמערצראַט איז געווען אוי-סער זיך, האָט לוציע שטום צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. זי איז געווען טיף אויפגעטרייסלט, יעדעס וואָרט, האָט זי געגלויבט, איז געזאָגט געוואָרן אויף איר חשבון. זי וואָלט אָבער איצט בשום אופן נישט אוועקגעגאַנגען פון דאַנען.

די הערן האָבן דערשראָקן אָנגעקוקט דיביידע דאַמען. ס׳איז אנטשטאַנען א לאַנגע זייער נישט אָנגענעמע פּויזע. וואָס איז ענדליך איבערגעריסן געוואָרן פון פּולקאָווניק דערער.

— איר האָט ציטירט איבסענען, האָט באַראָן, דערלויבט מיר, צו דערמאָנען קאַנטס א וואָרט. ער האָט ערגעץ וואו געזאָגט: צוויי זאַכן וועקן אין מיר דעם טיפסטן

יראת הכּבוֹד: דאָס מאָראַלישע געזעץ אין מיר און דער אויסגעשטערנטער הימל איבער מיר. — זעט איר, העו׳ באראָן, מיר אלע זענען טיף איבערצייגט, אז פאר אייך עקזיסטירט נישט, נישט גאָט און נישט קיין מאָראַלישער געזעץ, וואָס זענען אָבער הייליק פאר איטלעכן באמת פרומען מענטשן. אָנ־שטאָט דעם קומט איר צוגיין מיט נעבעכדיקע פראזן.

עלנאָוו האָט זיך אויפגעהויבן:

- מיינע הערשאפטן, — האָט ער געזאָגט, און א שמייכל איז אדורך איבער זיינע ליפן, — ווען צוויי מענטשן פירן צווישן זיך א דיספוט און איינער דערקלערט: דאָס איז האָלץ, בשעת דער אנדערער האלט, אז דאָס איז אייזן, — איז אָדער זיי הערן אויף צו דיסקוטירן, אָדער זיי זענען נאראָנים. דעריבער זאָג איך זיך אָפּ פון א ווייטערדיקער דיסקוסיע. איינס נאָר וואָלט איך מיר נאָך דערלויבט צו באַ־מערקן, הער פּולקאָווניק: קיינמאָל זענען נאָך קאנטס ווער־טער, וואָס זענען אָקאָרשט פון אייך ציטירט געוואָרן, נישט אויסגעטייטשט געוואָרן אזוי פּינקטלעך. איך פּראָטעסטיר יוי אמשארפסטן קעגן דעם, וואָס מען מאכט פון קעניגסבערגער פילאָזאָף א צבועק און מאָראַלישן פיליסטער. נישט קוקנדיק אויף זיין קענטיקער עלטער איז ער דאָך אין זיין צייט גע־ווען א רעוואָלוציאנער פון גרויסן פארנעם.

און ענדלעך: „א גוטע נאכט מיינע דאמען און הערן:"

---

אין משך פון דער נאכט האָט פּאסירט עפּעס משונה׳־דיקס.

מיט אייניקע שעה שפּעטער האָט זיך רעלנאָוו אויפגע־כאפּט פון שלאָף דורך א מוראדיקן געשריי נאָך הילף.

ער האָט שנעל אָנגעטון, און איז געגאנגען נאָך דער שׂמים, וואָס האָט זיך געהערט פון צימער פון דער פרוי פאן אָסטן און האָט אויפגעריסן די טיר.

א שרעקלעך בילד האָט זיך פאָרגעשטעלט פאר זיינע אויגן:

ביידע פרויען זענען געוועזן אָנגעטון בלויז אין זייערע נאכט-העמדער. פריילײן פאן ליצינג האָט זיך געוואָרפן אויף דער פרוי פאן אָסטען און געוואָרגן זי ביי דער קעל; איר געזיכט איז געווען צעקרימט און געהאט דעם אויסדרוק פון א משוגענער.

רעלנאָוו האָט זיך א וואָרף געטון צווישן זיי און האָט זיך געראנגלט מיט דער קראנקער, וואָס האָט ווייזט אויס געהאט אן איבערמענטשלעכן כח, און פרוי פאן אָסטען האָט זיך דערווייל מיט גרויס מי אויפגעהויבן און ביסלעכווייז גע-קומען צו זיך.

ענדלעך האָט ער בייגעקומען די קראנקע, וועלכע האָט זיך א מידע און א צוזאמענגעבראָכענע געלאָזט טראָגן אין בעט אריין און האָט נישט געשטעלט קיין שום ווידערשטאנד אפילו דעמאָלט, ווען פרוי פאן אָסטען האָט איר געמאכט א מאָרפיום-איינשפריצונג.

— זייט אזוי גוט און קערט זיך אָפּ א ווײלע, האָט פרוי פאן אָסטען געזאָגט צו רעלנאָוון. זי האָט ערשט איצט באמערקט איר נעגליזשע און איז שטארק רויט געוואָרן. זי האָט שנעל ארויפגעוואָרפן אויף זיך א שלאָפראָק און האָט מיט אן אויפריכטיקער באוועגונג אויסגעשטרעקט צו אים די האנט.

— איך מוז אייך אָפּגעבן א קורצע דערקלערונג. אפשר וועלן מיר זיך איבערגיין א פאָר מינוט אין גאָרטן, די קראנקע שלאָפט איצט.

זי האָט זיך ארומגעוויקלט מיט א שאל און האָט פאר-לאָזן דאס צימער.

דער פארק איז געלעגן אין טיפער נישט-זשורכדרינג-לעכער רו.

— דאָס אָרעמע באשעפעניש איז גייסטיק-קראנק, — האָט זי אָן א שום אריינפיר אָנגעהויבן, — און איך בין איר פלע-גערין. זי איז מיט א האלב יאָר צוריק ארויסגעלאָזן געוואָרן פון דעם משוגעים-הויז. די דאָקטוירים האָבן געמיינט, אז דאס

באהעפטן זיך מיט דער גרויסער, שיינער נאטור וועט איר ברענגען א פולשטענדיקע רפואה. און דעריבער האָבן מיר אויפן פארלאנג פון די עלטערן באגלייט דאָס יונגע פּאָר, ווייל זי האָט דורכאויס געוואָלט זיין צוזאמען מיט איר ברו־דער. בעתן געשפּרעך איז זי אריינגעפאלן אין א צושטאנד פון אויסערגעוויינלעכער אויפרעגונג. איר האָט אוודאי געזען, ווי זי האָט בשום אופן נישט געוואָלט אויפשטיין. מיט א האלבער שעה צוריק האָט זי מיטאמאָל דערקלערט, אז זי מוז אומבא־דינגט גיין צו אייך. אזוי האָט זיך עס אָנגעהויבן און געענ־דיקט האָט זיך מיט דער סצענע, וועלכע איר האָט בייגעוואוינט. זי האָט זיך געוואָרפן אויף מיר מיט א ווילדן האס נאָך איידער איך האָב מיך באוויזן צו ווערן, און ווען איר וואָלט מיר נישט געקומען צו הילף, וואָלט זי מיך בלי ספק דערוואָרגן.

— און איר פארנעמט זיך מיט אזא נישט דאנקבארער פּראָפעסיע?

זי האָט שטום צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

און א ווײַלע ארום: וואָס איז מיר געבליבן צו טון. איך בין געווען אן אָרעם, בירגערלעך מיידל, וואָס האָט זיך פאר־קוקט אין הער פאָן אָסטן, אן אָפיציר. מיין מאן האָט זיך דערשאָסן, ער האָט מיר איבערגעלאָזן זיינע חובות און קרובים, וועלכע האָבן מיר געוויזן די טיר. איבריקנס, לאָזן מיר דאָס אָן א זייט. איך האָב אייך געוואָלט פרעגן עפּעס אנדערש, הער פאָן גינסדאָרף, — זי איז געבליבן שטיין אין מיטן וועג, — איך באוואונדער אייער מוט און איך שרייב מיך אונטער אונטער איטלעכעס וואָרט, וואָס איר האָט ארויסגעזאָגט. איך בין אויפ־געשטאנען נאָך אונטערן צוואנג פון דער געזעלשאפט און בע־מענדיק אין אכט די לאגע פון מיין קראנקער. דאָס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, ווי א פחדנות. איך וויל איר זאָלט עס וויסן.

רעלנאָוו האָט זיך טיף פארבויגן.

— איר זענט א העלדישע פרוי, און דער פאָרוואורף פון פחדנות דארף אייך נישט פוגע זיין. איך בעט אייך זייער — עס גייט מיר פשוט אין לעבן — שאצט נישט איבער מיין

מוט. איך וואָלט בשום אופן נישט געוואָלט ארויסשטעלן זיך פאר בעסער, ווי איך בין באמת. וואָס האָב איך דען געטון אזוינס באזונדערס!? איך האָב מיך אביסל געווערט קעגן פי־ליסטערישער גאוה.

זי האָט אים אָנגעקוקט מיט א טיף־ערנסטן בליק.

— הלוואי, זאָלט איר אזוי שטענדיק דערהאלטן אייער פרייען מוט, אייער שטאָלצע האלטונג און דרייסקייט. עס איז אמאָל געווען א צייט, ווען איך האָב אויך אזוי געוואָלט זיין, אָבער דאָס לעבן האָט מיך געצוואונגען צו קאָמפּראָמיסן. הלוואי, זאָלט איר דערפון באוואָרנט ווערן! איך וואָלט אייך נישט געקאָנט עפּעס בעסערעס ווינטשן, איצט שלאָפט רואיק.

ער האָט זיך טיף פאר איר פארבויגן און געקושט איר האנט.

כמעט אין דער זעלבער צייט האָט די קליינע פריילין פאָן ווייכמאן אומרואיקט זיך געדרייט אין איר בעט און בשום אופן נישט געקאָנט קיין אויג צו טון. זי האָט איבערגעלעבט נאָך איינמאָל די גאנצע סצענע, וועלכע האָט אזוי אויפגע־רעגט אירע עלטערן. ווער האָט אלזאָ רעכט? האָט זי זיך כסדר געפרעגט מיט א שווער הארץ. איר יוגנט האָט זיך אינ־סטיקטיוו געניינט צו גינסדאָרפן, איר רעספּעקט און איר דער־ציאונג, אין וועלכער עס איז נאָך נישט אריינגעדרונגען קיין פרייע לופט, האָט זיך געניינט צום גענעראל און צו דער גענעראלין. אָבער פון די אלטע עקסעלענצן האָט אָפּגעגעבן מיט א ריח פון שימל, און פון דאָזיקן וואונדערלעך־דרייסטן מענטשן, וואָס האָט ארויסגעזאָגט אזעלכע שרעקלעכע זאכן האָט ארויסגעשיינט אזוי פיל חן און צויבער, אז דאָס בלוט האָט אָנגעהויבן צו קאָכן אין איר, בשעת זי האָט געטראכט וועגן אים. אין איר נשמה האָבן אויפגעוואכט פארלאנגען, וועלכע האָבן איר אָנגעטון שרעקלעכע יסורים; איר חשק צום לעבן, וועלכן מען האָט אונטערגעהאקט די פליגלען, האָט געפּאָדערט זיינע רעכט, און פאר אירע אויגן האָבן געשוועבט אזוינע בילדער, וואָס האָבן זי רויט געמאכט פאר בושה.

זי האָט איינגעגראָבן איר פּנים אין קישן, נישט געפּינענדיק זיך קיין רו.

און אויך אין שלאָפצימער פון גרעפלעכן פּאָר לוגוויץ איז געקומען צו א לעבהאפטן מיינונגס-אויסטויש. די גרעפין איז געווען שטארק באזאָרגט.

— נעם דיר אין אכט לוגוויץ, האָט זי געזאָגט, און גרויסע טרערן האָבן זיך געקייקלט איבער איר געזיכט, איך קאָן מיר בשום אופן נישט געפונען קיין אָרט. דאָס וואָס דער דאָזיקער מענטש רעדט איז פּשוט שרעקלעך, און דער טאָן, אין וועלכן ער זאָגט דאָס ארויס, מאכט מיך אויפציטערן. צי ווייסטו, אז איך בין לעצטנס באהערשט פון א שלעכטן געפיל: עס קומט מיר פאָר, ווי מיר טרייבן אים מיט ריטער צווישן אונז, ווי מיר וואָלטן זיך געלאָזט אין א ווילדן געיעג נאָך אים. איך האָב מיך נישט פּשוט וואו אהינצוטון פאר בושה.

— מיין טייערע, רעדסט נארישקייטן, — האָט גראף לוגוויץ זי געטרייסט. באמת דארפסטו דיך בכלל נישט זאָרגן וועגן דעם באראן. ער געהער צו די לייט, וואָס לאָזן זיך נישט שפּייען אין דער קאשע. ער איז א טרוימער-גייסט, א היצקאָפּ, וואָס וועט פארלוירן גיין מיט זיינע אידעען. ער איז געגליכן צו א פּולבלוטיקן אָגער, וועלכער האָט זיך ארויסגעריסן פון געשפאן. מען וועט אים פאנגען און ארויפלייגן א צוים און דעמאָלט וועט דאָס איידעלע בלוט קומען צום ציל. מיין טייערע, מען דארף נישט נעמען צו ערנסט די גרויסע ריידערייען פון די יונגע מענטשן. דער גענעראל פאן ווייכמאן און פראָקוראָר פלעק פארמאָגן קיין פונק הומאָר נישט.

— אים וועט מען נישט אימשטאנד זיין צו פאנגען און איינצוימען, האָט די גרעפין געזיפצט. געדענק, ער וועט נאָך אמאָל אָנצינדן א בראנד אויף דער וועלט.

— אָך, מיין טייערע, אזוי לייכט לאָזט זיך די וועלט נישט אָנצינדן. לאָמיר בעסער אויסלעשן דאָס ליכט און לייגן זיך שלאָפן, מיר זענען געקומען קיין לוגאנאָ, כדי זיך צו פארריכטן אונזער געזונט.

דעם ערגסטן סוף האָט דעם אָוונט געהאט הער פאָן ליצינג. זיין יונגע פרוי האָט אים גאנץ אָפן דערקלערט, אז זי איז מיט איר חתונה באגאנגען א ריזיקע נארישקייט. גינס-דאָרף האָט איר געעפנט די אויגן.

און ווען הער פאָן ליצינג האָט זיך געוואָלט מיט איר צערטלען, האָט זי זיך אויסגעדרייט אויף דער אנדערער זייט.

— איצט ווצט שוין אלץ אנדערש זיין, — האָט זי ענער-גיש צוגעגעבן.

דער אָרעמער פאָן ליצינג האָט זי אָנגעקוקט האָפ-נונגסלאָז.

נאָר באלד האָט זי זיך פארשייט צעלאכט און געזאָגט: „נו קום, אין גאָטס נאָמען, מיר וועלן ערשט פון מאָרגן אָנ-הויבן דאָס נייע לעבן".

## נײַנטער קאַפּיטל

אין די ווייטערע טעג איז עס פריילײַן לוציע טרענקוויץ געגאַנגען אַזוי, אַז גאָט זאָל זיך מרחם זיין. אָפּט פלעגט איר אָנהויבן שווינדלען דער קאָפּ אָדער עס האָט איר אָנגעכאַפּט אַ נישט גוטקייט צום ברעכן.

דער קאָמערצראַט איז געווען אויסער זיך; זי האָט בשום אופן נישט געוואָלט קיין דאָקטאָר און האָט דערקלערט, אַז איר וועט אָן אַ דאָקטאָר אויך בעסער ווערן. אָבער איר בלאַס, קראַנקהאַפּט אויסזען האָבן אים נישט געלאָזן רוען, ביז ער האָט זיך אַנטשלאָסן, נישט זאָגנדיק איר אַפילו, צו ווענדן זיך צו שומאַכערן און פרעגן בײַ אים אַן עצה.

— זייט נישט בייז אויף מיר, ליבער מעדיצינאַלראַט, וואָס איך באַאומרואיק אײַך, וואָס זענט דאָ געקומען זיך צו דערהאָלן, אָבער איך קאָן מיר מער קיין עצה נישט געבן. איבעריקנס, צו וואָס זאָל איך גיין צו אַ ליאַדע דאָקטאָרל, ווען איך האָב בײַ מיר אין דער היים דעם גרויסן דאָקטאָר.

שומאַכער איז מיט אים ארויפגעגאַנגען צו לוציע און ארויסגעשיקט פון צימער דעם קאָמערצראַט בשעת דער אונטערזוכונג.

ווען ער איז אַליין געבליבן מיט לוציע, האָט ער געזאָגט:

— מיר זענען דאָך גוטע פריינד, פאר מיר וועט איר דאָך אוודאי קיין מורא נישט האָבן, דעריבער דערציילט מיר, וואו קוועטשט אייך דער שוך.

בשעת זי האָט גערעדט איז זיין געזיכט געוואָרן אלץ לענגער און באזאָרגטער.

— זייט אזוי גוט און עפנט אייער בלוזע, מיין קינד.

— זענען מיינע לונגען אפשר נישט אין אָרדנונג, הער מעדיציטנאלראט.

ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ. ער האָט זי ערנסט אָנ־געקוקט און געזאָגט:

— שרעקט אייך נישט, מיין גנעדיקע פריילײן, איך מוז אייך עטוואָס דערקלערן.

זיין מאָדנער טאָן איז איר געווען אויפפאלנד.

— רעדט, האָט זי רואיק געענטפערט, איך בין גרייט אויף אלץ. און ווען איך זאָל דארפן אפילו שטארבן, איז עס מיר אויך ניחא, ווייל דעמאָלט וואָלט א סוף גענומען!

שומאכער האָט מעלאנכאָליש געשמייכלט.

— וועגן שטארבן איז נישטאָ וואָס צו רעדן. איר פאר־מאָגט מער לעבן ווי עס דאכט זיך אייך — — — איך מיין — — — איר ווערט א מוטער.

א סעקונדע איז אלץ טונקל געוואָרן פאר אירע אויגן. זי איז ווי באטויבט געוואָרן. פלוצלינג איז זי אויפגעטרייסלט געוואָרן פון טיפער אויפציטערונג און א געפיל פון גרויסער פרייד האָט זי אדורכגענומען. אלץ, וואָס עס האָט זיך געפונען אין צימער האָט אָנגעהויבן צו טאנצן... און אירע ליפּן האָבן זיך באוועגט. זי האָט שטום געבעטן: ליבער גאָט, הלוואי זאָל עס אמת זיין! דאָס איז די רעטונג. צוליב דעם קינד וועט ער מיך נישט פארלאָזן...

א גרענעצלאָזע פרייד האָט זי אינגאנצן באהערשט און נישט איבערגעלאָזט מער קיין אָרט פאר ספקות.

זי האָט אָנגעכאפּט זיינע ביידע הענט.

— צי איז עס אמת? צי איז עס ווירקלעך וואַר? ליבער

ליבער הער מעדיצינאלראט, זאָגט עס מיר נאָך איינמאָל! איך קאָן עס פאר גליק קוים תופס זיין.

שומאכער האט זיך געפילט, ווי געטראָפן אין קאָפּ דורך דעם דאָזיקן אויסברוך פון ווילדער פרייד, צו וועלכן ער איז גאָרנישט געווען צוגעגרייט.

— פאר מיר איז נישטאָ קיין ספק, מיין פריילין, — האָט ער געענטפערט און איז געשטאנען, ווי אן אָפּגעגאָסענער פודעל. עטוואָס אזוינס האָט ער נאָך קיינמאָל נישט איבער־געלעבט.

זי איז געווען אויסער זיך, זי איז אים געפאלן אויפן האלז, האָט געלאכט און געוויינט. און מיט א שטים, וואָס האָט זיך געשטיקט אין טרערן האָט זי אויסגערופן איינמאָל נאָכן אנדערן:

— איך האָב א קינד, איך האָב א קינד! איצט וועט אלץ גוט זיין!

— אָבער וואָס וועט דער פאפא זאָגן, האָט שומאכער געפרעגט שטארק פארלעגן.

— ער וועט זיך פרייען, פון טיפסטן הארצן וועט ער זיך פרייען, — האָט זי געענטפערט מיט א זיכערן טאָן.

— נו, נו, האָט ער פראָטעסטירט און טיף אראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ.

איצט איז זי אויך צעמישט געוואָרן און האָט א ווײַלע נאָכטראכטנדיק געקוקט צום דיל. אָבער באלד האָט זי ווידער באקומען איר מוט.

— האָט נישט קיין דאגה, הער מעדיצינאלראט.

שומאכער האָט נישט ווילנדיק זיך געמוזט צעלאכן.

— א פארקערטע וועלט, האָט ער געענטפערט, איך האָב געמיינט, אז איר האָט דערצו מער גרונט.

— אָ ניין, האָט זיך זיך פארענטפערט, פאר מיר איז דאָס א גרויס גליק. אך, ליבער מעדיצינאלראט, איר קאָנט דאָס נישט פארשטיין. און איצט דערציילט דאָס דעם גוטן פאפא אין זייער א פאָרזיכטיקער פאָרם. אין אָנהויב וועט ער

שרעקלעך אויפגערעגט ווערן! און דאן וועט ער זיך מוזן. צוגעוויינען צום אומפארמיידלעכן. ער מוז זיך אלץ דער-וויסן — צוליב א ריי סיבות.

— יאָ, צי ווילט איר נישט קודם כל — ווי זאָל איך מיך אויסדריקן — מיטיילן אייער חתן?

— ניין, ניין, נאָר נישט דאָס! האָט זי געענטפערט, האסטיק כמעט מיט שרעק. דער פאפא מוז קודם-כל געוואָר ווערן. איר געזיכט האָט איצט אָנגענומען אזא אגטשלאָסנקייט, אז שומאכער איז אינגאנצן צעמישט געוואָרן.

ווער האָט דען איבערהויפט געקאָנט באגרייפן די יונגע לייט! וואָס איז דאָס פאר א מערקווירדיקער דור?!

דער אלטער קאוואליר האָט, ווי ער איז שטענדיק געוואוינט געווען, פארלייגט זיינע הענט איבערן בויך און זיך פארטראכט.

— דאָס איז באמת א קיצלדיקע לאגע, האָט ער אָנגע-הויבן, וואָלט דען נישט בעסער געווען, ווען איר וואָלט אים ביסלעכווייז צוגעגרייט דערצו?

— איך האָב נישט קיין מורא, — האָט זי געענטפערט, —אָבער איך וואָלט עס נישט געוואָלט טון צוליבן פאַפאַ, איך האָב מורא, אז איך וועל עס טון אויף א נישט געשיקטן אופן, און אים בחנם פארשאפן צער און ליידן.

— שומאכער איז געווען פארחידושט.

— איר האָט באמת זייער חס אויף אייער פאָטער.

ער האָט דאָס געזאָגט אין א שפּאָטישן טאָן, וועלכן זי האָט נישט דערהערט.

— איך וועל איצט אראָפּגיין אויף א פּאָר מינוט, האָט זי דערקלערט. בינו לבנו וועט איר אויפקלערן דעם פּאַפּא.

— פאר מיר וועט עס אָבער זיין באקוועמער, ווען איר וועט זיין דערביי. אויב איך דארף שוין שפּילן די ראָל פון א בליצאָפּפירער, עס איז דאָך אייער חוב צו נעמען אויף זיך דעם שטורם. איר דארפט אייך דאָס נישט פאָרשטעלן אזוי לייכט!

— פאר ווענמען האלט איר מיך, מיין ליבער הער מע־דיצינאלראט? צי גלויבט איר, אז איך בין א פחדן? איך בין צופרידן, פון גאנצן הארצן צופרידן. געוויס וועל איך דאָ פארבלייבן, אויב דאָס איז אייער וואונש.

איר זיכערער טאָן האָט אים אביסל בארואיקט.

טרענקוויץ איז געווען זייער אויפגערעגט, — בשעת שו־מאכער האָט זיך צו אים דערנענטערט.

— נו, וואָס איז? האָט ער אומגעדולדיק ארויסגע־פלאצט.

דעם מעדיצינאלראט איז ווידער קאלאמוטנע געוואָרן אויפן הארצן.

— מיין ליבער און געערטער הער קאָמערצראט, קודם כל: עס פעלט איר גאָרנישט, וואָס זאָל אייך באאומרואיקן. איך בעט אייך, צו פארהאלטן זיך רואיק, ווייל די זאך, וועלכע איך וויל אייך מיטטיילן, איז נישט פון די לייכטע.

— ציט פון מיר נישט ארויס די געדערעם! ארויס מיטן לשון!

שומאכער האָט זיך אנגענומען מיט מוט.

— גוט — גוט, האָט ער געזאָגט — אלזאָ מיט איין וואָרט: די פריילין איז אין אנדערע אומשטענדן...!

— וו... אָ... אָ... ס!?

טרענקוויץ האָט זיך קוים געהאלטן אויף די פיס. די אויגן זענען אים ארויסגעקראָכן פון די לעכער, א ווײַלע האָט ער שווער געסאפעט, ווי א פיש אויף דער יבשה. מיט איבער־מענטשלעכער אנשטרענגונג האָט ער זיך באמיט ווידער צוריק געווינען זיין גלייכגעוויכט.

— לאָזט מיך, איך בעט אייך, איצט איבער אליין, האָט זיך שטיל ביי אים א־ויסגעריסן.

שומאכער האָט זיך א ווײַלע געוואקלט. ער האָט בא־קומען איבער אים שטארק מיטלייד.

— גייט אוועק, אין גאָטס נאָמען, גייט, גייט אוועק! האָט טרענקוויץ נאָכאמאָל געזאָגט און דערביי געהאט אזא

נעבעכדיקן אויסזען, אזוי ווי ער וואָלט זיך געקרומט אונטער דער משא פון קערפּערלעכע שמערצן.

שומאכער האָט באלד פארלאָזן דאָס צימער.

א ווײַלע האָבן זיך טרענקוויץ און לוציע שטום אָנגע־קוקט.

דער קאַמערצראט האָט די גאנצע צייט אָן אויפהער גע־שלוכצט, און לוציע האָט זיך אלץ נישט גערירט פון ארט. אַן אייזערנע עקשנות, אן אומבויגזאמע, גרויזאמע הארטקייט האָט זיך צעשפּרייט איבער איר געזיכט.

פון זיין ברוסט האָט זיך ארויסגעריסן א שרעקלעך, קוים הערבאר געלעכטער, וואָס וואָלט אפילו א שטיין געקאָנט רירן.

זי האָט זיך אָפּגעקערט און איינגעגראָבן דאָס געזיכט אין אירע הענט.

אין דעם אויגנבליק האָט ער געקאָנט אריינקוקן ביז אין טיפסטן אָפּגרונט פון איר נשמה. פּלוצלינג האָט ער אויסגע־שפּיגן און קורץ זיך אָפּגערופן:

— דאָס איז א געמיינהייט פון ערגסטן סאָרט! זאָלסט אפילו בלייבן א מויד ביזן גראָען צאָפּ, וועל איך דערצו נישט מסכים זיין. איך וועל מיר ליבער שיסן א קויל אין קאָפּ, איידער איך וועל אויסשטרעקן די האנט צו דעם פּארשוין!

זי האָט זיך אנידערשטעלט קעגן אים און איר קערפּער האָט אָנגענומען א שטייפע האלטונג.

— דאָס וועט דיר זייער לייכט אָנקומען, האָט זי זיך שפּאָטיש צעלאַכט, ערשטנס האָט ער נישט ביזן היינטיקן טאָג קיין שום אַנונג, אז איך האָב פון אים א קינד, — זי האָט די ווערטער ארויסגעזאָגט מיט אזא רואיקייט, אזוי ווי זי וואָלט זיך זינט חדשים צוגעוואוינט צו דעם געדאנק, און צווייטנס, האָט ער גאָרנישט קיין חשק חתונה צו האָבן מיט מיר. הערסט, פּאפּא, ער וויל נישט. און אויב ער וועט נישט ענדערן זיין מיינונג, וואַרף איך מיך דעמאַלט אין וואסער אריין, אומבאדינגט אין וואסער אריין. דו קענסט מיך, פּאפּא, איך האָב נישט ליב קיין פּוסטע רייד. לעבן אַן אים איז פאר מיר אוממעגלעך!

טרענקוויץ האָט געהאלטן די הענט צוגעדריקט צו די שלייפן, אזוי ווי ער וואָלט זיך געוואָלט איבערצייגן, אויב זיין קאָפּ געפינט זיך נאָך אויפן אלטן אָרט.

זיין שטים האָט הייזעריק געקלונגען.

— מיך וועסטו נישט אזוי לייכט צום נאר מאכן, — האָט ער ביטער געענטפערט, און זיין איינגעפאַלן און אויסגעצערט פנים האָט געמאכט א געעלטערטן איינדרוק.

ער האָט זיך מיט מי אויסגעגלייכט, ער האָט מיט אלע כּוחות געקעמפט קעגן דעם שרעקלעכן קלאפּ.

— דאָס איז אן ענין פארן פּראָקוראָר פלעק, האָט ער געזאָגט מיט שניידנדיקער איראָניע. איך וועל א רגע נישט רוען, ביז דער פאַרשוין וועט זיך נישט געפונען הינטער שלאָס און ריגעל!

— פּאפּא! — האָט זי אויסגעשריגן און ווייט אויפגעריסן די פענסטער־פליגל, נאָך איין וואָרט, און איך בין אונטן!

ער האָט האסטיק צוגעקלאפּט דאָס פענסטער און אָנגעכאפּט זי ביי דער האנט.

— לאָז געמאך דיינע איבריקע דראָאונגען, און איצט ווארט, ביז איך וועל צוריקקומען.

ער האָט עטלעכע מאָל דורכגעמאָסטן דעם קאָרידאָר, נישט אָפּגעבנדיק זיך דערפון קיין דין וחשבון, זיין שטערן האָט זיך כּסדר געקנייטשט.

מיט אמאָל האָט זיך אלץ אין אים אינערלעך צעוויינט.

טאטע אין הימל!—פארוואָס האָסטו מיך אזוי געשטראָפט! וואָס האָב איך אזוינס געזינדיקט!

ער האָט אָנגעשטרענגט אלע זיינע כּוחות. — ניין — איך וועל מיך נישט אונטערגעבן!

ער האָט זיך איבערגעלייגט, צי ער זאָל פרעגן אן עצה ביים פּראָקוראָר, און האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ. א רגע האָט ער געקלערט, צי זאָל ער זיך נישט אָנפארטרויען דעם גראף לוגוויץ. אָבער זיין שטאָלץ האָט זיך אויך קעגן דעם גע-בונטעוועט.

אויג אויף אויג מוז איך מיך אָפּרעכענען מיט דעם דאַזיקן פּאַרשוין, האָט ער זיך אַנטשלאָסן און געמאַכט פּויסטן.

שווער סאַפּענדיק איז ער געגאַנגען איבער די טרעפּ אויפן פערטן שטאָק, וואו רעלנאָוו האָט געוואוינט. אַלע מינוט האָט ער געמוזט בלייבן שטיין, יעדער שריט האָט אים געמאַטערט.

ער האָט מעכאַניש אַרויסגענומען דעם זייגער פון קעשענע, האָט געגוי באַטראַכט דעם ציפּערבלאַט און צוריק אים אַריינגעלייגט, נישט ווייסנדיק צומאָל, וואָס ער טוט.

אויפן פערטן שטאָק האָט ער באַגעגנט דעם צימערקעלנער און אים געפרעגט, וואו וואוינט הער פאָן גינסדאָרף און צי ער איז אין דער הייב.

יאָ, ער דאַרף זיין אין זיין צימער. נומער 203.

טרענקוויץ האָט פאַרגעסן צו דאַנקען.

פאַר דער טיר איז ער נאָך אַמאָל געבליבן שטיין. דערנאָך האָט ער ענערגיש אַ דרוק-געטאָן די קליאַמקע און געעפנט, ני אָנקלאַפּנדיק פריער.

רעלנאָוו האָט גראָד געהאַט בדעה צו עפענען זיין פידלקאַסטן, ווען טרענקוויץ האָט זיך באַוויזן אויף דער שוועל.

ער האָט אים אָנגעקוקט איבעראַשט.

זיין אינסטינקט האָט אים באַלד געזאָגט, אַז דאָ האָט עפּעס געמוזט פּאָרפאַלן, און זיין פאָרשנדיקער בליק האָט אים דאָס באַשטעטיקט. פונדעסטוועגן האָט ער נישט פאַרלוירן זיין קאַלטבלוטיקייט.

— וואָס פאַרשאַפט מיר דעם כבוד, הער קאָמערצראַט?

— האָט ער געפרעגט, און צוגעגעבן מיט אויסגערעכנטער העפלעכקייט: — קאָן איך אייך בעטן זיצן.

— איך דאַנק אייך בעסטנס, איך קאַן שטיין און קורץ אָפּ׳פטר׳ן מיין ענין. איך האָב אייך נאָר געוואָלט זאָגן: אייער שפעקולאַציע איז אייך נישט געלונגען.

— וואָס פאַר אַ שפעקוציע? — האָט רעלנאָוו געפרעגט פאַרחידושט. איך פאַרשטיי נישט באמת, וואָס איר מיינט.

איך קאָן אויך דייטלעכער רעדן, מיין געערטער הער! צי ווערט איר אפשר לייקענען, אז איר האָט פארפירט מיין טאָכטער?

די אָדערן פון שטערן זענען אים אזש אָנגעשוואָלן געוואָרן.

רעלנאָוו האָט באקומען איבער אים טיפן געפיל פון רחמנות, וועלכן ער האָט פארבאָרגן אונטער א שמייכל.

— צי ווילט איר פון מיר חוזק מאכן? איז טרענקוויץ אויסגעבראָכן פון כעס.

— דאָס פאלט מיר גאָר נישט איין, ביי גאָט, דאָס פאלט מיר גאָר נישט איין, — האָט ער פארזיכערט, נאָר אייער אופן פון אויסדריקן זיך, אנטשולדיקט מיר, דער אופן ווי אזוי איר דריקט זיך אויס רירט מיך מאָדנע אָן. צי טאָרן דען צוויי פרייע מענטשן נישט טון מיט זיך, ווי זיי פארשטיין?

— לאָזט בעסער די היכלע ווערטער אין א זייט, האָט דער קאָמערצראט אים איבערגעריסן, מיך נעמט מען נישט מיט אזעלכע שטיקלעך.

רעלנאָוו האָט זיך באהערשט און געזאָגט אין פולקאָמער רואיקייט: צי קאָן איך אייך, איבריקנס, פרעגן, אויב איר קומט צו מיר אין נאָמען פון אייער טאָכטער.

טרענקוויץ האָט אים האָפנונגסלאָז אָנגעקוקט. אזא חוצפה־דיקן מענטשן האָט ער נאָך קיינמאָל אין זיין לעבן נישט געטראָפן.

— דאָס גייט אייך נישט אָן!

— אַ דאנק! אויב עס האנדלט זיך נישט וועגן דעם, האָב איך קיין גרונט נישט ווייטער צו פירן מיט אייך דעם געשפרעך. מיין דרך־ארץ פאר דער עלטער דערגייט נישט אזוי ווייט, אז איך זאָל מיך לאָזן באליידיקן.

דער קאָמערצראט האָט זיך געמוזט זעצן. ער האָט זיך קוים געקענט האלטן אויף די פיס.

— מיר וועלן באטראכטן דעם ענין גאנץ ניכטער, — האָט ער גענטפערט. איך דערקלער אייך קאטעגאָריש, אז איך

װעל איך קײנמאָל נישט אַנערקענען אַלס מײַן שװיגערזון.

— די דאָזיקע דערקלערונג נעם איך מיט פאַרגניגן צו קענטעניש, הגם זי איז מיר אײגנטלעך אינגאַנצן אומפאַרשטענדלעך. װײַל איך דערמאָן מיר נישט, אַז איך זאָל װען עס איז האָבן געבעטן די האַנט פון אײַער טאָכטער.

— יאָ, װאָס מײנט איר דערמיט? — האָט טרענקאָװיץ געשטאַמלט, פאַרלירנדיק אינגאַנצן דעם קוראַזש.

— גאָר נישט, — האָט ער געענטפערט. — עס איז פּשוט לעכערלעך צו מאַכן אַזאַ װעזן פון דער גאַנצער געשיכטע. צװײ מענטשן האָבן זיך ליב און האָבן דעם מוט אַנערקענען זיך צו דעם אויף אַ נאַטירלעכן אופן. דאָס איז נישט טאַקטיש, װען אַ דריטער שטעקט אינמיטן אַרײַן זײַן נאָז, מעג עס זײַן אַפילו אַ טאַטע אָדער אַ מאַמע. די זאַך גײט נאָר זײ בײדע אָן.

— אַזױ גאָר, מײנט איר!?

— יאָ, אַזױ איז װירקלעך מײַן מײנונג,—האַט ער ערנסט געענטפערט.

— איר האָט אַלזאָ קײנמאָל נישט געהאַט בדעה חתונה צו האָבן מיט מײַן טאָכטער?

— קײנמאָל נישט! — האָט רעלנאָװ פאַרזיכערט. — איך פאַרשטײ אויך נישט אײַער פראַגע, הער קאָמערצראַט. איר קענט, דאַכט זיך, מײַן שטעלונג צו דער הײראַט. גלױבט איר, אַז דאַס זענען געװען פּוסטע רײד? צי גלױבט איר, אַז איך װאָלט לוציען — פאַרדאָן, אײַער טאָכטער — געלאָזט צװײפלען װעגן דעם כאַטש אײן אויגנבליק, אַז אונזערע באַציונגען װעלן דויערן נאָר אַ באַשטימטע צײַט.

— און מיט אַזעלכע פּרינציפּן האָט איר נאָך געהאַט דעם מוט צו באַפלעקן דעם כּבֿוד פון מײַן טאָכטער?

— הער קאָמערצראַט, — האָט רעלנאָװ געענטפערט אין אַ געקװעלטן טאָן, — כ'בעט אײַך, קומט נישט צו מיר מיט דעם אַלטן — נו יאָ, איך געפין נישט קײן אַנדער װאָרט — מיט אַזאַ אַלט פאַרשימלטן צימרינג. די דאָזיקע באַגריפן האָבן פאַר מיר קײן שום װערט נישט.

— יאָ, מיין געערטער, צי וואָלט איר חתונה געהאט מיט א מיידל, וועלכער אן אנדערער האָט באזעסן?

רעלנאָוו האָט אָנגעקוקט דעם אלטן הער, וועמענס געזיכט איז רויט געוואָרן פאר צאָרן, און א טיפער קומער האָט אים באהערשט.

— דאָס וואָלט מיך נישט אָפגעהאלטן אפילו קיין איין רגע! האָט ער פעסט געענטפערט.

— נו, אויף אזא אופן בין איך פון אן אנדער וועלט! אָבער לאָמיר דאָס לאָזן אין א זייט. איך פרעג אייך: צי איז אייך באקאנט, אז מיין טאָכטער — דער אלטער הער האט זיך אין מיטן איבערגעהאקט. ער האָט זיך געוואָרגן מיט די ווערטער, נישט קאָנענדיק זיי ארויסברענגען אויף דער צונג, און זיין געזיכט האָט אין דער מינוט אָפגעשפיגלט אין זיך דאָס גאנצע אומגליק פון זיין הארץ. אָבער מיט א פארביסענער ענערגיע האָט ער נאָך דער הפסקה איבערגעחזרט: — צי איז אייך באקאנט, אז מיין טאָכטער איז אין אנדערע אומשטענדן?..

רעלנאָוו איז שטארק בלאס געווארן.

— איך האָב דערפון נישט געהאט די מינדסטע אנונג, — האָט ער ארויסגעזאָגט מיט א שטילער שטימע און געשוויגן א לאנגע ווײַלע. באלד האָט זיך זיין געזיכט אויסגעלייטערט, און גאנץ איינפאך האָט ער זיך אָנגערופן: „דאָס איז דאָך אין דער אמתן עפּעס וואונדערלעך שיין!

דער דאָזיקער טאָן האָט טרענקוויצן פולשטענדיק איריטירט.

— ווי שטעלט איר אייך פאָר די ווייטערדיקע אנטוויקלונג? — האָט ער אָנגעהויבן נישט דרייסט.

— וואָס פאר א ווייטערדיקע אנטוויקלונג?

— איך מיין, צי האָט איר בדעה צו בעטן איצט איר האנט?

— אָ ניין, הער קאָמערצראט. פאר מיר האָט זיך גאָרנישט געענדערט.

— און איר מיינט, האָט טרענקוויץ אויסער זיך געשריגן, אז איך וועל לאָזן לויפן מיין טאָכטער איבער דער וועלט מיט אן אומלעגאל קינד? צי רעדט איר זיך דאָס באמת איין?

— די מאמעס פון דזשיאָוואני באָקאטשיא און מיקעל אנזשעלא האָט אויך געטראָפן דער שיקזאל, — האָט רעלנאָוו געענטפערט שמייכלענדיק בגנבה.

טרענקוויצס געדולד האָט זיך שוין אינגאנצן אויסגעשעפט. דער מענטש האָט געמאכט פון אים חוזק אויף אזא דרייסטן, פרעכן אופן, אז ער האָט שוין לענגער נישט געקענט אויסהאלטן.

— אן אוואנטוריסט זענט איר, א געמיינער אוואנטוריסט! — האָט ער ארויסגעוואָרפן אין אָנמעכטיקן כעס, און איז ווי א מטורף געלאָפן איבערן צימער.

פלוצלינג איז ער צוגעגאנגען הארט צו רעלנאָוון: — צי קאָנט איר עטוואָס זאָגן דאקעגן?

— ניין, — האָט רעלנאָוו געענטפערט און פארקרייצט די הענט. — איר האָט פולקאָם רעכט. פון אייער שטאנדפונקט גענומען בין איך ווירקלעך אן אוואנטוריסט, ווייל עס שטימט אויך נישט מיטן באראָן גינסדאָרף. איך בין גארנישט קיין באראן, איך הייס איינפאך אנדרעאס רעלנאָוו. און כדי אויסצוגלייכן אין גאנצן די רעכנונג, — האָט ער ווייטער צוגעגעבן, — איך בין עס אויך געווען יענער, וועלכער האָט צוגעגנבעט די עלפהונדערטויזנט זעקס הונדערט מארק. איך האָב דעמאָלט געוואָלט פאָרן נאָך לוגאנא און נישט געהאט קיין גראָשן ביי דער נשמה!

טרענקוויץ האָט זיך געווישט דעם שווייס פון שטערן און אויפגעהויבן זיך פון זיין אָרט. אין וואָס פאר א געמיינע הענט איז אריינגעפאלן זיין קינד!

ער האָט מיט אמאָל לייכטער אָפגעאָטעמט.

— איך דאנק אייך זייער פאר אייער אינפאָרמאציע — איך דאנק אייך פון גאנצן הארצן. נאָך דעם, ווי ער האָט זיך אליין מודה געווען האָט ער שוין נישט עקזיסטירט פאר

לוציע. וועגן דעם איז נישט געווען קיין ספק. און דאָס איז געווען דאס איינציק-פריילעכע אין זיין ביטערער לאגע.

— ווי איז דאָך אייער אמתער נאָמען?

— רעלנאָוו!

— זענט איר אפשר א קרוב פון באקאנטן געהיימראט רעלנאָוו?

— אמאָל. מיין פאָטער און איך לעבן שוין זינט א יאָר אינגאנצן אָפּגעזונדערט. מיר קענען זיך נישט מער.

— זעלבסטפארשטענדלעך! האָט טרענקוויץ צופרידן גע-ענטפערט.

עס האָט אים גרויס הנאה געטון, וואָס זיין מענטשן-קענטניש האָט אים נישט אָפּגענארט, אז ער האָט נאָך אין אָנהויב פון זייער באקאנטשאפט ארויסגעגעבן וועגן אים א ריכטיקן אורטייל. עס האָט זיך נאָר איצט געהאנדלט, אז דער ענין זאָל פארענדיקט ווערן פאר אים און דער טאָכטער אויף אן אנשטענדיקן אופן.

— איך וועל אייך לענגער שוין נישט באמיען, הער... הער רעלנאָוו. איר וועט מוזן מודה זיין, אז איך בין איצט אימשטאנד, אויפן סמך פון אייערע מיטיילונגען, איבערצוגעבן אייך דער פּראָקוראטור. איך וואָלט דאָס געוויס געטון, ווען עס וואָלט זיך נישט געהאנדלט וועגן דעם כבוד פון מיין טאָכטער פראָ פאָרמא. און באלד נאָך דער חופּה וועט איר זי אָפּגטן. אויב איר וואָלט געוואָלט ארויסשטעלן געוויסע געלט-פאָדערונגען, וועלן מיר נאָך רעדן וועגן דעם.

רעלנאָוו האָט אינגאנצן אויפגעשוידערט, אזוי ווי ער וואָלט באקומען א פּאטש איבערן פּנים. ער האָט אָבער נישט ארויסגערעדט קיין וואָרט. ער האָט נאָר ווייט אויפגעפּראלט די טיר און אָנגעקוקט טרענקוויץ מיט אזעלכע פינקלדיקע אויגן, אז יענער האָט געהאלטן פאר גלייכער, ווי צום שנעל-סטן צו פארלאָזן דאָס צימער.

— נו? וואָס איז געווען? זאָג מיר שנעל, ווייל איך

האלט שוין נישט אויס, — מיט די דאָזיקע ווערטער האָט אים לוציע באַגעגנט.

— דו האָסט נישט קיין גרונט צו פרייען זיך אַזוי צוליב דעם.

מיט גרויס מי האָט ער איר דערציילט וועגן פאַרלויף פון זיין געשפּרעך.

לוציע האָט אויסגעבראָכן אין אַ הויך געוויין.

— פּאַפּאַ, וואָס האָסטו געטון! האָט זי געיאָמערט. דו האָסט אים אויף שטענדיק פאַרטריבן פון מיר. אויס ליבע צו מיר האָט ער גענבעט דאָס געלט! באַגרייפסט דו דען נישט, וואָס דאָס באַדייט? צי מיינסטו, אַז אים איז אַזוי געלעגן אין געלט? ביי דער ערשטער געלעגנהייט וואָלט ער עס אַרויסגעשליידערט, אַזוי איז עס אים נמאס געוואָרן! און דו זאָגסט, אַז ער איז אַ פאַרברעכער! ווילסטו מיר איינרעדן, אַז אַזוי האַנדלט אַ געמיינער מענטש. גוט, ער איז נישט קיין באַראָן! איך פייף דערויף! אַ מענטש איז ער, אַ פּראַכטפולער, נישט קיין דורכשניטלעכער מענטש!

און ווי נישט ביים זינען איז זי אַרויס פון איר צימער און איז געלאָפן אַזוי שנעל, ווי די פיס האָבן זי געטראָגן, צו רעלנאָוון.

זי האָט מיט אַ ווילדן אימפּעט אויפגעריסן די טיר און געוואָרפן זיך אים אויפן האַלז.

— איך וועל נישט דערלויבן, אַז מען זאָל דיך באַליידיקן, איך וועל עס נישט דערלאָזן! איך האָב פון דיר אַ קינד, דו געליבטער, בעסטער מאַן! פאַרייסטו דיך דען נישט אַביסל? אַ זיס, קליין קינד האָב איך פון דיר, און ס׳וועט אינגאַנצן זיין ענלעך צו דיר. קוק אויף מיר מיט גוטע אויגן, און פריי דיך מיט מיר, מיין געליבטער מאַן!

ער האָט זי גענומען אין זיינע אָרעמס און געקושט.

— איך האָב מיך דאָך נישט אַנטוישט אין דיר — האָט ער געזאָגט. אַ גוטער און ריכטיקער אינסטינקט האָט מיך געטריבן אין דיינע אָרעמס.

זי האָט געלאכט און געוויינט צוזאמען.

— זיי נישט בייז אויף מיין אלטן פאָטער, ער מיינט עס נישט אזוי שלעכט, ער האָט מיך אומענדלעך ליב און גלויבט אין זיין פארבלענדונג, אז ער טוט פאר מיר דאָס בעסטע. נישט אמת, דו בלייבסט ביי מיר, וועסט מיך נישט פארלאָזן? דו וועסט נישט אָפּשטויסן פון זיך דאָס עופ'עלע — דאָס איז דאָך דיין קינד — עס מוז דאָך האָבן א טאטן.

זי האָט זיך פעסט געקלאמערט אין אים און איינ־געגעסן זיך מיט שרעק אין זיינע אויגן.

— זיי מיין שטאַרק מיידל, טראָג הויך דעם קאָפּ, זיי שטאָלץ און בינד מיך נישט צו, דאָס וואָלט געווען אן אומגליק פאר מיר און פאר דיר.

זי האָט אראָפּגעשלונגען איר צער.

— איך וועל טון אלץ, וואָס דו ווילסט, אָבער זיי פאר דער וועלט מיין מאן, כאָטש אויף איין טאָג! גיב כאָטש ווייניקסטנס נאָך מיין פאָטער!

— גוט, — האָט ער געענטפערט. ווען איר זענט אזוי אָפּהענגיק פון די אורטייל פון די מענטשן, וועלן מיר אין גאָטס נאָמען שליסן דעם אָפּמאך; אָבער דערנאָך גיבן מיר זיך די הענט ווי צוויי ערלעכע חברים און גייען זיך פאנאנדער אויף אן אנשטענדיקן אופן.

— זאָל זיין אזוי, אויב עס מוז שוין זיין אזוי, אָבער ביז דאָס קינד וועט קומען אויף דער וועלט, בלייבסטו ביי מיר, מיין געליבטער מאן. זאָג עס מיר צו, איך וויל דאָס קינד אין פריידן טראָגן, עס וואָלט אזוי עלנט אויף דער וועלט געקומען, ווען דו וואָלסט מיך פארלאָזט.

מיט בעטנדיקע, ווייט געעפנטע אויגן, פון וועלכע עס האָט ארויסגעלויכטן מוטערלעכע ליבע, האָט זי זיך אָנגעהאָנ־גען אין זיינע ליפּן.

ער האָט באקומען אויף איר גרויס רחמנות. — זי איז אים מיטאמאָל פאָרגעקומען אזוי געענדערט, אזוי פארוואנדלט. אונטער איר בליק איז ער ווייך געוואָרן.

— גוט, גוט, — האָט ער געפּליסטערט, איך טו עס — און איצט לאָמיר שטיל זיין און נישט רעדן מער וועגן דעם.

זי האָט אַראָפּגעהאָנגען דעם קאָפּ — פּלוצלינג איז איר בליק געפאלן אויפן פידל-קאסטן.

— דו שפּילסט? האָט זי שטיל און פארוואונדערט געפרעגט.

— יאָ, האָט ער געענטפערט און מאָדנע געשמייכלט. האָב איך דיר דען נישט געזאָגט פון אָנהויב אָן, אַז איך בין א שפּילער? זעסט: אַן אָרעמער פידלער בין איך — און דאָס איז מיין ליבע, ליבע פידל.

זי האָט אים באטראכט מיט שרעק. עפּעס סודותפולעס איז אין איר פאָרגעקומען — אָבער זי האָט מער קיין וואָרט נישט אויסגערעדט — זי האָט נאָר פאָרזיכטיק געגלעט זיין האנט.

## ערשטער קאַפּיטל

גאַנץ לאַנגזאַם און גאַנץ פאַרטראַכט האָט ער שפּאַצירט יענעם פרילינגס-מאָרגן צווישן די לינדן, אַלץ אַרום האָט אָנגעהויבן צו בליען, און די ווייבע, וואַרעמע לופט האָט געהאַט אין זיך עפּעס מילדעס און זאַנפטיקעס, אַז ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז די מענטשן אַרום אים באַוועגן זיך לייכטער און פרייליכער אויף די גאַסן.

מיטאַמאָל איז ער געבליבן שטיין פאַרן האָטעל אַדלאָן. און שטאַרק פאַרוואונדערט, מיט פרעמדע אויגן האָט ער אָנגעקוקט דאָס פּאַלאַץ-אַרטיקע הויז, אַזוי ווי ער וואָלט עס געזען צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן. און אַלץ אַרום איז געווען אַזוי וואונדערלעך, אַזוי אויסטערליש און אומוואַרשיינלעך — מענטשן, וואָס האָבן גערעדט אין פאַרשיידענע שפּראַכן, זענען אַריין און אַרויסגעגאַנגען...

אָבער אפשר האָט ער דאָס אַלץ געחלומט, און ער איז גאָרנישט געווען ער — און דער האָטעל האָט זיך גאָרנישט געפונען אויף דעם אָרט און איז גאָרנישט געווען האָטעל אַדלאָן.

פּלוצלינג האָט זיך ביים איינגאַנג, אַזוי ווי אויסגעוואַקסן פון אונטער דער ערד, באַוויזן אַ מענטש אין אַ ראָק מיט גאַלאַנעס, האָט אַראָפּגענומען דאָס היטל און האָט געזאָגט מיט אַ הכנעהדיקער שטימע: „אַך — הער באַראָן גינסדאָרף!"

ער האָט אויפגעציטערט און א לייכטע פארב האָט באַ־דעקט זיין פנים. ער איז שנעל געגאנגען ווייטער, און האָט זיך נאָך איינמאָל ארומגעקוקט, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט איבערצייגן, צי עמעץ שפירט אים נישט נאָך.

זיין בליק איז איצט געפאלן אויף א הויך שוי-פענסטער, פון וועלכן עס האָבן ארויסגעקוקט וואונדערשיינע שניפסן. אזוי פארפאָלגט עס מיך, האָט ער געטראכט, שאָטנס פון מיין פארגאנגענהייט קומען אויף און דרענגען זיך צווישן מיר און מיין געגנווארט.

ער האָט געלאָזן הינטער זיך דאָס בראנדענבורגער טויער און איז אוועק אין דער ריכטונג פון זאָאָלאָגישן גאָרטן. בשעת ער האָט דערגרייכט צום קליינעם בערגל, וואָס רופט זיך שנעקנבערג, האָט ער זיך אוועקגעזעצט אויף א באנק. אויסער אים איז דאָ געווען נאָך א יונגע פרוי, וועלכע האָט גראָד ארויסגענומען פון וועגעלע אן עופ׳עלע און געלייגט עס אויף דער זון.

ער האָט באטראכט דאָס קינד א לאנגע צייט מיט אַזא אויפמערקזאמקייט, אז די מוטער האָט זיך קעגן איר ווילן פאררויטלט.

ער האָט אראָפּגעבויגן דעם קאָפּ. און קעגן זיין ווי־ זענען אין זכרון אדורך די געשעענישען פון פארגאנגענעם יאָר

ער האָט חתונה געהאט; מיט אומבאגרענעצטער ליבע האָט זיך די געבוירענע פריילין טרענקוויץ אָנגעהאָנגען אין אים.

אין לוגאנאָ האָבן זיי זיך צעשיידט מיטן קאָמערצראט, וועלכער איז טיף פארביטערט אהיימגעפאָרן נאָך דייטשלאנד מיטן שריפטלעכן קאָנטראקט אין קעשענע, אז רעלנאוו וועט באלד נאך דער געבורט פון קינד אומבאדינגט געבן איר א גט. דאס איז געווען די נישטיקע טרייסט, וועלכע ער האט מיט זיך אהיימגענומען. רעלנאוו אבער מיט לוציע טרענקוויץ זענען אפגעפארן נאך דרום, אויף דער איטאליענישער ריוויערא.

זי האָט זיך שטארק געטוליעט צו אים, פארזוכט איר יונג פרויען־גליק, וואָס האָט געציטערט פון שטילער בענק־

שאפט, און בסוד געשמידט פלענער פאר דער צוקונפט. אלץ וועט גוט זיין, ווען דאָס קינד וועט קומען אויף דער וועלט.

און רעלנאָוו האָט שטיל גערירט באטראכט דעם וואוקס פון איר מוטערלעכן געפיל.

עס זענען אָבער אויך געווען צייטן, ווען א פרעמדע אנגסט איז אים באפאלן. אין זיין בעוואוסטזיין האָבן ווידער אויפגעטויכט זיינע אייגענע קינדער־יאָרן, אין וועלכע ס׳איז קיינמאָל נישט אריינגעדרונגען קיין ווארעמקייט און זון. און צוגלייך האָט ער געזען די טראגיק פון מענטשלעכער אָנ־מאכט אין דעם, וואָס קעגן זיין ווילן איז געשאפן געוואָרן א זיי מענטשלעך לעבן.

און דעמאָלט האָט ער געשמייכלט אויף אן אייגנארטיקן און חנ׳בדיקן אופן, ווייל ער האָט דערקענט דעם לעצטן זין פון לעבן, וואס איז געלעגן אין דער אומבאוואוסט־קייט.

— אין ריטם — אין טענצערישן — אין דער אורבאווע־גונג, וועלכע האָט דערפילט דעם העכסטן צוועק, טאקע דער־פאר, ווייל זי האָט נישט קיין צוועק פאר אירע אויגן.

ווידער זענען אים באפאלן פינסטערע דאגות. ווייל די אינערלעכע שווערקייט געהערט דווקא צו דעם מענטשן, וועל־כער איז לייכט, און קאָן טאנצן און שוועבן.

אין אזעלכע איינזאמע שעהן האָט אים געקוועלט די מורא, אויב זיין קינד וועט קומען אויף דער וועלט מיט העלע אויערן, קלאָרע אויגן און פיינע גלידער, אָדער עס וועט זיין א פארזעעניש, אין וועמענס ענגן מוח־קאסטן עס וועלן זיך ארומרודערן רוחות און אויספירן א טויטן־טאנץ.

צי האָט לוציע געהאט די מינדסטע אנונג פון דעם, וואָס אין אים איז פאָרגעקומען, בשעת זי האָט פון צייט צו צייט געוואָרפן אויף אים שטומע, דערשראָקענע בליקן? אָדער איז אין זיי געלעגן א ביטע אָן ווערטער:

— בלייב ביי מיר, פארלאָז מיך נישט!

ער האָט אויסגעמידן אירע בליקן — זיי האָבן אים אָנ־

געטון יסורים. ער האָט געשפּירט אין איר דעם פאַרלאַנג צו צובינדן אים צו זיך. און קעגן דעם האָט ער זיך געווערט מיט אַ געהיימען אינסטינקט, אַז פאַר אים ליגט נאָך אַ ווייטערדיקער וועג, אויף וועלכן ער האָט געמוזט גיין אָן איר.

דערנאָך איז ער מיט איר געפאָרן קיין בערלין, וואו ער האָט אין האַנזאַ-קוואַרטאַל, אינמיטן פון גאָרטן-גרינס, געדונגען אַ גאָרטן-וואוינונג, ווייל ער האָט מיט דער גאַנצער אַנטשלאָסנקייט געוואָלט זיך אָפּשיידן פון טרענקוויץ.

אַז דאַס קינד איז געקומען אויף דער וועלט, און זי איז געלעגן אַ בלייכע און אַן עלנטע, מיט ווייט - געעפנטע אויגן, איז זיין ווידערשטאַנדס-קראַפט צעבראָכן געוואָרן. ער האָט נישט געקאָנט זאָגן ניין, ער האָט איר צוגעזאָגט ביי איר צו פאַרבלייבן, הגם ער האָט געפילט, אַז מען האָט אים מיט צוואַנג צוגעבונדן צו איר. ער האָט געהאַלטן אין זיינע הענט דאָס הילפלאָזע, קליינע עופעלע און מורא געהאַט זיך צוצורירן צו אים.

צי איז דאָס געווען זיין קינד? צי האָט ער געהאַט עפּעס אַ שייכות צו אים? צי האָט ער נישט גענומען אויף זיך — אַן אחריותדיקע לאַסט, וועלכע אַ בייזער צופאַל האָט אויף אים אַרויפגעוואָרפן...?

דאָס קינד האָט זיך געמאַטערט אַ קורצע צייט.

בשעת מען האָט עס מיט אייניקע טעג שפּעטער באַגראָבן, האָט ער זיך ווידער געפילט פריי — לייכט — אַזוי ווי ער וואָלט אויפגעוואַכט פון אַ שווערן חלום.

לאַנגזאַם האָט זיך אָנגעהויבן אַלץ אין אים צו בונטעווען. ער האָט זיך געווערט. ער האָט נישט געוואָלט געהערן צו קיינעם — און דאָך האָבן אים אירע דינע הענט געהאַלטן, ווי מיט אייזערנע קלאַמערן.

אַזוי ווי ער האָט נאָר גאַנץ אויפריכטיק אָנגעהויבן צו רעדן וועגן אַ גט און אַן ערלעכן אָפּשייד, פלעגט זי אַריינפאַלן אין אַזאַ ווילדע אויפרעגונג, און אַזאַ סטיכישע ליידנ-

שאפט האָט זיך פון איר געטראָגן, אז ער האָט זיך דערשראָקן און כסדר אויפגעגעבן דעם קאמף...

דאָס אלץ איז אים איצט געקומען אויף די געדאנקען, בשעת ער האָט מיט גרויס פארגעניגן געטרונקען דאָס ליכט פון דער פרילינגס-זון.

די יונגע פרוי האָט אים אָנגעקוקט, און זייערע ביידנס בליקן האָבן זיך געטראָפן. זי האָט זיך אויסגעוויזן רעלנאָוון ווי א בילד פון מרים, בשעת זי האָט מיט מוטערלעכער ליבע געטוליעט צו זיך דאָס קינד, געצערטלט עס, געשפילט זיך און געלאכט צו אים. מיט א לייכטן שמייכל האָט ער זיך אָנגערופן:

— נישט אמת, ווי שיין ס'איז דאָ צו זיצן דרויסן אין פרילינג?

זי האָט אים אָנגעקוקט אויפריכטיק מיט גרויסע גרויע אויגן און צוגעשטימט בשעת זי האָט מיט דער האנט, וואָס בייגט זיך מיט איידעלער פאָרם, אים שטארק געוואָרפן אין די אויגן, געגלעט אירע אַש-בלאָנדע האָר.

נישט ווילנדיק האָבן זיי זיך צערעדט.

זי האָט אים דערציילט, אז אירע לונגען זענען לייכט אָנגערירט, עס איז אָבער נישט געפערלעך — זי מוז נאָר אביסל מער אכטונג געבן אויף זיך. און דעריבער האָט זי אויך איצט געוואוינט אין בערלין ביי איר מוטער, הגם זי האָט זיך אייגנטלעך באלד נאָך איר חתונה באזעצט נישט ווייט פון האמבורג. איר מאן פערברענגט כמעט דאָס גאנצע יאָר אין דרויסן אויפן ים, און נאָר פסח-צייט האָט זי דאָס גליק צו זען אים אויף א פּאָר וואָכן

רעלנאָוו האָט געפרעגט, צי ווערט איר נישט מיאוס אזא איינזאם לעבן, פול אנגסט און בענקשאפט?

איר געזיכט האָט מיטאמאָל באקומען א נאָכדענקלעכן און פארדראָסיקן אויסדרוק. צייט דאָס קינד איז געקומען אויף דער וועלט, איז עס שוין מיט איר נישט אזוי שלעכט. אָבער אין די ערשטע יאָרן האָט זי שרעקלעך געליטן, הגם פון צייט צו

צייט פלעגט זי פון אים באקומען בריוו פון דער ווייטער וועלט, פון יאפאן און אינדיען, וואָס האָבן איר דערציילט וואונדערלעכע מעשיות.

— ווען מען לייענט דאָס, — האָט זי צוגעגעבן לאכנדיק, גלויבט מען, אז דאָס זענען לויטער קינדער־מעשיות. און דאָך איז עס אמת; ווייל עטוואָס אזוינס קאָן מען זיך נישט אויס־קלערן פון קאָפּ.

— גאנץ געוויס נישט, — האָט ער געענטפערט. די וועלט איז פול מיט וואונדער; אָבער ווייניק מענטשן זענען זוכה זיי צו זען.

זי האָט שטיל געזיפצט.

— אלץ איז גוט און שיין, האָט זי ווייטער גע־רעדט, טיילמאָל איז מיר זייער שווער איבערצוטראָגן מיין איינזאמקייט — און די שענסטע בריוו ברענגען אָפּטמאל נישט קיין פעולה.

רעלנאָוו האָט דאָס באשטעטיקט.

אָבער אייגנטלעך — האָט ער פּאָרזיכטיק צוגעגעבן — האָט זי זיך דאָך דאָס אלץ געדארפט פריער זאָגן.

צי איז עפּעס געלעגן אין זיין טאָן, וואָס די גלייכ־גילטיקע ווערטער האָבן זי אזוי געטראָפן? אירע ליפּן האָבן זיך מיטאמאָל באדעקט מיט רויטע פלעקן, און רעלנאָוון האָט זיך געדאכט, אזוי ווי זי וואָלט העכער ווי אלעמאָל אָנגע־שריגן אויפן קינד, וואָס האָט אָנגעהויבן צו ווערן א ביסל נישט געדולדיק.

— איר דארפט דאָס נישט פארשטיין שלעכט, — האָט זי געזאָגט. איך האָב ליב מיין מאן, זייער ליב. אָבער דעמאָלט, ווען איך האָב חתונה געהאט, בין איך געווען בלוטיונג, איך בין נעמלעך, האָט זי נישט דרייסט צוגעגעבן, ביי היינטיקן טאָג אלט קוים דרייאונצוואנציק יאָר און ווען מען האָט א מענטשן ליב, פרעגט מען נישט א סך און מען זאָרגט זיך נישט אזוי פיל, מ'קוקט זיך אויך נישט אום אויף אנדערע. אין תוך גענומען, וואָס גייען זיי מיך אָן? מ'דארף נאָר פאָלגן

די אייגענע שטים, און דאָס איז אויך דאָס בעסטע. די מא-מע האָט זיך מיט פיס און הענט געווערט קעגן דער חתונה. איך האָב אָבער געוואָלט. און פון קליינוויַיז אָן האָב איך אלע-מאָל אויסגעפירט, וואָס איך האָב געוואָלט.

— אזא פעסטן ווילן האָט איר?

— יאָ, — האָט זי ערנסט געענטפערט.

דאָס קינד האָט אויסגעשטרעקט זיינע הענטלעך צו רעלנאָוון.

זי האָט פארוואונדערט געלאכט.

— דאָס איז אָבער מאָדנע, האָט זי זיך אָנגערופן. ער ליידט נישט קיין פרעמדע מענטשן.

רעלנאָוו האָט זי אָנגעקוקט מיט גרויסע אויגן און האָט פלוצלינג אן שום ווייטערעס אָנגענומען איר האנט, וועלכע זי האָט אָבער שנעל ארויסגעריסן.

— פארוואָס טוט איר דאָס, האָט ער געפרעגט, צי איז דען פאראן אין דעם עפּעס שלעכטס, אויב איך האלט אייער האנט?

— פונדעסטוועגן, — האָט זי געענטפערט איינפאך און באשטימט.

ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ.—איך וויל גאָרנישט פון אייך, האָט ער געזאָגט, און האלט דאָס פאר מיאוס און פחדנותדיק.

— צו וואָס זאָגט איר מיר דאָס?

זי איז שטארק רויט געוואָרן.

— ווייל איר וואָלט מיר גערן געגעבן די האנט, איר האָט אָבער נישט קיין מוט.

— אזוי! און פון וואַנען ווייסט איר דאָס? – האָט זי שטיל געפרעגט,

— איך ווייס עס — כ׳ווייס גאנץ זיכער.

זי האָט געשוויגן א קליינע ווײַלע און האָט ווייזט אויס אָנגעשטרענגט נאָכגעקלערט, ווייל איר קלאָרער שטערן האָט

זיך פארצויגן אין פאלדן. באלד אָבער האָט זי אים וואוי-לעריש אָנגעקוקט און געזאָגט:

— איך מיין, אז איר האָט א טעות, אויב מען גייט נאָר א פאָר שריט אראָפּ פון וועג, קאָן מען גאנץ לייכט פארבלאָנזשן און נישט געפונען צוריק דעם וועג. איז עס דען נישט אזוי?

איר ענטפער האָט אים געטראָפן, און מיט א פאַרשנדיקן בליק האָט ער באטראכט איר שמאָל געזיכט, אויף וועלכן די קראנקייט האָט שוין ארויפגעלייגט די ערשטע שפורן. אירע געזיכטס-ליניעס האָבן ווי עפּעס גערעדט און צוגלייך נע-רירט.

— מ׳דארף אויך גיין אויף די פאלשע וועגן, — האָט ער אָנגעהויבן. — ווער עס גייט נאָר מיטן גלייכן וועג, דער זעט און אנטדעקט גאָרנישט אין לעבן. און ווייל איר האָט יאָ א שטיקל אנונג וועגן ים, וועט עס אייך אוודאי נישט זיין אומבאקאנט, אז קאָלומבוס האָט אנטדעקט אמעריקע פּאָרנדיק גראָד אויף א פאלשן וועג.

— ווען מען הערט אייערע רייד, קלינגט עס כמעט, אזוי ווי איר וואָלט געהאט רעכט, מיין געפיל זאָגט מיר אָבער, אז איר האָט נישט קיין רעכט.

— איר דארפט אלעמאָל פאָלגן אייער געפיל. עס איז דער איינציקער רודער וועלכן מיר האָבן. און איצט וועל איך אייך שוין מער נישט בעטן צו געבן מיר אייער האַנט,

— זענט איר באוויבט? האָט זי פלוצלינג געפרעגט,

— יאָ — האָט ער געענטפערט.

— דאן קאָן איך אייך געבן מיין האנט.

ער האָט זיך שיער נישט צעלאכט. ער האָט צארט געדריקט איר האנט אין זיינער.

— צי איז עס שוין גענוג, האָט זי זיך אָנגערופן און ווידער צוגענומען ביי אים די האנט.

— פארוואָס טראָגט איר אייגנטלעך נישט קיין רינג?

— דאָס איז אן אומבאוואוסטזיניקער באשלוס. איך האָב קיינמאָל אין מיין לעבן נישט געטראָגן קיין רינג. אפשר האָב איך, נישט ווּיסנדיק, שטילערהייט מורא געהאט, אז אזא רינג געוועלטיקט איבערן מענטשן — און האלט אים פעסט אין זיינע פענטעס.

— עס מוזן דאָך אָבער אויך זיין פענטעס, האָט זי באַמערקט.

— אָ ניין. נאָר מיין ווילן בינדט מיך, און איך וועל אויף קיין פאל נישט אָפּגעבן די שליטה איבער אים אין דער האנט פון אייניקע גראם גאָלד.

— ווי מאָדנע איר רעדט — גאנץ אנדערש, ווי די מענטשן, מיט וועמען איך רעד שטענדיק.

— אָבער איר פאַרשטייט מיך דאָך?

— יאָ, איך פארשטיי אייך.

— באמת?

אָנשטאָט צו ענטפערן האָט זי זיך אויפגעהויבן פון אָרט, האָט זיך צוּערשט עטוואָס אָפּגערוקט און דאן געזאָגט: נו, ס'איז שוין די העכסטע צייט פאר מיר, אהיים צו גיין.

— און איך וואָלט אזוי געוואלט, אז איר זאָלט פארבלייבן מיט מיר נאָך א פערטל שעה; צי ווילט איר נישט?

— ניין, דאָס גייט נישט.

— וואָס פאר א שאָד! מיר האָבן זיך אזוי גוט פארשטאנען. איר האָט עס אליין געזאָגט.

— דעריבער איז גוט, וואָס איך גיי איצט אוועק.

— איז עס ווידער אייער געפיל, וואָס זאָגט אייך דאָס? זי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— אויב אזוי: אויף ווידערזען! פארוואס שאָקלט איר אזוי מיטן קאָפּ?

— איך וועל אייך שוין מער נישט באגעגנען.

— זייער נישט ריכטיק פון אייער זייט — ווייל איר ווייסט גאנץ גוט ווי איך, אז מיר האָבן עפּעס זיך צו זאָגן.

אין אזא פאל טאָר מען נישט פארבייגיין איינער נעבן דעם אנדערן גלייכגילטיק.

— זייט געזונט.

זי האָט נאָכאמאָל אויסגעשטרעקט צו אים די האנט, וועלכע ער האָט נישט ארויסגעלאָזן.

— איך וואָלט אייך אזוי גערן ווידער געזען. זאָגט מיר געשווינד, אז איך וועל אייך מארגן טרעפן אויפן זעלבן אָרט.

— דערפון זאָל מיך גאָט היטן!

— גוט.

ער האָט פרייגעלאָזן איר האנט.

זי האָט ארייגעלייגט דאָס קינד אין וויגעלע און נאָכאמאָל געשאָקלט צו אים מיטן קאָפּ.

ער האָט אַראָפּגענומען דעם קאפעלוש און לאנג איר נאָכגעקוקט.

א ווײַלע איז ער נאָך געבליבן זיצן און שטיל פאר זיך געפייפט, איידער ער האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט. אונטערוועגנס האָט ער געטראכט, צי ער וועט זי נאָך ווידער זען און געפילט א פרייד ביי די געדאנקען. אזוי פיל ווארעמקייט איז געגאנגען פון דער פשוטער פרוי. דאָס איז א גלייך־געוואקסענער מענטש, האָט ער צו זיך געזאָגט. נאטור, וואָס דארף זיך נישט פארשטעלן.

און די באגעגעניש איז אים פאָרגעקומען ווי עפעס שיינס, וואָס האָט זיך אינגאנצן געפאסט צום היינטיקן פרילינגס־מאָרגן.

ער האָט ארויסגענומען דעם זייגער און באמערקט, אז ס'איז שוין שפעט. פונדעסטוועגן איז ער פאמעלעך געגאנגען זיין וועג.

בשעת ער איז אריינגעקומען אין קאָרידאָר פון זיין וואוינונג, האָט ער געהערט א פרעמדע שטים, וועלכע ער האָט אָבער באלד דערקענט. דאָס איז געווען טרענקוויצס שטים. ער וואָלט זיך ליבער באלד צוריקגעקערט, עס איז שוין אָבער

גפונען צו שפעט, ווייל לוציע האָט שוין געהאט געעפנט די טיר.

— הייסט, ווער ס'איז דאָ? — האָט זי אן אויפגערעגטע געפרעגט. און נישט ווארטנדיק אויף זיין ענטפער, האָט זי האסטיק צוגעגעבן: „פאפא איז דאָ! קום שנעל אריין, מיר ווארטן אויף דיר.

א געררייצט וואָרט איז שוין געלעגן אויף זיין צונג. ער האָט זיך אָבער איינגעהאלטן, ווייל אין אָפענעם נעבנצימער האָט טרענקוויץ געשפאצירט אהין און צוריק.

זיינע פארהעלטנישן מיט לוציע זענען געווען אויף אזוי הייט אָנגעשטרענגט, אז א ליאדע וואָרט האָט אים געקאָנט ארויסברענגען פון געדולד. און שטילערהייט האָט ער געטראכט, ווען האָט ער דען אויף דער גאנצער וועלט געגעבן דאָס רעכט צו ווארטן אויף אים. אזוי ווי גיין און קומען וואָלטן אָפהענגיק געווען פונם ווילן פון אן אנדערן מענטשן. ער האָט אָבער נישט געהאט קיין צייט זיך אנטקעגנצושטעלן — ער האָט אראָפגעשלונגען זיין וואקסנדיקן כעס און איז איר נאָכגעגאנגען.

די מענער האָבן זיך שווייגנדיק געגעבן די הענט, און לוציע האָט אומבאמערקט פארלאָזן דאָס צימער.

טרענקוויץ האָט זיך שטארק געעלטערט. זיינע אויגן האָבן פינסטער געקוקט.

— לאָמיר באגראָבן די פארגאנגנהייט, — האָט ער אָנגעהויבן, דאָס רעדן איז אים אָנגעקומען זייער שווער. — איך ווייס נישט, ווי לאנג איך האָב נאָך צו לעבן — זי איז אָבער מיין איינציק קינד, און איר גליק ליגט מיר מער, ווי עפעס אנדערש אויפן הארצן. איך בין אויך נישט געקומען, כדי זיך מיט אייך צו לאָדן — איך וויל מיט אייך שלום מאכן. אויב דאָס קינד איז גליקלעך מיט אייך — און אזוי זאָגט זי מיר, — האָט ער צוגעגעבן און דערביי אלט און מיד געשמייכלט — גיי איך אוועק אָן א זייט.

ער האָט זיך א ווײַלע פארהאלטן, אזוי ווי ער וואָלט געווארט אויף רעלנאָווס הסכמה. יענער האָט אָבער עקשנותדיק געשוויגן.

דער אלטער מאן האָט טיף אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אויף דער ברוכט.

– מיר ווילן פארגעסן ־ י הארטע ווערטער, – האָט ער ווידער אָנגעהויבן. — איך וויל האָבן דאָס קינד ביי מיר — כ׳וויל מיך מיט אים פרייען. איך שלאָג אייך דריבער פאָר: פּאָרט מיט מיר אריבער קיין דיסלדאָרף. מען קאָן נאָך לעבן ביים רהיין.

— איך האָב מיר געטראכט, האָט ער פאָרטגעזעצט מיט היץ, אז איר וועט אפשר... א ווײַלע האָט ער איבערגעהאקט אין מיטן — זעט איר, מיינע אלטע ביינער זענען שוין נישט ווערט קיין סך. צום סוף קאָנט איר ווייטער פירן, וואָס איך האָב אויפגעבויט במשך פון מיין גאנץ לעבן, אפשר ווילט עס אייך — האָט ער פארענדיקט מיט לייכטער ביטערקייט.

רעלנאָוו האָט זיך שטיל צוגעהערט. פון זיין מענטשלעכן שטאנדפונקט האָט ער רחמנות געהאט אויף דעם דאָזיקן אלטן מאן, וועלכער האָט אים אמאָל געדראָט מיט דער פראָקוראטור. זיין צוזאמענברוך האָט אים גערירט. פארגעסענע באגריפן פון עלטערן און קינדער־ליבע, וואָס האָבן אים שטענדיק געבראכט אין א פארלעגנהייט, האָבן ווי לעבעדיקע אויפגעוואכט אין זיין נשמה. דער אלטער מאן איז געשטאנען פאר אים אזוי אָרעם, אזוי הילפלאָז און נאקעט — און די באגרענעצקייט פון דער מענטשלעכער עקזיסטענץ איז אים מיטאמאָל קלאָר געוואָרן אויף א דערווידערלעכן אופן. דער אלטער מאן האָט זיך מיט אלע כוחות געקלאמערט און אָנגעהאָנגען אין זיין קינד — ער האָט אויפגעהערט צו זיין ער און ביז צו אזא מדרגה אָפּהענ־גיק געווען פון ם מענטשן, וועלכן ער האָט געבראכט אויף דער וועלט. ער האָט נישט געלייגט קיין שום אכט אויף זיין איי־גענער פערזאָן און געבעטלט ביי דעם, וועלכער האָט לויט זיין איבערצייגונג צוגעגנבעט ביי אים זיין געליבט קינד.

וואָס פארא באַדויערנסווערטע לאגע!

זיין צעבראָכנקייט האָט אים פארשאפט יסורים. יאָ, ער האָט אין דעם אויגנבליק איבערגעלעבט עפּעס העכסט מערק־

ווירדיקעס: ער האָט פּלוצלינג קלאָר און דייטלעך פארשטאנען, ווי דורך אן אומגעהייערע פארבלענדונג פון די חושים קאָן דאָס אומגערעכטע באַקומען א שיין פון גערעכטן; אז די פראגע, ווער עס איז גערעכט האָט אינגאנצן נישט קיין זין, אויב איינער פון זיי איז באזיגט געווארן.

ער האָט זיך כמעט געשעמט צוליב זיין איבערמאכט, און אז אין זיין האנט ליגט דער גורל פון אן אנדערן מענט־שן, און האָט געענטפערט:

— איך בעט אייך צו גלויבן מיר אויפן וואָרט: איך קאָן נישט אויספירן אייער ווילן, ווייל איך בין דורכאויס מסכים מיט אייך, אז איך בין נישט דער פאסיקער מאן פאר לוציע. — כ׳בעט אייך, רייסט מיר איצט נישט איבער, ווייל כ׳וואָלט זייער געוואָלט, אז מיר זאָלן ערנסט און מיט קעגנ־זייטיקן צוטרוי רעדן וועגן דאָזיקן ענין, וועלכער גייט אונז ביידן אָן. גראָד דערפאר, — האָט ער צוגעגעבן מיט א שמייכל, ווייל היינט גלויבט איר שוין מער נישט אין א שפעקולאציע פון מיין זייט, וועלן מיר זיך פארשטיין. איך בין נישט קיין פאסיקער מאן פאר לוציע, הגם זי רעדט זיך דאָס נאָך איין ב׳ז היינטיקן טאָג. אונזערע נאטורן זענען אין תוך גענומען גאנץ פארשיידן, אזוי אז מיר וועלן זיך קיינמאָל נישט — ניין, קיינמאָל נישט פארשטיין. זי איז מער, ווי זי שטעלט זיך עס פאָר, צוגעבונדן צו דעם, וואָס רופט זיך מנהג און טראדיציע. און איר, הער קאָמערצראט, ווייסט גאנץ גוט, אז איך האָב מיך פון דעם לאנג אָפּגעטרייסלט, אז — היינט, ווען איך בין רייפער געוואָרן, פארשטיי איך עס אינגאנצן — אין אייערע און אין די אויגן פון אנדערע גוטע בירגער שטיי איך איצט דאָרט, וואו ס׳הויבט זיך אָן דאָס פארברעכן. ארויסגייענדיק פון דעם שטאנדפונקט איז פאר מיר אוממעגלעך צו זיין א גוטער מאן. איר האָט דאָס באלד באגרייפט מיט אייער געזונטן מענטשלעכן פארשטאנד, בשעת לוציע וויל עס נאָך ביזן אין היינטיקן טאָג נישט פארשטיין. און דערפון נעמט זיך אלדאָס בייז. איך האָב באמת נישט קיין סוחרישע

פּעאיקייטן, מיין חשובער הער קאָמעצראַט. איך בין איבער־הויפּט נישט קיין פּעאיקער מענטש. איך לאָז מיר איבער א געוויסע ערלעכקייט און איך בין פון אָנהויב אָן געווען פאר א פונאנדערגיין זיך אין פריינטשאַפט.

טרענקוויץ האָט זיך צוגעהערט צו זיינע רייד מיט גרויס אָנשטרענגונג. וואָס אמאָל מער האָט ער זיך איבערגעצייגט, אז ער האָט פאר זיך א מטורפן מענטשן, און זיין פריערדיקע מיינונג, אז רעלנאָוו איז א פארברעכערישע נאטור, האָט זיך געשטיצט אויף א טעות.

— וואָס זאָל דען אלזאָ זיין? — האָט ער געפרעגט מיט א שווער הארץ.

די טיר האָט זיך געעפנט, און לוציע איז אריינגעקומען.

— ווי איך זע, האָט איר אינגאנצן פארגעסן, אז איך בין נאָך דאָ אויף דער וועלט? — האָט זי געפרעגט.

איר אויסערלעכע געשטאלט האט זיך ווייניק געענדערט. זי איז אפשר עפּעס ברייטער געוואָרן אין די היפּטן. אָבער אין איר געזיכט האט זיך איינגעגראָבן אַ פּרויאישער, דער־שראָקענער אויסדרוק; עס האָט זיך געדאכט, ווי זי וואָלט פארלוירן איר פריערדיקע פריילעכע זאָרגלאָזיקייט. אין אירע באוועגונגען האָט זיך געפילט אַ לייכטע פוילקייט און נערוועזישקייט.

מ׳דארף דאָס טאקע ארומרעדן, — האָט טרענקוויץ שווער זיך אָנגערופן. — דאָס זענען נישט אזעלכע איינפאכע זאכן, ליב קינד. איבריקנס, — האָט ער צוגעגעבן און ארויסגענומען דעם זייגער, — האָב איך נאָך איצט א קאָנפערענץ. אין איין אָדער צוויי שעה בין איך דאָ צוריק.

ער האָט זיך אויפגעהויבן, צוגעבויגן זי צו זיך מיט גרויס רחמנות און געקושט אין שטערן.

— ליבער, גוטער פּאפּא.

זי האָט זיך צוגעטוליעט צו אים, ווי א הילפלאָז באַשע־פעניש, וואָס האָט זיך פארבענקט נאָך צערטלעכקייטן. טרענ־קוויץ האָט פאַרזיכטיק אראָפּגענומען אירע הענט.

בשעת ער האָט פארמאכט הינטער זיך די טיר, איז זי צוגעגאנגען נאָנט צו רעלנאָוון. און מיט א לייכטער מורא אין קול האָט זי געזאָגט:

— נישט אמת, ליבסטער, דער פאפא איז א גוטער — און איצט וועט אלץ ווידער גוט זיין.

— זי האָט אים אָנגעקוקט מיט אויגן פול ליבע און דערוואַרטונג. אָדער זיין הויכמוטיקער שמייכל, וועלכן זי האָט גוט געקענט און געהאסט, האָט זי באלד נידערגעשלאָגן.

— האָט ער דיר נישט געמאכט קיין שום פאָרשלאגן? — האָט זי נישט דרייסט געפרעגט.

— מיר זאָלן צו אים אראָפפאָרן — דו זאָלסט אריינטרעטן אין פאבריק — ער וויל זי דיר אינגאנצן איבערגעבן, אזוי ווי דו וועסט דיך נאָר איינארבעטן.

און ווען ער האָט אלץ נאָך געשוויגן, איז זי אריינגעפאלן אין כעס.

— מענטש איינער — מענטש! לאָקט דיך דאָס נישט? איז עס נישט דאָס ארבעטס-פעלד, וועלכן דו דארפסט, אויף וועלכן דו וואָלסט געקענט אנטוויקלען אלע דיינע כוחות?

פאר אויפרעגונג איז זי אינגאנצן רויט געוואָרן און האָט זיך נעשטרענגט געלאָקערט אויף זיין ענטפער.

ער האָט זי אָבער גענומען פאר דער האנט און בנעימות-דיק געענטפערט, אזוי ווי מען רעדט צו א קראנק קינד:

— אָבער, לוציע, דאָס זענען דאָך אלץ פלוידערייען! און ווי באוועגט פון זיינע געדאנקען, האָט ער ווייטער גערעדט:

— וואָס זאָל איך טון אין דיסלדאָרף — אין אייער קנעפל-פאבריק? יאָ, כ'ווייס, אז דאָס איז פאר זיך זייער שיין, פאר דיין פאָטער און אנדערע מענטשן. אָבער נישט פאר מיר, לוציע. עס ליגט מיר גאָרנישט אין זינען — דו ווייסט עס גאנץ גוט — אָפּצושניידן יעדן קווארטאל קליינע קופּאָנעס מיט א גרויסער שער. איך ברויך דאָס נישט, לוציע. פארקערט — איך וואָלט דערפון קראנק געוואָרן.

— יאָ, אָבער וואָס ווילסטו אייגנטלעך? — איר שטימע האָט געקלינגען דראָענד און הייזעריק.

— דו ווייסט גאנץ גוט, — האָט ער געענטפערט.

— ניין, איך ווייס נישט, — האָט זי אויסגעשריגן, און איר געזיכט האָט באקומען אַ האַרט, פיינטלעכן אויסדרוק.

— דו ווייסט — האָט ער קאלט אין געלאסן איבער־געחזרט. איך וויל אוועקגיין. לאָמיר זיך צעגיין, ווי גוטע פריינט — און נישט ווי פארביטערטע שונאים. וויפיל מאָל האָב איך עס דיר געזאָגט.

— אזוי — דערמיט קומסטו — דאָס איז דיין פזמון!

זי איז שטארק בלאס געוואָרן און האָט אינגאנצן גע־ציטערט.

ער האָט הארטנעקיג געשוויגן. ער האָט געוואוסט, אז אויב זי קוקט אים אָן מיט אזעלכע בליקן, איז איטלעכעס וואָרט איבריק, און אלע זיינע ארגומענטן האָבן נישט געהאט קיין שום ווערט. די אויערן זענען איר דעמאָלט ווי פאר־שטאָפּט און אירע אויגן האָבן געשפריצט מיט אן אומהיימלעך פייער, פאר וועלכן ער האָט מורא געהאט. דער דאָזיקער אופן פון קאמף איז געווען קעגן זיין נאטור.

זיין שווייגן האָט זי נאָך מער אויפגערייצט. ער האָט געזען, ווי איר גאנצער קערפּער האָט זיך געטרייסלט, ווי זי האָט געזוכט באליידיקנדע ווערטער, כדי אויפצודעקן זיין פארברעכערישע האנדלונג לגבי איר. און ווייל ער האָט גע־קאָנט אירע אויסברוכן, האָט ער זיך געוואָלט ארויסרוקן פון צימער.

זי האָט אים דראָענד פארשטעלט דעם וועג.

— דו מוזט מיך אויסהערן.

— אַ שאָד צייט און קראפט, — האָט ער געזאָגט און געהויבן די אקסלען.

— האָסט רעכט, — האָט זי געענטפערט, — און אירע אויגן האָבן געפונקלט. דו ווערסט אזוי ווייט טרייבן, ביז איך — — יאָ, פארוואָס ביסטו מיר נאָכגעלאָפן? פארוואָס האָסטו

זיך אָנגעטשעפּעט אָן מיר? צי האָב איך דיר געזוכט? צי ׀ אָסטו מיך נישט פאַרפאָלגט מיט אַלע מיטלען, ביז דו האָסט מיך באַקומען?! אָך, דו געמיינער מענטש — דו געמיינער און נידערטרעכטיקער מענטש! — זי האָט נאָכאַמאָל אויסגעשריגן און איר שטימע האָט זיך איבערגעהאַקט.

רעלגאָוו איז נאָך מער בלאַסער געוואָרן. ער האָט נישט געוואָלט ענטפערן. אָבער דערנאָך האָט ער זיך אָנגערופן מיט א גרויזאַמען שפּאָט:

— איך בין א געמיינער און נידערטרעכטיקער מענטש. אמת! און מיט אזא איינעם ווילסטו ווייטער לעבן? דאָס איז דאָך שענדלעך־מיאוס!

זי האָט זיך שוידערלעך צעלאַכט.

— אָ, איך האָב דאָס געוואוסט. איך האָב געוואוסט, אַז דאָס וועט מוזן קומען. דו ביסט א פּיין פייגעלע! — זי האָט אים מיטאַמאָל דורכגעשפּיזט מיט אירע אויגן — אפשר פירסטו אמאל א ליבע? — האָט זי געפרעגט.

— לאָז מיך אַרויס, האָט ער געענטפערט.

דער אויסדרוק פון זיין געזיכט האָט זי אנטוואָפנט.

טרערן האָבן אָנגעהויבן זיך צו קייקלען פון אירע אויגן.

— אָך, אַנדרעאַס, — האָט זי שלוכצנדיק געזאָגט, פאַר־וואָס ביסטו נישט פריילעך מיט מיר? צי איז דאָס א חטא, אַז איך האָב דיך אזוי שטאַרק ליב? צי קאָנסטו מיר עפּעס פאָרוואַרפן?

— ווייל דו בינזט מיך צו אויף א קייט און איך קאָן נישט עטעמען אָן פרייהייט.

— פרייהייט! זי האָט זיך ווידער צעלאַכט. — אָ, איך קען דיין פרייהייט! קוק מיך נישט אָן אזוי בייז — איך וויל דיר נישט אָנטון קיין עגמת־נפש. איך האָב דאָך געהאַט פון דיר א קינד, אַנדרעאַס, א קליין, זיס קינד — און איך וועל ווידער האָבן א קינד, גאַנץ געוויס — און אַלץ וועט ווידער גוט ווערן. גלויב מיר, מיין ליבלינג, אַלץ וועט ווידער גוט זיין.

— ווען דו וועסט מיך באַפרייען.

— און ווען איך וועל דאָס נישט טון?

— איך וועל מיך אויפהויבן אין א שיינעם פרימאָרגן און אוועקגיין פון דאנע.

— און איך וועל שוין וויסן ווי דיך צו געפונען, וואו דו זאָלסט דיך נישט באהאלטן. מעגסט זיין אינגאנצן זיכער.

— צי ווייסטו, וואָס דאָס איז? א פשוטע משוגעת. בין איך דען דיין אייגנטום, ווי עפּעס א טויטע זאך? ווייל אויף א שטיקל פאפיר שטייט געשריבן, אז איך בין דיין מאן! און אויב איך זאָל מיר שיסן א קויל אין קאָפּ, וואָלסטו דען נישט געמוזט דערמיט שלום מאכן?

— אָ, האָט זי געזאָגט, אויב דער טויט צעשיידט אונז, איז עס א גאנץ אנדערע זאך, קעגן גאָטס ווילן קאָן מען גאָר נישט טון.

— זעסט, דאָס האָב איך געוואָלט הערן. אין ענינים פון רעליגיע ביסטו גאָט באהאַוונט. ביי גאָט שטעלסטו זיך אָפּ. אָבער פון מיר ווילסטו א תל מאכן. ניין, מיין ליבע, קעגן דעם מוז איך מיך ווערן. ווען דער טייוול זאל מיך היינט כאפּן, ווערסטו מארגן גליקלעך זיין מיט אן אנדערן. דאס איז דער באזיץ-שגעון פון ערגסטן סארט!

זי האָט אים אָנגעקוקט מיט א גוטמוטיקן בליק, איידער זי האָט געענטפערט:

— דיינע פארדרייטע, איבערגעשפיצטע רייד וועלן מיך נישט איבערצייגן. איך ליב דיך — און כ'וועל דיך נישט פארלאָזן.

ער האָט איר געמוזט נאָכגעבן. יעדער זייער געשפּרעך האָט זיך אזוי געענדיקט. ער האָט געקענט יעדן ארגומענט אירן, יעדן אויסרייד.

— רעד איבער מיטן פאָטער, האָט ער געזאָגט, אפשר וועט ער דיך קענען איבערצייגן. יאָ, און איצט מוז איך אויף א ווײַלע אראָפּגיין. איך דארף עפּעס ערלעדיקן.

— וואו ווילסטו דען גיין? האָט זי געפרעגט מיט אומצוטרוי.

— צי שטיי איך ביי דיר אונטערן פאַרהער ? — האָט ער בייז אויסגעשריגן און צוגעקלאַפּט הינטער זיך די טיר.

אַ ווײַלע איז זי געשטאַנען, ווי אַ פאַרשטיינערטע, ביז אַ קלינג האָט איר אויפגעוועקט.

טרענקוויץ איז צוריקגעקומען אין אַ געהויבענער שטימונג. ער איז ווידער גרייט געווען צום קאַמף.

— ווי מיינסטו, פון וואַנען קום איך איצט ?

— איך ווייס נישט.

— פון זיין פאָטער, פון אַלטן געהיימראַט.

— דו האָסט דאָס געטון — האָט זי געשטאַמלט.

— געוויס, מיין קינד. און איך וויל דיר אויך איבערגעבן, וואָס ער האָט מיר געזאָגט. זיין אורטייל איז קורץ און שאַרף: עס זענען פאַראַן משוגעים, וועלכע מען קאָן נישט איינשפּאַרן! דער מענטש עקזיסטירט נישט פאַר אים. ער האָט אים אויסגעמעקט פון זיין זכרון.

— דאָס גייט מיך גאָרנישט אָן, האָט זי אַן אויפגערעגטע אויסגערופן.

— אָבער מיך, ליבע לוציע, נאָך מער. ער האָט מיר אויך מיטגעטיילט מערקווירדיקע זאַכן וועגן זיין מוטער. צי ווייסטו, וואָס דאָס באַדייט אַ קראַנקייט, וואָס גייט איבער בירושה, מיין קינד ? ס'זענען פאַראַן מענטשן, וועלכע מען קאָן נישט מאַכן פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זייערע מעשים, ווייל זיי טראָגן די שלעכטע אייגנשאַפטן אין בלוט. דער אַלטער הער, וועלכער האָט איבעריקנס געמאַכט אויף מיר אַ גוטן איינדרוק — זייער שאַרפזיניק, — זייער קלוג, נישטאָ קיין צווייפל — האָט מיר בעתן געשפּרעך געגעבן צו פאַרשטיין, אַז די געבוירענע גרעפין גינסדאָרף איז נאָך פון דער היים געווען נישט אינגאַנצן ביים ריכטיקן זינען. די גינסדאָרף-פאַמיליע איז בכלל נישט אין אָרדנונג. סיי די מענער, סיי די פרויען. די מענער זענען שכורים, קאָרטן-שפּילערס, געלט-פאַרשווענדערס — די פרויען אָן אַ גויענעץ לייכטזיניק, גאַסנפרויען, קאָקאָטעס — גאָט ווייסט וואָס נאָך. איינע זאָל אפילו האָבן געווען די

מעטרעסע פון עפעס אדענישן קעניג, קריסטיאן, און האט אויפגעבראכט קעגן זיך די עפנטלעכע מיינונג. דאס עפעלע פאלט נישט ווייט פון בוים.

זי האָט זיך ·הויך צעלאכט.

— אויף אזא אופן האָט ער געמוזט געראָטן זיין אין זיין פאָטער, ליבער פאפא!

— אך, וויצל דיך נישט, ליבע לוציע, איך בין גאָרנישט צו דעם געשטימט, – האָט טרענקוויץ געענטפערט. איבריקנס וואָלט דיך דער געהיימראט גערן געוואָלט קענען, האָט ער צוגעגעבן. ער דארף זעלבסטפארשטענדלעך גאָרנישט וויסן דער- פון. ער וויל מיט אים נישט האָבן דאָס מינדסטע צו טון.

— פאפא — האָט זי אויסגעשריגן, – גלויבסטו, אז איך וואָלט הינטער אנדרעאס רוקן – אָן דער דערלויבניש פון מיין מאן — — יאָ, וואָס קלערסטו אייגנטלעך וועגן מיר, פאפא?

— אז גאָט האָט דיך פארבלענדט, מיין קינד, האָט ער געקרעכצט. וואָס וואָלט איך געגעבן, ווען דו וואָלסט ווידער געקומען צום שכל. לאָז מיך אויסרעדן, לוציע — איך בין טיף אויפגעציטערט. דו פירסט דאָך מיט דעם דאָזיקן מענטשן א הינטיש לעבן! דו וועסט קיינמאָל נישט איינרעדן דיין אלטן פאָטער, אז דו ביזט גליקלעך. קוק דיך נאָר אָן אין שפיגל, וועסטו דיך איבערצייגן, וואָס דער מענטש האט געמאכט פון דיר. איך וואלט דיר געוואלט עפענען די אויגן. קום מיט מיר און הויב אן אויפסניי. דו ביזט יונג. דאס גאנצע לעבן ליגט נאך פאר דיר. הונדערטער וועלן אויסשטרעקן די ארעמס צו דיר – דו דארפסט נאר אויסקלויבן.

זי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ.

– כ׳קאן נישט, פאפא. ווען דו וואלסט מיר אפילו צו- געזאגט גאלדענע בערג.

ער האט א קלאפ געטון מיט דער פארמאכטער פויסט איבערן טיש, אז עס האט אזש געקנאלט איבערן צימער.

— דו קאנסט נישט! — האט ער איבערגעחזרט אייניקע מאל. -- מען קאן דאך פשוט משוגע ווערן. צי האט דען דער

מענטש דיך פֿארכשופֿט? דאס איז א גארנישט, א רמאי, א פּוילער, וואס גנבעט צייט ביי גאט. טוט נישט קיין האנט אין קאלט וואסער. לעבט פֿון טאטאליזאטאר און האט נישט דאס מינדסטע געפיל פֿון בושה. און פֿאר אזא מענטשן, וועלכער געפינט זיך נישט נאר דורך א צופֿאל הינטערן שלאס און ריגל, זאלסטו דרך ארץ האבן? ניין, דא איז מיר עפּעס נישט אינגאנצן אין ארדנונג – דאס איז אוממעגלעך!

— איך האב אים ליב, פּאפּא, — האָט זי שטיל געזאָגט.

דעמאָלט איז טרענקוויץ צוגעגאנגען צו איר גאנץ נאָנט און געטרייסלט איר פֿאר די אָרעמס.

— איצט וועל איך דיר נאָך עפּעס זאָגן, מיין ליב קינד, — זיין שטימע האָט שניידנדיק — שארף געקלינגען און ער האָט אינגאנצן געציטערט פֿאר אויפֿרעגונג. ער האָט טיף אָפּגעעטעמט, אזוי ווי ער וואָלט געוואָלט אָנשעפּן נייע כּוחות.

— דער דאָזיקער פּארשוין האָט דיך נישט אויף דאָס מינדעסטע ליב — ער האָט עס מיר אליין געזאָגט — זאָל איך אזוי געזונט זיין, ער האָט נאָר איין איינציקן געדאנק: פּטור צו ווערן פֿון דיר אויף א באקוועמען אופֿן.

— איך ווייס עס, פּאפּא.

טרענקוויץ האָט אויפֿגעברילט, ווי א פֿארוואונדעטע חיה.

— אויב אזוי וועלן דיר שוין סיי גאָט, סיי דער טייוול נישט ארויסהעלפֿן. ווער עס האָט נישט קיין אכטונג פֿאר זיך אליין, דער ווערט אויך פֿון קיינעם נישט געאכטעט.

טיף אויפֿגערעגט האָט ער דורכגעמאָסטן דאָס צימער. דערנאָך איז ער געפֿאלן אויסגעשעפּט אויף א שטול און אָנגעהויבן צו וויינען ווי א קינד.

דאס הארץ האט איר ווײ געטון.

זי איז צוגעגאנגען צו אים און געלייגט איר האנט אויף זיין האלז.

— ליבער, הארציקער פּאפּא, וויין נישט! דו ווייסט נישט, ווי מיר איז שלעכט. אמת, דאס איז אן אומגליק. דו

ביסט כשר גערעכט. אבער אויב איך זאל אוועקגיין פון אים, וועל איך פארוויאנען, ווי א געוויקס, ביי וועמען מען האט אפגעשניטן די ווארצלען. צי ווילסטו דאס ? איצט זעסטו — מיך קאן מען נישט העלפן. קיינער קאן מיר נישט העלפן. איך מוז צוריק געווינען זיין ליבע, אדער איך מאך אן ענדע. איך שווער ביי גאט — איך מאך א סוף.

דערזעענדיק אין זיינע אויגן א דערשראקענעם אויסדרוק, האט זי צוגעגעבן מיט א שמערצלעכן שמייכל: — אזוי שלעכט איז נאך נישט מיט אונז, ליבער פאטער. לאז מיר ווידער האבן א קינד, און אלץ וועט זיך ענדערן צום גוטן. ער איז דאך נאך אלעמען דער בעסטער, ליבסטער מענטש — און טאקע, ווייל ער איז אזא, און נישט קיין אנדערער, האב איך אים ליב.

דעמאלט האט טרענקוויץ פארשטאנען, אז ער פירט א האפנונגסלאזן קאמף.

## צווייטער קאַפּיטל

פיר טעג נאָכאנאנד האָט רעלנאָוו אומזיסט באזוכט דעם שנעקנבערג, נישט געפינענדיק זיין נייע באקאנטע. אז ער איז אויפן פינפטן טאָג דאָרט אהינגעקומען, האָט ער שוין נישט געהאַט קיין שום האָפנונג און א טיפער טרויער האָט אים באהערשט.

וואָס וויל איך דען אייגנטלעך? — האָט ער זיך גע-פרעגט. דאָס איז א פּרימיטיווע דורכשניטלעכע פרוי, וועלכע איך לויף נאָך ווי א שוליונגל.

ניין, זי איז א העכסט סימפּאַטישע, פּשוטע פרוי, א גוטע און נישט געקינצלטע.

און ווידער האָט ער, ווי מיט אויגן פארבלענדט פון א מיראַזש געלאָזט זיך פארפירן דורך די רייצנדיקע באַוועגונגען פון א פרוי, נישט זעענדיק, אז א הויכמוטיקע גאנז טרייבט מיט אים קאַטאַוועס. אָבער איצט, איז עס געווען צום לעצטן מאָל, — דער לעצטער פרווו, וועלכן ער האָט אונ-טערגענומען. אויב זי וועט היינט נישט קומען, איז די זאך געענדיקט.

ער האָט שטיל געזינגען אונטער דער נאָז — איינע פון יענע מעלאָדיעס, וועלכע ער האָט געשאפן אין משך פון לעצטן יאָר. ער האָט אָנגעשריבן א גרויסע צאָל לידער. קיינער האָט אָבער דערפון נישט געוואוסט. בושה און אומצוטרוי האָבן אים

צוריקגעהאלטן צו פארטרויען עמעצן זיין סוד. און גאוה האָט ער נישט געהאט אין זיך.

גיצט איז ער געווען גאנץ נאָנט ביים שנעקנבערג. „לייכטער אומרו האָט אים באהערשט. ער האָט געטראכט, צי וואָלט ער נישט בעסער געטון, ווען ער וואלט זיך אומגעקערט. עס איז דאָך פשוט פארדריסלעך צו לאָזן זיך שטענ- מאכן צום נאר.

– ניין, נאָך איין מאָל וועט ער מאכן דעם פרואוו, — היינט וועט זי זיכער דאָ זיין.

פאמעלעך, מיט וואקלענדיקע טריט איז ער ווייטער געגאנגען און אין אמתן — זי איז געזעסן און געשאָקלט צו אים מיטן קאָפּ, בשעת ער האָט זי געגריסט. זי האָט אויסגע- שטרעקט צו אים איר האנט און איר פנים איז רויט געוואָרן פאר בושה.

גאנץ איינפאך האָט זי זיך אָנגערופן:

— איך בין דאָך געקומען — אנדערש האָט עס נישט געקאָנט זיין.

— דאָס איז זייער — זייער שיין פון אייך.

— אָ ניין, האָט זי געענטפערט, דאָס איז נישט איידל און נישט אָרנטלעך פון מיין זייט.

— און פונדעסטוועגן זענט איר געקומען?

— יאָ, איך האָב געמוזט. איך האָב נאָך אייך אזוי געבענקט.

ער האָט זיך לייכט אומגעקוקט. און אזוי ווי זי וואָלט דעם בליק געוואָלט צוגעבן א באזונדערע באדייטונג, האָט זי געזאָגט,

— דאָס קינד האָב איך איבערגעלאָזן אין דער היים. זאָל עס נישט זיין קיין עדות, בשעת דעם פאָטער ווערט גע- טון אן עולה.

— איר האָט דאָך גאָרנישט געטון קיין בייזעס.

— דאָך, — האָט זי געענטפערט מיט א שמערצלעכן שמייכל, — דאָס איז דער אָנהויב. איך לויף נאָך אן אנדערן—

און מיין אייגענער מאן איז אין דרויסן אויפן ים און קאָן זיך אפילו נישט ווערן.

— א ווײלע איז ער דערשראָקן געוואָרן פון איר אָפּנ־הארציקייט, וועלכע זי האָט גאָרנישט געוואָלט פארשלייערן. זי האָט עס ווײזט אויס באמערקט, ווײל זי האָט זיך אָנגע־רופן מיט א ליבלעכע שטים:

— מען דארף זיך ווײניקסטנס נישט פארבינדן די אויגן. און שטיל האָט זי צוגעגעבן: — איך בין גערן געקומען — איך האָב געוואוסט, אז איר וועט דאָ זיין.

רעלנאָוו האָט גענומען איר האנט, וועלכע זי האָט אים געגעבן און לייכט געגלעט.

— און פון וואנעט האָט איר דאָס געוואוסט?

— איך האָב עס געפילט.

— איר האָט מיך אלזאָ א קאפּינקע ליב?

— א נישט וואָלט איך דאָ נישט געווען, האָט זי גע־ענטפערט אָן א שפּור פון גוזמא. עס איז מיר נישט אָנגעקו־מען אזוי לייכט — און נישט איינמאָל האָב איך מיך גע־פרעגט, ווי איז עס דען מעגלעך, אז איך זאָל באגיין אזא נישט אָרנטלעכקייט — ווי איז דאָס מעגלעך, — האָט זי ווײ־טער גערעדט נאָכקלערנדיק, — אז איך זאָל פשוט אָפּנארן א מענטשן, וועלכן איך האָב ליב געהאט און האָב ליב ביזן היינטיקן טאָג — און דאָך מוז איך אים אָפּנאַרן, ווײל איך האָב באמת נישט געוואָלט קומען צו אייך. אין גרונט גענו־מען, — האָט זי צוגעגעבן — בין איך נישט קיין לייכטזיניקע פרוי, וואָס זוכט אַוואנטורעס. איך האָב גערעכנט, אז איר וועט מיר דאָס ענדלעך אויפקלערן.

רעלנאָווס הארץ האָט זיך ווייט צעעפנט. וואָס איז דאָס געווען פאר אן אויפריכטיק קינד, וואָס איז נעבן אים גע־זעסן — איר פשטות האָט אים גערירט, איר הנעוודיקייט און צארטקייט האָבן אים ארייגעבראַכט אין אן אנטציקונג.

— די שענסטע זאכן, — האָט ער שטיל געענטפערט, — זענען אומפארשטענדלעך. דאָס האָט דער ליבער גאָט איינגע־

אָרדנט אזוי מיט זיין חכמה. אָבער פונדעסטוועגן, אפשר וועט מיר געלונגען עס אייך צו דערקלערן. איר זאָלט מיך נישט אויסלאכן, אויב עס וועט אייך פאָרקומען אומזיניק.

זי האָט שטארק געשאָקלט מיטן קאָפּ און איז רויט געוואָרן ביז איבער די אויערן, נאָר ביים געדאַנק, אז זי וואָלט געקאָנט זיך לוסטיק מאכן איבער אים.

— נעמלעך, האָט ער אָנגעהויבן, — מאן און פרוי זענען צוויי אָפּגעטיילטע העלפטן, וועלכע זוכן זיך אָן אן אויפהער און געפונען זיך נאָר אין זעלטענע פאלן. אָפט באהעפטן זיך צוויי טיילן, וואָס פאסן זיך גאָרנישט איינער צום אנדערן — און דעמאָלט איז דאָס אומגליק פארטיק. אָבער וואָס מער די טיילן דערנענטערן זיך צו זיך, הגם זיי דעקן זיך נישט פולשטענדיק, אלץ מער דערטרעגלעכער ווערט דאָס צוזאמענלעבן. נאָר אין גאָר זעלטענע פאלן - דעמאָלט איז עס עפּעס וואונדערלעכעס — באהעפטן זיך מענטשן, וועלכע געהערן צו אנאנד פאר גאָט און דעם גורל. די מייסטן האָבן אָבער נישט קיין געדולד, קיין אויסהאלטונגס-קראפט, כדי איינער דעם אנדערן צו זוכן, און שפּילן לייכטזיניק מיטן קערפּער און נשמה. און דעמאָלט פארלירן זיי זיך און בלייבן אומגליקלעך אויף זייער גאנץ לעבן.

זי האָט אים אָנגעשטרענגט צוגעהערט.

— צי האָט איר זיך דאָס אויסגעטראכט? האָט זי נישט דרייסט געפרעגט.

— דאָס איז אן אוראלטער אמת.

— און איר מיינט, אז איך האָב געקאָנט פילן, אז איר זענט מיר פאר גאָט נענטער, ווי מיין מאן?

— יאָ, אזוי מיין איך.

זי האָט פארקנייטשט דעם שטערן און געגריבלט זיך אין אירע געדאנקען.

— איך גלויב אָבער דאָך נישט, — האָט זי געזאָגט נאָך אַ לאנגער פּויזע, — אז איר זאָלט האָבן געוואוסט אויף מיר.

— אוי פארוואָס גלויבט איר נישט אין דעם?

— ווייל איך בין צו איינפאך און שטיי אין פארגלייך צו אייך אויף א פיל נידריקער מדרגה.

— ווער קאָן דאָס באהויפטן, אז ער שטייט העכער פאר אן אנדערן? ווער ער גלויבט אין דעם, דער איז א בעל גאוה.

— אָ ניין, — האָט זי געענטפערט. אויב עמעץ שטייט נעבן מיר און איז העכער מיט א קאָפּ, מוז איך עס דאָך זען. און אויב איך גרעמפל אביסל אויפן פּאָרטעפּיאן און אן אנדער שפּילט וואונדערשיין, מוז איך עס דאָך הערן. און אויב איך הער עס נישט, איז עפּעס נישט אין אָרדנונג — און איך אליין ברענג מיר דעם גרעסטן שאָדן.

— ווי שיין איר האָט דאָס אויסגעדריקט. ווער ס׳איז אזוי קלוג און נאָכדענקלעך, דארף זיין ליכט נישט באהאלטן אויפן בוידעם.

זי האָט זיך געוועהרט מיט א מאך מיטן האנט.

— כ׳בעט אייך, כ׳בעט אייך זייער, מאכט מיר נישט אזעלכע קאָמפּלימענטן!

ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ צום צייכן, אז ער איז מסכים מיט איר.

— צי ווילט איר מיר אויפריכטיק ענטפערן אויף איין פראגע?

— יאָ, ביטע.

א רגע האָט זי זיך געוואקלט, איידער זי האָט שטיל ארויסגעזאָגט:

— צי האָט אייך אייער פרוי ליב?

— אויף איר אופן, יאָ.

זי האָט געשוויגן און לאנג געקוקט פאר זיך.

— אויב אזוי איז דאָס א טאָפּעלע אומגערעכטיקייט, — האָט זי צום סוף באמערקט. — גאנץ אנדערש וואָלט עס געווען, ווען זי וואָלט אייך נישט ליב געהאט.

— ס׳איז פאראן א ליבע, וואָס ליבט נישט, ווייל זי קלערט נאָר וועגן זיך.

זי האָט אים לאנג אָנגעקוקט, אזוי אז ער האָט זיך

געפילט נישט זיכער אונטער איר פארשנדיקן בליק, פלוצלינג האָט זי געזאָגט:

— איך האָב עס נעכטן אָוונט, בשעת איך האָב מיך אנטשלאָסן גיין צו אייך, געשריבן צו מיין מאן.

— איר האָט דאָס געטון?

— יאָ — איך פאָדער נישט קיין צוטרוי. אויב איך פאר־דין עס נישט. און איצט לאָמיר מער דערפון נישט רעדן.

זי האָט זיך אראָפּגעבויגן, גענומען זיין האנט און זי געקושט.

— איך האָב ליב אייער האנט — ביים ערשטן בליק האָב איך זי ליב באקומען.

דערביי האָט זי געשמייכלט אויף אן אייגנארטיקן אופן, ווי זי וואָלט אים געוואָלט פאנגען אין א נעץ. דערנאָך האָט זי געפרעגט:

— צי קאָן איך וויסן, ווי איז אייער נאָמען?

— איך הייס אנדרעאס.

— אנדרעאס — האָט זי איבערגעחזרט אייניקע מאָל, אזוי ווי זי וואָלט זיך געוואָלט צוגעוואוינען צו דעם קלאנג.

— אייגנטלעך, האָט זי אָנגעהויבן, פאסט גאָרנישט דער נאָמען צו אייך.

— פארוואָס נישט? האָט ער געפרעגט פארחידושט.

— אנדרעאס — האָט זי געענטפערט — קלינגט אזוי איינ־פאך — אזוי... היימיש... איך וואָלט געזאָגט — אזוי זעלבסט־פארשטענדלעך.

— און פאר וועמען האלט איר מיך?

— פאר דעם היפך, האָט זי געענטפערט. און גראָד דאָס האָט מיך צו אייך געצויגן. איך האָב אמאָל געוואָלט קוקן אין דער ליכטיקייט. כ׳האָב וועגן דעם אלעמאָל געחלומט... זייט אזוי גוט און באגלייט מיך אביסל, האָט זי מיט אמאָל געזאָגט און זיך אויפגעהויבן.

זיי זענען געגאנגען דורכן גאָרטן, וועלכער איז דעם מארגן כמעט ליידיק געווען. זייערע הענט האָבן זיך לייכט

באַרירט. זיי האָבן נישט גערעדט צווישן זיך. אין רעלנאָווס אויערן האָבן געקלינגען מעלאָדיעס, און ער האָט גאנץ דייט-לעך געהערט, ווי זיין הארץ צאפלט אויף פאר פרייד.

— האָסטו מיך באמת א קאפינקע ליב? האָט זי איבער-געריסן די שטילקייט.

— זייער — זייער ליב. און איצט זאָג מיר, ווי הייסטו?

— קעטע.

— המ —, האָט ער געברומט.

— געפעלט דיר נישט מיין נאָמען?

— יאָ — יאָ, האָט ער פארזיכערט. איך וועל דיך ליבער רופן קאטארינע.

— ניין! דו זאָלסט מיר א נאָמען געבן, וואָס וועט נאָר צו דיר געהערן.

— גוט — אויף אזא אופן וועל איך דיך רופן מאריע.

— פארוואָס עפעס מאריע?

— ווייל דו ביסט מיר באלד פון ערשטן טאָג פאָרגע-קומען, ווי א בילד פון דער מאדאָננע.

ווידער האָבן זיי געשוויגן און האָבן איינגעזויגן אין זיך דעם בשמים-ריח פון בליענדיקן פרילינג.

מיט אמאָל האָט איר אָנגעכאפט א שרעק.

זי האָט האסטיק ארויסגעצויגן א קליין זייגערל און גע-זאָגט:

— מיין גאָט, ווי מיר האָבן זיך פאררעדט.

— קאָן איך דיך נאָך באגלייטן א שטיקל וועג?

— יאָ, האָט זי געענטפערט.

— און וואו וואוינסטו?

לעווועצאָוו-גאס נומער 11. מיין מאמע פארמאָגט א קליינע גאָרטן-וואוינונג פון דריי צימער, פון וועלכע איינס איז שטענדיק פארדינגען. אויגנבליקלעך שטייט עס גראָד ליידיק.

ער איז געבליבן שטיין אין מיטן גאס,

— דו וועסט דיך נישט בייזערן, אויב איך וועל דיר איצט עפעס זאָגן.

— ניין — געוויס נישט.

— כ'וואָלט געוואָלט דיר געבן דיר, כ'וואָלט אויך אמאָל געוואָלט שפּילן נישט געשטערט איך בין אייגנטלעך א שטיקל מוזיקאנט.

— דו שפּילסט אפשר אמאָל אויף א פידל?

— יאָ, האָט ער געזאָגט. איך שפּיל אביסל. צי וואָלסטו בייז געווען אויף מיר, ווען איך וואָלט היינט נאָכמיטאָג געקומען און געדינגען דאָס צימער?

זי האָט צוערשט נישט געקענט געבן קיין ענטפער. אינעווייניק אין איר איז פאָרגעקומען דער לעצטער קאמף.

— דאָס איז דאָך אָבער נישט מעגלעך — האָט זי געשטאמלט. דו האָסט דאָך אן אייגענע וואוינונג.

— גוט — איך וועל זאָגן דיין מוטער, אז איך זוך א צימער צו שפּילן אייניקע שעה אין טאָג. דאָס איז ביז צו א געוויסער מאָס אמת, — האָט ער צוגעגעבן קומענדיק אין א פארלעגנהייט.

זי האָט אים אָנגעקוקט מיט לאכנדיקע, שעלמישע אויגן, וועלכע האָבן זיך גאָרנישט געפּאסט צו איר פריערדיקער שטימונג און האָט דערנאָך גאנץ ערנסט געפרעגט:

„צי האָסטו אויף אזא אופן שוין אָפטמאָל געדינגען א צימער?"

ער האָט זיך הויך פאנאנדערגעלאכט און איר הייליק פארזיכערט, אז ער האָט דאָס ביז איצט נאָך קיינמאָל נישט געטון.

— גוט — איצט געזעגענען מיר זיך, און נאָכמיטאָג זעען מיר זיך ווידער.

זי האָט אים געגעבן די האנט, וועלכע ער האָט נישט געוואָלט ארויסלאָזן.

ענדלעך האָט זי דעליקאט באפרייט איר האנט און איז אוועק, נישט אומקוקנדיק זיך קיין איין מאָל צו אים.

ווי א פארכישופטער האָט ער איר נאָכגעקוקט און איז דאָרט לאנג נאָך געשטאנען פארטראכט, בעת זי איז שוין לאנג געווען פארשוואונדן.

## דריטער קאַפּיטל.

רעלנאָוו איז אריין אין א קליינער זיבעצער וואוינונג אויפגענומען האָט אים מיט א שטילשווייגנדיקער ערנסטקייט א פרוי, וועלכע האָט אויסגעזען צו שטיין אין אָנהויב פון די פופציקער יאָרן, געהאט כמעט א מיידלשע פיגור, גלאט פאר־קעמטע האָר און גוטע גרויע אויגן.

ער וויל, הייסט עס, נישט שלאָפן אין דער וואוינונג, ער וויל דאָס צימער באנוצן נאָר אויף עטלעכע שעה אין טאָג?

רעלנאָוו האָט צוגעשטימט מיטן קאָפּ

דאָס איז א שווערער ענין, האָט זי צוגעגעבן טראכטנ־דיק א ווײלע, ביז איצט פלעגט זי פארדינגען דאָס צימער אויף א גאנצן טאָג און מיט פרישטיק. זי האָט נישט געוואוסט, פאר וועלכן פרייז זאָל זי עס אָפּגעבן ביי אזעלכע תנאים.

דערביי האָט זי פון דער זייט באטראכט רעלנאָוון מיט אומצוטרוי און געגעבן אים אָנצוהערעניש, אז דאָס בעסטע וואָלט געווען, ווען ער וואָלט זיך אומגעקוקט אויף אן אנדער צימער.

ער איז געווען איבערגעשראָקן.

דאָס צימער איז אים באמת זייער געפעלן.

צי האָט זי אפשר עפעס פאַרצוואָרפן זיין פערזאָן?

ער איז א רואיקער מענטש און חוץ זיין פידל־שפילן וועט ער איר נישט פארשאפן קיין שום אומאנגענעמלעכקייט־

ער וועט איר זעלבסטפארשטענדלעך באצאָלן פארן צימער דעם זעלבן פרייז, וואָס יעדער סובלאָקאטאָר. עס קאָן דאָך גאָר קיין רייד נישט זיין, אז זי זאָל ליידן היזק פון זיינעטוועגן.

דערביי האָט ער פול מיט אומגעדולד געקוקט צו דער טיר, צי מאריע וועט זיך ענדלעך נישט באווייזן.

די פרוי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ.

ס'איז נישט נאָר צוליב דעם, האָט זי געענטפערט. און מיט אמאָל, אָן שום צערעמאָניעס:

— דאמען וועט ער דאָ נישט קאָנען אויפנעמען — זי איז אן אָרנטלעכע פרוי, וואוינט מיט איר אויסגעגעבענער טאכטער און פירט אן אנשטענדיק הויז.

רעלנאָוו האָט איר זייער העפלעך געענטפערט: אויב עס האנדלט זיך נאָר אין דעם, וועט פון זיין זייט נישט זיין קיין שום מניעה. וואָס שייך דעם, זאָל זי נישט האָבן קיין זאָרג.

נישט קוקנדיק דערויף איז אים דאָך נישט געלונגען צו מאכן א סוף צו אירע ספקות. זי האָט אים געבעטן, אז ער זאָל האָבן נאָך א ווײַלע געדולד — ווייל זי וויל נאָך פריער איבעררעדן מיט איר טאָכטער.

ער האָט זיך פארבויגן אלס צייכן פון הסכמה.

א ווײַלע שפּעטער איז זי ארויסגעקומען אין דער באַגלייטונג פון דער יונגער פרוי און האָט געזאָגט קורץ און שארף:

— דאָס איז מיין טאָכטער. אויב 25 מארק א חודש איז נישט צו פיל פאר אייך, קאָנט איר דינגען דאָס צימער.

— מיר זענען אלזאָ געקומען צו א הסכם, — האָט ער געענטפערט. מאָרגן ברענג איך מיינע זאכן. האָט נישט קיין מורא, עס זענען אינגאַנצן א פּאָר בענדער נאָטן און א פידל... איבריקנס הייס איך רעלנאָוו.

מיין נאָמען איז ריכטער, און מיין טאָכטער הייסט פרידלאנדער.

בחינם האָט רעלנאָוו געפּרוּאווט אויפצוכאפּן א בליק פון דער יונגער פרוי, וועלכע האָט זיך אים אויסגעוויזן אינגאנצן

פארענדערט און איבערגעשראָקן. עס איז אָבער אוממעגלעך נעווען און ער האָט זיך שנעל מיט זיי געזעגנט.

אויף דער גאס איז ער געבליבן א ווײַלע שטיין און אפגעווארט.

ריכטיק — באלד האָט זי זיך באַוויזן, געזוכט אים מיט די אויגן און דערזעענדיק אים, דערנענטערט זיך מיט האס־טיקע טריט.

— כ׳האָב געוואוסט, אז דו וועסט ווארטן, און כ׳בין געלאָפן אזוי שנעל, ווי איך האָב נאָר געקענט.

— הער, האָט זי אָנגעהויבן מיט א פארשטיקטן קול — עס קומט מיר פאָר עפעס נישט אינגאנצן אין אָרדנונג, נישט אָרנטלעך, וואָס איך טרײַב אזא מין שפּיל הינטער די פּלײַ־צעס פון מײַן מאמען. אזוי ווי דו האָסט נאָר צוגעמאכט הינ־טער זיך די טיר האָב איך איר גלײַך געזאָגט, אז מיר וואָלטן בעסער געטון, ווען מיר וואָלטן אָפּגעלאָזט דאָס געשעפט. און איך האב דיר געוואלט נאכלויפן און בעטן, אז דו זאלסט אפלאזן.

— איך האלט, אז דאס איז זייער בייזוויליק, — האט ער געזאגט. — דאס קען מען נאר דערמיט פארענטפערן, וואס דו קאנסט מיך מער נישט לײַדן.

— עס האָט זיך גאָרנישט ביי מיר געענדערט, — האָט זי געענטפערט. אָבער אזוי ווי דו ביסט נאר ארויסגעגאנגען, איז מיר געוואָרן אזוי שווער אויפן הארצן און איך האָב געפילט, אז איך טו נישט ווי ס׳דארף צו זיין. דעריבער האָב איך מיך נישט געוואָלט ווייזן פאר דיר, ווייל איך האָב געהאָפט, אז די מאמע וועט סיי ווי נישט פארדינגען דיר דאס צימער. דו ווייסט — דאס געוויסן באאומרואיקט מיך.

— אך טייער קינד — גלויב מיר: דאָס געוויסן איז אונזער ערגסטער טייל, עס איז נישט מער ווי נידריקע מורא און א באווייז פון אונזער האלבקייט.

— אָ ניין, — האָט זי געענטפערט און לייכט גע־שמייכלט. — דאָס געוויסן האָט אונז גאָט געגעבן. דאָס איז גאָטס שטים.

—קלינגען קלינגט עס פיין אָדער אין תּוך גענומען ביִיז, — האָט ער קורץ געענטפערט, – דאָס זענען פלוידערייען, מיט וועלכע מ׳פארשלעפערט און מען נעמט איין די מענטשן. געוויסן איז נישט מער ווי א געשפענסט, פאָרשטעלונג, וועל־כע דער באמת ריינער מענטש שטויסט פון זיך אָפּ.

זי האָט אים אָנגעקוקט טיף דערשראָקן.

— וואָס פאר א הארטן אויסדרוק האָט דיין געזיכט מיט אמאָל באַקומען, האָט זי געזאָגט, — ווי שטרענג דו זעסט אויס, האָט זי צוגעגעבן דערשראָקן.

— דאָס נעמט זיך דערפון — האָט ער געענטפערט, — וואָס איך האָב מיך געקוועלט און געראנגלט אזוי פיל אין מיינע קינדער־יאָרן פון דאָזיקן שרעק־בילד, ביז איך האָב מיך אינ־גאנצן פון אים באַפרייט. און בשעת איך הער דיך, דאכט זיך מיר, אזוי ווי אלע געשפענסטער וואָלטן ווידער אויפגע־שטאנען.

— דאָס האָב איך נישט געוואוסט, האָט זי זיך פאַר אים אַנטשולדיקט, — איך האָב נישט געוואָלט דיך דערצאָרנען.

— אָ, דו ליבער מלאך, — איצט בעטסטו נאָך ביי מיר אנטשולדיקונג! דאָס איז אלץ נאַרישקייט און אומזין — עס גייט זיך נאָר דערין, אז מען זאָל זיין אין א גוטער שטימונג. און דאָס האָסטו — דו ליבער, ליבער מענטש... אָבער דאָס צימער האָב איך געדונגען און קיין שום געוויסן אָדער צווייפל וועלן מיך נישט אָפּהאלטן אריינצוציען זיך אין אים. ערנסט גע־רעדט: — דו אַליין ווילסט נישט, אז איך זאָל מיך דערפון אָפּזאגן, קוק מיר גלייך אין די אויגן און זאָג מיר, איך זאָל נישט קומען.

— דאס קאן איך נישט, און פארט טו איך אַ שלעכ־טע זאך — איך פיל עס.

— ניין — עס איז מיין רעכט. ס׳איז אונזער רעכט. און קיינער זאָל עס אונז נישט צונעמען. און איצט וועסטו דיך צוריקקערן צו דיין מוטער און זאָגן איר, אַז דו האָסט מיך נאָך אַלע באַמיאונגען נישט געקענט מער געפונען.

— גוט גוט, — האָט זי הכנעהדיק געענטפערט. און, הגם זי האָט שטיל געשמייכלט, האָט זיך אַ שטילער טרויער צעשפרייט איבער איר געזיכט.

---

אין משך פון די שפּעטערדיקע וואָכן האָט רעלנאוו געלעבט אַ אנדער לעבן. ער האט שפּעטער אנגערופן די דאזיקע צייט: די צייט פון מאַריעס פאַרגעטערונג און גאַנץ אפט פלעגט ער זאגן צו איר:

— דו ביסט א הייליקע נשמה, אבער דיין פרומקייט איז נישט אַן אויסערלעכע, זי איז צוזאַמען מיט דיר געקומען אויף דער וועלט.

אין זיין קליינעם צימער איז געשטאַנען אן אַלטער, צעבראָכענער קלאַוויר. דא האט רעלנאוו געפלעגט צו מוזיצירן און שפּילן פאר איר אויף דעם פידל.

און זי האט מיט פאַרלייגטע הענט אויף דער ברוסט, זיך צוגעהערט מיט גרויס דרך ארץ צו זיין שפּילן. זי פלעגט אונטערברומען מיט איר נישט געשולטער שוואכער שטים.

זיין קונסט, וועלכע האָט זיך אזוי וויניק אנטפלעקט אין לעבן, האָט זיך איר אויפגעוויזן ערנסט און שיין אָן א שיעור. און ווען ער זאָל זי אפילו הונדערט מאָל פארזיכערן, אז ער איז נישט מער ווי א דילעטאנט — האָט זי אים פשוט נישט געגלויבט. און די נאָטן-העפטן, פון וועלכע ער האָט געשפּילט, האָט זי אָפּגעהיט, ווי א הייליקייט.

אז ער האָט איר איינמאָל געזאָגט, זי איז דער איינציקער מענטש, פאר וועמען ער האָט זיך געלאָזט הערן, איז זי געוועזן אויסער זיך און האָט עס בשום אופן נישט געקאָנט באגרייפן.

— ס'איז א חטא צו באהאלטן פאר די מענטשן אזוי פיל שיינקייט. פארוואָס טוסטו דאָס?

רעלנאָווס געזיכט האָט זיך דאן פארקרומט אויף אזא שמערצלעכן אופן, ווי זי האָט עס נאָך קיינמאָל ביי אים נישט געזען.

איר האָט וויי געטון, פארוואָס זי האָט אים געשטעלט

די דאָזיקע פראַגע. עס האָט זיך איר געדאַכט, אַזוי ווי זי וואָלט זיך דרייסט אַריינגעריסן אין טיפסטן תּוך פון זיין נשמה.

רענלאָוו האָט זי אָנגענומען פאַר ביידע הענט.

— איך וויל איצט עפּעס זאָגן, מאַריעלע, און דו מוזט מיר גלויבן אויפן וואָרט און מער נישט באַרירן די טעמע: אַלץ וואָס איך טו — צי איך שפּיל אויף דער פידל, צי איך פּרוּאוו עפּעס אַנדערס צו טון, דאָס אַלץ האָט אַ קנאַפּן ווערט! איך בין אַליין פאַר זיך אַן איבעריקער מענטש, וועלכער איז נישט בכוח עפּעס ממשותדיקעס אויפצוטון און איז אַליין אַ גאָר־נישט — דו הערסט: אַ גאָרנישט.

זי האָט זיינע ווערטער אויפגענומען ווי אַ טרייסטלאָזן ווידוי און אַ שטילער געוויין האָט זיך אַרויסגעריסן פון איר ברוסט.

ער האָט איר לייכט אָפּגעווישט די טרערן, צוגעצויגן צו זיך און געזאָגט:

— ליבע, ליבע מאַריע—פאַרשטיי מיך נישט פאַלש. עס איז באמת נישטאָ צוליב וואָס טרויעריק צו זיין. איך בין אַ גאָרנישט און מאַך נישט דערפון קיין אילוזיעס פאַר זיך. און דאָך, מאַריעלע, בין איך ממשותדיקער ווי דאָס רוב אַנ־דערע מענטשן — ווייל איך בין אַ סך נענטער צום לעבן, ווי זיי. איך הער, ווי די בלומען וואַקסען. און ווייל דו פילכט דאָס, ביסטו מיר נאָענט... מאַך נישט אַזאַ אומגליקלעך פּנים— ס׳איז גאָרנישט נויטיק, אַז דו זאָלסט פאַרשטיין איטלעכעס וואָרט. זאָג מיר, צי איך בין גערעכט — אויב דו ביסט גוט צו מיר.

זי האָט אים נישט געענטפערט. זי האָט זיך פאַר־טיפט אין אירע געדאַנקען. זי האָט געוואָלט אַזוי נאָענט צו אים זיין, ווי קיין אַנדער מענטש: פונדעסטוועגן האָט זי דייטלעך געפילט, אַז צווישן איר פּשטות און זיין נשמה ליגט אַ טונקל וואַסער, איבער וועלכן ס׳האָט נישט געפירט קיין שום בריק.

און מחמת זי האָט כּסדר געשוויגן, איז ער געוואָרן אַ ביסל אומגעדולדיק און געפרעגט, וואָס מיט איר איז.

— דיך פארמאָג איך — מיין ליבער מאן, האָט זי גע־ענטפערט: און זי האָט נישט דרייסט צוגעגעבן: אָבער איך וועל דיך נישט האלטן, אזוי באלד ווי מיין צייט וועט פאר־ביי זיין.

א ווײַלע האָט זיך אים דער דאָזיקער ווידוי אויסגעוויזן מ־עמד.

זי האָט מורא געהאט, אז זי זאָל אים נישט האָבן באַ־ליידיקט, ווייל איידער ער האָט נאָך באוויזן איר עפעס צו ענטפערן, האָט זי א צושראָקענע ווייטער גערעדט.

— זיי נאָר נישט בייז — מיין ליב הארץ. איך וועל מער וועגן דעם נישט ריידן. אָבער דו זאָלסט איינמאָל פאר אלע מאָל וויסן, אז דו ביסט נישט צוגעבונדן צו מיר און אז איך האָב קיינמאָל נישט געטראכט צו האלטן דיך אין מיינע הענט. איך ווייס, אז דו וועסט באלד פון מיר אוועק־גיין, און פריי מיך מיט יעדער שעה, וועלכע דו גיסט מיר אָפּ.

— פון וואנען ווייסטו דאָס?

— ווייל איך קען דיך—נישט אינגאנצן, אָבער א ביסל קען איך דיך.

רעלנאָוו האָט ווייטער געפרעגט:

— ווען איך וואָלט היינט צו דיר געזאָגט: פארלאָז דיין מוטער, פארלאָז דיין קינד — וואַרף אוועק דיין מאן — וואָס וואָלסטו מיר געענטפערט?

זי האָט געענטפערט:

דו ווייסט אליין. און ווען דו זאָלסט היינט פארלאנגען פון מיר צו גיין אין וואסער אריין, דאָרט, וואו ס׳איז צום טיפסטן — וואָלט איך עס געטון פון גאנצן הארצן. אזא שלעכטער מענטש בין איך. אָן קיין שום התחיבותן.

און מיט אמאָל איז זי געוואָרן שטאָלץ און געזאָגט:

— איך בין ביי דיר פון גאנצן הארצן און כ׳וויל מיר מיט קיין שום מורא נישט פארקירצן די פרייד. מיין גאנץ לעבן האָב איך נאָך דיר געבענקט. אזוי האָסטו געמוזט אויסזען — אזוי האָסטו געמוזט זיין.

און דו האָסט דאָך נישט געענטפערט אויף מיר?
— צי איז דאָס דען נישט אלץ איינס, מיין געליבטער?
— יאָ — ס'איז גלייכגילטיק. ווער קאָן דען זאָגן, אז אַ מענטש בליט נאָר איינמאָל אין לעבן?
— איך זאָג עס. אַ מענטש בליט נאָר איינמאָל.
— גלויבסטו אלזאָ נישט, אז איך האָב דיך אזוי ליב, ווי דו מיך?
— פרעג מיך נישט—מיין ליבלינג.
— דאָך—איך וויל וויסן. און דו ביזט מיין געהאָרכזאַם קינד.
זי האָט צוגעשטימט און האָט אים אָנגעקוקט מיט וואַרעמקייט און ליבע.
— דו ביסט צו מיר אזוי גוט, ווי דו קאָנסט איצט זיין גוט צו א מענטשן, אָבער — —
זי האָט זיך פארהאקט און איז עטוואָס בלאסער געוואָרן.— אָבער—האָט זי איבערגעחזרט—דו בליסט נאָך נישט.
זי האָט דאָס ארויסגעזאָגט מיט אזא אווינגענדיקער ערנסטקייט, מיט אזא אינערלעכער, טיפער איבערצייגונג, וועלכע איז געווען ווייט און פרעמד פון יעטוועדער געמאכטקייט, אז ער האָט נישט ווילנדיק אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, ווי ער וואָלט עמעצן געגריסט מיט יראת הכבוד.
ער האָט פלוצלינג פארשטאנען, וואָס ער איז פארן דאָזיקן צארטן באשעפעניש, און ער האָט געפילט, אז יעדע פארזיכערונג, מיט וועלכער ער וואָלט זי געוואָלט טרייסטן, וואָלט געווען נישט אויפן אָרט.
— דו ביסט דער ליבסטער מענטש— — קום, איך וויל מיט דיר טאַנצן.
— און איידער ער האָט זיך באוויזן אומצוקוקן, האָט זי זיך מיט אים ארומגעדרייט, בעת ער האָט לייכט צוגעפייפט.
א ווײַלע האָט ער געשוויגן און געזאָגט:
— איך האָב מיך קיינמאָל נישט געזאָרגט וועגן מיין צוקונפטיקן לעבן — איך האָב כסדר געלעבט אָן רעכנונג פון

טאָג צו טאָג נישט דערפּאַר, ווייל איך האָב דאָס געוואָלט אָדער געהאַט בדעה, נאָר פּשוט דערפּאַר, גריל דאָס ליגט שוין אין מיין נאַטור. איך בין איינער, וועלכער קלאַמערט זיך אין לעבן און לאָזט זיך טרייבן פון לעבן. דו אָבער קוקסט ווייט אַריבער איבערן טאָג, עפּנסט ווייט אויף די אויגן און טראַכטס וועגן מאָרגן און איבערמאָרגן. און איך הער דייטלעך, ווי באַנג ס׳קלאַפּט ביי דיר דאָס האַרץ.

— אַזוי איז געווען פריער — האָסט רעכט. און איצט איז אַנדערש. איך זאָרג מיך נישט מער. מיר איז אַזוי פריי און לייכט אויפן האַרצן. ווי אָפט פרעג איך מיך נאָך פאַרן שלאָפן גיין: וואָס קאָן דיר נאָך אַזוינס שלעכטס געשעען? — נישטאָ גאָרנישט אַזוינס, ענטפער איך מיר אַליין, וואָס זאָל דיר צונע־מען דיין פרייד.

איר געזיכט האָט מיט־אַמאָל אויפגעשיינט פאַר אינערלע־כער שמחה און ליכטיקער האָפנונג.

— נו, גוט. אָט באַווייזט ער זיך איצט אין דער טיר און לייגט מיך אַנידער אַ טויטע מיט דער האַק. וואָלט עס דען געווען אַן אומגליק?

— ניין—ווייל איך האָב דאָך געלעבט.

וואָס גייט דאָס מיך אָן, געליבטער?

— יאָ, ס׳איז אין גרונט אַלץ איינס. און פונדעסטוועגן זאָלסטו זיך נישט אַרומטראָגן מיט געדאַנקען וועגן טויט.

— איך האָב נישט קיין מורא פאַרן טויט. איך גלויב אויך נישט, אַז עס זאָל זיך ענדיקן דערמיט. איך האָב אים אַלץ אָנגעשריבן—און ווער צווינגט מיך ווייטער צו פירן דאָס אַלטע לעבן? קיינער נישט, — האָט זי געזאָגט און סודותדיק געשמייכלט,—קיינער קאָן מיך נישט צווינגען. פריער איז שוין אויך וועגן דעם צו רייד געקומען. איך וועל עס אָבער לאַנג נישט אויסהאַלטן. געדענקסטו, וואָס איך האָב דיר געזאָגט נאָך אין ערשטן טאָג, אַז איך בין קראַנק אויף די לונגען? אַך— איצט מאַכסטו אַ פאַרדריסלעך געזיכט און ביסט געערגט. צו וואָס רעד איך אַזוי פיל און כּסדרו? קום און שפּיל.

—ווארט נאָך א רגע. ווייסט דיין מוטער, ווי עס האלט צווישן אונז?

— זי ווייסט גאָרנישט. און אפשר שטויכט זי זיך עפּעס אָן. איך גלויב אויך נישט, אז זי וועט וועגן דעם אָנהויבן מיט מיר צו רעדן. מיר ריידן קיינמאָל נישט וועגן אזעלכע ענינים, ווי מאָדנע עס זאָל נישט קלינגען — מיר שעמען זיך איינע פאר דער אנדערער. און ווען זי זאָל אפילו ריידן צו מיר, וואָלט איך איר נישט געענטפערט. דאָס אלץ איז נוגע נאָר מיך אליין—נישט מיין מוטער, נישט מיין קינד און אויך נישט מיין מאן.

די לעצטע ווערטער האָט זי ארויסגעזאָגט מיט א שטייפער אנטשלאָסנקייט און עקשנותדיקער ערנסטקייט.

רעלנאָוו האָט איר דאן אויפן אָרט דערציילט, אז ער האָט אויך געהאט א קינד און האָט מורא געהאט פאר אים. און בעת מען האָט עס מיט צוועלף טעג שפּעטער באגראָבן, איז אים געוואָרן לייכטער אויפן הארצן.

— איך באגרייף עס ביי אזעלכן ווי דו, האָט זי געענטפערט און צוגעשאָקלט אייניקע מאָל מיטן קאָפּ.

עס וואָלט מיר אָבער זייער געקרענקט, ווען מיין קליינס וואָלט געשטאָרבן,—הגם די קינדער לעבן נישט פאר די עלטערן, נאָר פאר זיך אליין.

— פארוואָס באגרייפסטו ביי אזוינעם ווי איך?

— אייגנטלעך ווייס איך אליין נישט פארוואָס. און אפשר ווייס איך עס פאָרט: דו ביסט אזוי לעבעדיק, ביסט אינגאנצן אָפּגעגעבן צו זיך, אזוי, אז פארן קינד בלייבט ביי דיר גאָרנישט-ווייניקסטנס איצט נישט. איך האָב מיך אלעמאָל געוואונדערט, האָט זי צוגעגעבן, רויטלנדיק זיך לייכט, וואָס דו האָסט חתונה געהאט—און זי האָט שעלמיש געענדיקט: — מענער, ווי דו טויגן זיך נישט אין התונה-בעט – געהערן נישט צו איין פרוי.

— איך בין געגומען געוואָרן—מאריעלע—אָבער דאָס איז א לאנגווייליקע געשיכטע, וועלכע איך וויל דיר פארשפּאָרן,

עס וואונדערט מיך נאָר, ווי טיף די קוקסט אין מיר אריין.

— אָ — דאָס איז נישט אזוי שווער. און איצט וועסטו קריגן עפּעס צו עסן — די ביסט הונגעריק, איך שפיר עס. וואַרט א פּאָר מינוט. איך קום באַלד צוריק!

אז רעלנאוו איז געבליבן אליין, איז ער צוגעגאנגען צום פענסטער און אריינגעקוקט אין דער פינסטערניש.

דער געשפרעך האָט אים געצוואונגען זיך צו פארטראַכטן.

— וואוהין גיי איך? — האָט ער זיך געפרעגט, — און וואוהין שלעפּ איך מיט די דאָזיקע פרוי?

צי איז זי נישט גערעכט געווען, אז פאר אים איז דאָס א געוויינלעכע שפּיל, בשעת זי איז געשטאַנען אויפן געפערלעכן ראנד פון איר לעבן גרייט און אנטשלאָסן אַראָפּצוּוואַרפן זיך, אויב ס'וועט קומען די צייט.

און ער האָט זיך געוואונדערט, פאר וואָס דאָס קומט אים פאָר ווי א נאטירלעכע און זעלבסטפארשטענדלעכע זאַך. זי האָט אומבאדינגט רעכט געהאַט דערין, אז זיין געפיל צו איר קען זיך נישט פארגלייכן מיט דער קראפט פון איר ליבע. זי האָט זיך אָפּגעגעבן איינגאַנצן און אומבאַגרעניצט, זי איז בטל געוואָרן אין איר געפיל צו אים, בשעת ער האָט זיך קיינמאָל פולשטענדיק נישט איבערגעגעבן.

להיפך צו דער גיריקייט, מיט וועלכער לוציע האָט פון אים געפאָדערט אירע רעכט, האָט ער דאָ געשפּירט אזוי פיל ווייכקייט, אזא מוטערלעכקייט, וואָס האָט אים געהאלטן ווי געפאנגען.

די דאָזיקע פרוי איז אין איר פשטות נאָנט געווען צו דער נאטור און גראָד צוליב דעם האָט זי געהאַט מיט אים א גרעסערע שייכות, ווי יענע, וועלכע האָט זי איבערגעשטיגן אין גלאַנץ און אויסערלעכער קולטור.

וואָס וועט זיין דער סוף פון דאָזיקן שפּיל?

פארוואָס פאלן אויף אים תיכף אָן אזוינע פחדים און בייזע פאָרגעפילן.

פארוואָס קען זיך דאָס אלץ נישט ענדיקן אזוי גוט און ריין?

פאַרוואָס מוז די טיפע רו פון זייער באַציונג געשטערט ווערן דורך א דיסאָנאנס פון דרויסן?

ליגט דען דערין נישט עפּעס אזוינס פון דער פּרימיטיווויטעט און פארצייטיקן געפיל, וואָס זי האָט זיך מודה געווען פאר איר מאן, נאָך איידער ס׳איז איבערהויפּט געשען צווישן זיי?

צי האָט דער דאָזיקער אופן פון איר ווידוי-שגעון נישט געהאט אין זיך עפּעס פון נזירות און פינסטערקייט, — צי איז דען דערין נישט געווען א גרייטקייט צום טויט, א מין קריסטלעכקייט, וועלכע האָט אים גערייצט?

טראגיק, וואָס קומט פון אנגסט-פאָרשטעלונגען — האָט ער געטראכט.

אין תוך גענומען, צי וואָלט איר מאן באמת פארלוירן עפּעס, ווען ער וואָלט געקומען אהיים און וואָלט גאָרנישט געוואויר געוואָרן, פון אלץ, וואָס ס׳איז אין דער צייט געשען?

צי קומט נישט די דערנידערונג און די פארלירונג פון גלייכגעוויכט ערשט דאמאָלסט, ווען ער דערוויסט זיך וועגן דעם?

צי איז אזא פאנאטיזם פון אמת נישט העסלעך און א שונא פון לעבן—און צי איז ער נישט אויסגעוואָקסן אויפן מיסט-פעלד פון א פארשימלטער וועלטאנשויאונג, וואָס איז שטארק געראָטן צו דעם, וואָס מען רופט אָן געוויסן?

די אָרעמע פרוי, וועלכע האָט זיך איצט געפּאָרעט אין קיך, האָט אינגאנצן אויפגעלעבט—דורכגעדרינגען מיט פרייד—און א שריט ווייטער האָט די דאָזיקע פרייד געהייסן זינד און פארברעכן?

— ניין — דעם דאָזיקן נארישן שטות וועל איך נישט שטיצן!

ווען וועט שוין פארשווינדן די איבערבלייבעניש פון דאָזיקן שגעון?

— אָנצינדן ליכט,—האָט זי גערופן,—ס׳קומען פיינע זאכן.

— איך האָב גאָרנישט קיין אפעטיט, — האָט ער געזאָגט. — בעת דו ביסט געווען אין קיך, זענען מיך כסדר געקראָכן אין קאָפּ אזוינע בייזע מחשבות.

-- און מיר אין קיך איז פונקט פארקערט געגאנגען. איך האָב געהאט אזא הנאה בעת מיין ארבעט! און איצט זאָלסטו לויבן מיין קונסטווערק: ס'איז אן אָמלעט מיט שטיינשוואָמען.

— און וואו איז דיין טעלער?

— נישט נויטיק – מיר'ן עסן ווי מאן און ווייב פון איין שיסל.

זי האָט זיך שטיפעריש געזעצט אויף זיין שויס און ביידע האָבן גענומען עסן.

— איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געגעסן אזעלכע מעדנים! דו ביסט א בריה און א מבינטע אויף דעליקאטעסן.

ווי א קינד האָט זי זיך געפרייט איבער זיינע לויברייד.

— ס'איז טאקע מיין ספעציאליטעט. און ווידער אזוי איינפאך, ווי דו מיינסט, איז עס אויך נישט – אין קיין שום האָטעל וועסטו נישט באקומען בעסערס!

ער האָט זיך אויפגעשטעלט און האָט ארויסגענומען פון אלמער א גרויסן אלבום און געבלעטערט אין אים.

זי איז צו אים צוגעגאנגען און האָט אים געוויזן אויף א בילד, וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט א שלאנקן, פארברוינטן מאן – אן אמת, עכט פנים פון א ים-מענטשן מיט פעסטע, טראָציקע געזיכט-ליניעס.

— דאָס איז מיין מאן – האָט זי געזאָגט. — אזוי האָט ער אויסגעזען, בעת ער איז געווען א חתן. און דאָ איז א בילד פון א קינד – און דאָ זענען מיר אלס חתן-כלה – און אויף דעם בילד שטייט ער מיט דער גאנצער שיף-מאנשאפט – און דאָ זענען מיר צוזאמען מיטן קינד, וואָס איז דעמאָלט אלט געווען קוים צוויי חדשים...

אָן שום פארלעגנהייט און נישט געצוואונגענקייט האָט

זי דערקלערט די באַדייטונג פון די פאָטאָגראפיעס, וועלכע רעלנאָוו האָט זייער אויפמערקזאם באטראכט.

— ער האָט א גוט פנים – האָט ער זיך אָנגערופן, – ער צייכנט זיך זיכער אויס מיט ענערגיע און אייזערנעם ווילן.

יאָ — אָבער נישט קעגן מיר. מיר פלעגט ער תמיד נאָכגעבן. זיינע חברים האלטן, אז ער איז א סקאנדאליסט, און זיי וואָלטן מורא געהאט כּא־ אים, ווען ער וואָלט איינמאָל אויסגעטרונקען איבער דער מאָס... איך האָב אָבער קיינמאָל נישט באמערקט ביי אים עפעס ענלעכעס. צו מיר איז ער אלעמאָל געווען איידל און גוט.

זי האָט זיך פלוצלינג פארשעמט און זיך צעלאכט.

— בעת איך טראכט איצט וועגן אים – האָט זי געזאָגט — קומט ער מיר פאָר, ווי א גרויסער, שטילער, געטרייער הונט, וועלכער פאָלגט יעדן באפעל. וויפל האָבן זיך זיינע באקאַנטע וועגן דעם נישט געוואונדערט. איך האָב באמת געהאט איבער אים די מאכט, האט זי שטיל צוגעגעבן—און ער איז אזוי דאנקבאר געווען פאר אלץ... ווייסטו — האָט זי שווייגנדיק א ווײלע געזאָגט,—איך גלויב, אז מאנספערשוין דארף נישט זיין א צו גרויסער עניו. אייגנטלעך האָט ער דערמיט שוין האלב פארשפילט.

— צי האָט דיר שוין איינמאָל ביז איצט באנג געטון, וואָס דו ביסט געקומען צו מיר?

— קיינמאָל נישט – האָט זי פון טיפן הארצן געענטפערט. — ווי מאָדנע ס'איז — איך טראכט וועגן א טויטן, וועלכן איך וועל קיינמאָל מער נישט זען — אזוי ווייט איז ער פון מיר — אזוי נישט ווירקלעך קומט מיר פאָר די פארגאנגנהייט. און איך האָב נישט צומאָל קיין שפור פון אחריות-געפיל. איז דאָס אפשר לייכטזיניקייט? בין איך באמת אזא שלעכטע? איך האָב אים דאָך אמאָל באמת ליב געהאט. אזוי האָט זיך מיר, לפחות, געדאכט.

— איך הער דיך אזוי גערן — האָט רעלנאָוו געענט-

פערט — און ס'איז גאָר נישטאָ קיין גוטס און קיין שלעכטס דאָס איז א נארישע בבא-מעשה. נאקעט זיין — און נישט שעמען זיך פאר דער אייגענער נאקעטקייט — אָט אין וואָס עס גייט.

— עס איז עפעס מאָדנע—האָט זי ווייטער גערעדט, אזוי ווי זי וואָלט נישט דערהערט זיין ענטפער — מיין מאמע האָט קיינמאָל נישט געגלויבט אין מיין ליבע צו אים, זי האָט זיך געוועדט קעגן דער חתונה און כסדר געטענהט, אז ער איז נישט מיין אמתער זיווג. און ווען איך בין אין כעס געוואָרן און כ'האָב געפאָדערט ביי איר קלאָרע דבורים, האָט זי גע-הויבן מיט די אקסלען און געענטפערט:

— ס'איז שוין אַזוי.

זי האָט פונדעסטוועגן צו גוט געקאָנט מיין נאטור, ווייל אין גרונט גענומען איז יעדע מוטער צופרידן, ווען זי פירט איר קינד אונטער דער חופה. דו הערסט? — מ'רעדט וועגן איר — און פונקט קומט זי טאקע. דאָס זענען אירע טריט, איך קען זיי גאנץ גוט. בלייב רואיק — מיר וועלן זיך נישט בא-האלטן.

קוים האָט זי געענדיקט אירע רייד, האָט מען שוין גע-הערט די טיר אין קאָרידאָר סקריפען.

די יונגע פרוי האָט זיך געפאָרעט ביים טיש, בעת די מוטער איז אריינגעקומען. איר געזיכט האָט נישט אויסגע-דריקט קיין שום חדוש, ווען זי האָט זיי ביידן געטראָפן צו-זאמען.

— שטעל מיר צו א ביסל טיי און שמיר מיר אָן א שטיקל ברויט מיט פוטער, האָט זי געזאָגט. — כ'בין מיד און הונגעריק.

אָבער ווי נאָר זי איז געבליבן אליין מיט רעלנאוון, האָט זיך איר געזיכט פארצויגן מיט א וואָלקן פון דאגה.

— הייבט נישט אָן מיט מיין קינד און לאָזט אונז וואָס שנעלער צורו — אויב נישט וועט עס זיין אן אומגליק, אי פאר אונז, אי פאר אייך.

רעלנאָוו האָט נישט געוואוסט, וואָס ער זאָל ענטפערן. אָבער די פרוי האָט ווייטער גערעדט: — זינט וואָכן לויף איך ארום אין הוילע טויט-שרעק און קאָן מיך בשום אופן נישט בארואיקן. מיטן קינד בין איך שוין אינגאנצן נישט בכוח צו רעדן. מיר פארשטייען זיך מער נישט. אָבער היינט בין איך אין מיין נויט — לאכט נישט פון מיר — איך בין אין מיין נויט געגאנגען צו א קאָרטנלייגערין. און יענע האָט מיר געזאָגט די שרעקלעכסטע זאכן.

— אָבער ליבע פרוי ריכטער — האָט רעלנאָוו איר איבערגעריסן — איך וואָלט עס קיינמאָל נישט געגלויבט, אז אזא קלוגע פרוי ווי איר...

— אין אן אומגליק הערט מען אויף צו זיין א חכם — איז זי אים ארייננגעפאלן אין די רייד. – איר זאָלט וויסן — פון אָנהויב אָן האָב איך געהאט גרויסע ספקות, צי איך זאָל אייך ארייגלאָזן אין מיין הויז. איך האָב געהאט א שלעכטן פאָרגעפיל. און אויב ס'איז נאָך נישט צו שפעט, נעמט צו אייער פידל און פידלט אָן אן אנדערן דעם קאָפּ.

אירע ווערטער האָבן כמעט גראָב געקלינגען, און רעלנאָוו האָט געענטפערט:

— יעדן מענטשן דארף מען דאנקען פאר אויפריכטיקייט — מ'דארף אָבער אויך באצאָלן מיט דער זעלבער מטבע. גאָט זאָל אייך באהיטן, שפילט נישט מיטן שיקזאל, ליבע פרוי ריכטער, דערפון קומט קיינמאָל קיין גוטס נישט ארויס און אויב ס'איז עפעס פאראן צווישן מיר און אייער טאָכטער, וועט דאָ קיין טענה נישט העלפן. איר ווייסט דאָס גענוי פונקט ווי איך. פארוואָס ווילט איר מיר ווייזן די טיר? איר גלויבט דאָך נישט ערנסט, אז מ'זאָל צוויי מענטשן קענען אויף אזא אופן צעשיידן?

די פרוי איז אינגאנצן רויט געוואָרן.

— ניין — דערין גלויב איך נישט. אָבער איך וויל נישט ווערן קיין רייפּורקע, כ'וויל, אז מיינע הענט זאָלן זיין ריין.

— דאָס זענען מיאוסע ווערטער, מיט וועלכע מ׳באשמוצט אַלץ, וואָס איז שיין.

— און דאָס, הייסט עס, איז גאָר „שיין״ אויך? האָט זי איגגאנצן אויפגעקאָכט — ווען מ׳נארט אָפּ איינעם, וואָס געפינט זיך ווייט אויפן ים און קאָן זיך נישט ווערן. זאָל זי זיך טון, וואָס זי וויל הינטער מיין פלייצע. — מיין הויז זאָל אָבער בלייבן ריין. און דעריבער — קורצע דבורים — קינדיק איך אייך דאָס צימער. בעסער וואָלט נאָך געווען, ווען איר וואָלט שוין פון מאָרגן אָן אויפגעהערט צו קומען.

— מאמע! —

— זי איז פלוצלינג געשטאנען אין דער טיר און האָט אויסגעשריגן דאָס וואָרט מיט אַזאַ ווילדקייט, אז די אלטע פרוי האָט אויפגעציטערט פאר שרעק.

— זאָלסט דאָס מער נישט איבערחזרן!

די ווערטער האָבן געקלינגען ווי אַ פינסטערע דראָאונג.

— רואיק—רואיק,—האָט רעלנאָוו געבעטן. איך פארשטיי די מוטער פולשטענדיק פון איר שטאַנדפונקט.

— עס קומט אייך טאקע א יישר כּוח, מיין הער.

די אַלטע האָט זיך שווער אויפגעהויבן. און ווענדענדיק זיך צו איר טאָכטער:

— איך האָב דיר נאָך דעמאָלט אָפּגערעדט. אָבער היינט ווארף איך דאָס דיר גלייך אין פנים: ס׳איז אַ — —

— הער אויף, מאמע, און מיש דיך נישט אריין אין כּ׳יטן — אָדער איך נעם באלד דעם קאָרב, לייג אריין אהין דאָס קינד און מיינע זאכן—ווארף אים אריבער אויף די פלייצעס און גיי נאָך היינט אוועק פון דאנעט. ווער נארט אָפּ? איך נישט. מיין בריוו צו אים געפינט זיך שוין לאנג אין זיינע הענט.

— דו האָסט דאָס געטון? — האָט די אלטע געשטאמלט.

— יאָ.

— ביסט פון זינען אראָפּ?

רעלנאָוו האָט אָנגעכאפּט די פרוי ביי דער האנט.

— מוז דאָס זיך אזוי ענדיקן? א מאמע האלט דאָך אלעמאָל מיט איר קינד.

— און ווען דאָס קינד ווארפט שטיינער אויף דער מאמען?

— אויך דעמאָלט!

א שטילער שלוכץ האָט זיך ארויסגעריסן פון איר ברוסט.

— די יונגע פרוי האָט זיך צו איר דערנענטערט און ארויפגעלייגט די האנט אויף איר פלייצע.

מ׳דארף נישט וויינען, מאמע. מאך מיר נישט בחינם שווער דאָס הארץ און זאָרג דיך נישט.

און מיטן געזיכט צו רעלנאָוון:

— זיי נישט בייז אויף דער אלטער. ווי זאָל זי מיך פארשטיין?

אירע ווערטער און דער טאָן, מיט וועלכן זיי זענען ארויסגעזאָגט געוואָרן, האָבן אים גערירט.

א שטילע פרייד האָט אים באהערשט.

— ליבע אלטע פרוי—צו וואָס קלאָגט איר? ווייל צוויי מענטשן האָבן געהאט עטלעכע גוטע טעג און זיך איינער דעם אנדערן דאָס שענסטע געוואונשן! פארגינט אונז דאָס ביסל גליק נאָך אויף א קליינע ווײַלע—מיר ביידע ווייסן, ס׳איז נישט — — — אך, צו וואָס זאָל מען וועגן דעם רעדן טוט נישט אָן קיין בחנמדיקע יסורים דעם ליבסטן קינד אויף גאָטס ערד, צי זעט איר דען נישט, ווי זי ליידט אין דעם אויגנבליק? א סך מער, ווי איר, חשובע פרוי. און איבער־גייענדיק אויף א פריילעכן טאָן, האָט ער געענדיקט:

— שענקט א ביסל מוטערליבע!

— פרוי ריכטער האָט אָנגעקוקט איר טאָכטער און זיך געווישט די טרערן פון די אויגן.

— ס׳קאָן זיין, אז איך בין צו אלט און אזעלכע זאכן לייגן זיך מיר שוין נישט אויפן שכל. קינד, קוק מיך נישט אָן אזוי בייז, אזוי טרויריק, עס איז מיר א צער אויף דיר.

דו ביסט דאָך מיין ליבסטע אויף דער וועלט! — — —הער — צערברעכט מיר נישט דאָס קינד.

זי האָט פארמאכט דער מוטער דאָס מויל, און רעלנאָוו האָט געשפירט מיט זיין גאנצן מהות, ווי שטארק זי ליידט צוליב אים.

בעסער ווי אלץ וואָלט ער צו איר אויסגערופן:

— קום אין גאָטס פרישער לופט אריין! די אלטע פרוי לעבט פארשפארט אין איר שטייג און ווייסט גאָר נישט פון מיר און דיר—

ער האָט עס אָבער נישט געטון, נאָר ער האָט זיך צוגעזעצט צום אלטן, צעבראָכענעם קלאוויר און אָנגעהויבן שפילן בראמס ערנסטע געזאנגען און שטיל אונטערגעברומט די ווערטער.

פלוצלינג האָט ער איבערגעריסן אין מיטן שפיל, אראָפגענומען פון אלמער די ביבל און געזאָגט מיט א שמייכל צו פרוי ריכטער:

— דעם אָוונט, אלטע דאמע, וועלן מיר פארענדיקן מיט קריסטוסן. פון בראמס ביז קריסטוס איז אין דעם פאל נישט קיין ווייטער וועג.

— און רעלנאָוו האָט געלעזן:

„ווען איך וואָלט גערעדט אויפ׳ן לשון פון מענטשן און מלאכים און נישט געטראָגן אין זיך די ליבע, וואָלט איך געווען געגליכן צו קלינגענדיקן קופער, אָדער צו א גלעקל.

און ווען איך זאָל אפילו קענען נביאות זאָגן און וויסן אלע סודות און יעדע דערקענטניש און האָבן דעם טיפסטן גלויבן, אזוי, אז איך וואָלט בכוח געווען בערג איבערצוטראָגן, און וואָלט נישט געהאט אין זיך קיין ליבע — בין איך גאָר נישט מיט גאָר נישט.

און ווען כ׳וואָלט אוועקגעגעבן מיין גאנץ פארמעגן פאר אָרעמעלייט און געלאָזט ברענען מיין לייב—און קיין ליבע אין זיך נישט פארמאָגט, וואָלט עס מיר גאָרנישט געהאָלפן.

די ליבע איז געדולדיק און פריינדלעך. די ליבע קאָכט

זיך נישט, זי איז מוטוויליק און זי בלאָזט זיך נישט.

זי יאָגט זיך נישט נאָך כּבוד, זי זוכט פאר זיך גאָר נישט, זי לאָזט זיך נישט דערצאָרנען, זי טראכט נישט וועגן נקמה.

זי פרייט זיך נישט מיט דער אומגערעכטיקייט, זי פרייט זיך אָבער מיטן אמת.

זי פארטראָגט אלץ, זי גלויבט אלעמען, זי האָפט אויף אלעמען, זי לעבט אלץ איבער.

די ליבע הערט קיינמאָל נישט אויף, אפילו דאמאָלסט, ווען די נביאות וועט אָפּגעטון ווערן, די לשונות וועלן פאר-שווינדן און די דערקענטניש וועט בטל ווערן.

ווייל אונזער וויסן איז נישט פולקאָם, און אונזער נביאות איז נישט פולקאָם.

ווען עס ווערט אָבער קומען דאָס פאָלקאָמע, וועט דאָס געמאכט צו גרונט גיין.

אז איך בין געווען א קינד, האָב איך גערעדט ווי א קינד, קלוג געווען ווי א קינד און געהאט קינדערישע איינ-פאלן; ווי איך בין געוואָרן א דערוואקסענער מענטש, האָב איך זיך אָפּגעשאָקלט פון אלץ, וואָס איז געווען קינדיש.

איצטער קוקן מיר אריין ווי אין א שפיגל אין א טונקעלן, פארבאָרגענעם וואָרט, דערנאָך אָבער זעען מיר עס פּנים אל פּנים. איצט דערקען איך עס נאָר שטיקלעכווייז, שפּעטער אָבער וועל איך עס דערקענען, אזוי ווי איך בין דערקענט.

דערווייל אָבער בלייבן אייביק — גלויבן, האָפנונג, ליבע; דריי זענען זיי: אָבער די ליבע איז די גרעסטע צווישן זיי".

— אזוי איז דאָס — האָט ער געזאָגט און צוגעמאכט דאָס בוך, וואָס האָט געהאט א זילבערנע שפּאנגע און האָט באהאלטן אין זיך דאָס טייערסטע אין ליבסטע.

ער האָט גיך אויפגעשטעלט און געקושט די האנט פון דער אלטער פרוי.

— א גוטע נאכט אין שויס פון קריסטוס.

און צו קאטערינע האָט ער געזאָגט:

— א גוטע נאכט אין שויס פון ליבע — וואָס מ׳קען פונקט אזוי זאגן ווי „אין שויס פון קריסטוס".

נישט אומקוקנדיק זיך אויף דער מוטער, האָט זי פאר-שפרייט אירע דינע אָרעמס ארום זיין האלז און האָט ענג צו-זאמענגעדריקט איר פנים צו זיינעם.

## פערטער קאפיטל

— א בייזע וועלט! — האָט רעלנאָוו געמורמלט און איז געגאנגען מיט אן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ, נישט אומקוקנדיק זיך אויפן וועג.

— קוקט ווי איר גייט — האָט גראָב געזאָגט א דורכגייער.

און אז רעלנאָוו האָט אויפגעהויבן דעם בליק, האָט יענער בייז צוגעגעבן:

— איר ווילט מסתמא די וועלט אומוואַרפן?

— נאָר די גראָבע יונגען — האָט רעלנאָוו געענטפערט. — די וועלט איז גוט, אָבער די באנדע דארף מען ארויספטרן.

דער פארשוין האָט זיך הארט צו אים צוגערוקט.

— באנדע? האָט איר געזאָגט.

— באנדע!

א דראָענדיקע פויסט האָט זיך אויפגעהויבן קעגן אים.

רעלנאָוו האָט זי אָבער פעסט אָנגעכאפּט און געצוואונגען אראָפּצולאָזן זיך.

— לאָזט צו רו די נארישקייטן. גייט בעסער א היים.

ער האָט אים א לייכטן שטויס געטון און איז ווייטער געגאנגען, ווידער מיט אן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ.

א דין רעגנדל האָט אָנגעהויבן צו שפּריצן.

— מאָדנע, מאָדנע – האָט ער מיט אמאָל הויך צו זיך געזאָגט.

און מאָדנע קאָמיש: אין דעם אויגנבליק האָט ער דער־שפירט אויף דער צונג — דעם געשמאק פון אָמלעט, מיט וועלכן זי האָט אים מכבד געווען.

ער האָט שטיל און הארציק געלאכט.

— אָרעמע קליינע מאריעלע... אינסטינקט־מענטש, וואָס קוקט זיך נישט ארום, נישט אויף לינקס נישט אויף רעכטס, וואָס קען אזוי שטארק און הארציק ליב האָבן מיט ,יסע, מאָ־גערע אָרעמס! וואָס קושט מיט דינע, שמאָלע ליפן אזוי ווא־רעם און פול מיט לעבן! וואָס קוקט מיך אָן אזוי ליבנדיק מיט גרויסע, גרויע אויגן, פון וועלכע ס'שטראלט ארויס א טי־פער גליק!... געבענטשט קליין באשעפעניש, מיטן צייכן פון טויט אויפן שטערן, אָטעמסטו ארויס פון זיך מיט ווען, ווא־רעמקייט און פרילינג...

עס האָט אָנגעהויבן שטארקער צו רעגנען. פון רעגן־וואסער האָבן זיך אויף די טראָטוארן געמאכט קליינע, מוטנע לוזשעס, אין וועלכע עס האָט זיך אָפגעשפיגלט דאָס ליכט פון די לאמטערנס.

ער האָט אויפגעציטערט פאר קעלט.

ער איז געבליבן שטיין, ער האָט ארויפגעקוקט און גע־זען דורכן רעגן העל־באלויכטענע שויבן.

„עקסצעלזיאָר באר" — האָט ער געלעזן. און מוזיק, לייכטע, רייצנדע טאנץ־מוזיק האָט זיך צו אים דערטראָגן.

מ'דארף אויסטרינקען א גראָג!

ער איז ארויף אויף די טרעפ.

א שפע פון ליכט, וועלכע האָט זיך אָפגעשלאָגן פון די הויכע שפיגלען, האָט אים פארבלענדט די אויגן. רויטע פאָ־טעלן, ווייסגעדעקטע טישן, שאמפאניער אין קיל־כלים, רויך פון טערקישע און רוסישע פאפיראָסן, פערפומען, טענער פון פידל, טשעלאָ און קלאוויר — צערטלעריי, קושן, פלוידעריי, געלעכטער דאָס אלץ — האָבן זיינע חושים אויפגעכאפט.

ער האָט אָפּגעגעבן די גאַרדעראָבע.
א קוק געטון אויפן זייגער.
ס'איז געווען צען מינוט פאר איינס.
אלעס איז אים פאַרגעקומען סודותדיק.
ווי לאנג עס האָט געדויערט דער גאנג דורך דער נאכט!

און אָט איז ער געווען אין זיין געוויינלעכן אנצוג אינ-מיטן פון סמאָקינגס און לעכערלעכע שרייענדיקע באל-טואלעטן.

א דיקער הער מיט א גרויסן פליך און גרויע באקנבערד האָט געהאלטן א קליין מיידל און זי געקושט טשמאָקענדיק מיט די ליפן.

א מאָגער ווייבספּארשוין, אין א שווארצזיידענעם קלייד, פון וועלכן עס האָבן ארויסגעלויכטן די ווייסע דעקאָלטירטע ברוסטן האָט געטאנצט מיט א פּאַרדעכטיק אויסזעענדיקן יונגנ-מאן, וואָס האָט טאנצנדיק געפלאקערט מיט זיינע טריבע אויגן, באשאָטנטע מיט טונקעלע, בלויליכע רינגען.

ארום זייביידן האָט זיך ארומגעשטעלט א קרייז פון צוקוקערס.

פלאמנדיקע בראוואָ-רופן, באגייסטערטע פאטשעריי מיט די הענט האָבן פונסניי געשטארקט און געוועקט דעם קוראַזש און די ליידנשאפט פון ביידע טענצערס. עס האָט זיך געדאכט, אז זיי וועלן קיינמאָל נישט מיד ווערן.

און פלוצלינג האָט זיך געהערט פון אלע זייטן אן איינ-שטימיקער רוף:

„טאנגאָ — טאנגאָ — טאנגאָ!"

דאָס פּאָרל האָט זיך א ווײלע אָפּגערוט און דער טאנגאָ האָט זיך אָנגעהויבן.

רעלנאָוו האָט געזען, ווי די פּנימער פון די מענטשן האָבן אויפגעלויכטן מיט אן אומבאשרייבלעכן חשק צום לעבן, ווי זכרים און נקבות האָבן ווייט אויפגעריסן די אויגן, ווי דער פליכעוואטער, וועלכער איז נאָך אלץ געהאָנגען אין זיין מויל, האָט אין קעלבענער התפּעלות ארויסגעגעבן פון זיך

נישט ארטיקולירטע, גראָבע קלאַנגען, ווי קערפּער האָט זיך צוגעדריקט צו קערפּער, ווי אַלץ ארום האָט מיטגעריסן געקוקט אויף די טאַנצנדיקע, וואָס האָבן גאָרנישט געהערט און געזען, פאַרטראָגן אין אַן אַנדער וועלט דורך דער ריטמישער באַוועגונג פון זייערע לייבער.

מ׳האָט מער נישט געהערט די מוזיק, מ׳האָט שוין מער נישט אונטערשיידעט די איינצלנע פיגורן... מ׳האָט איבערהויפּט שוין גאָרנישט געזען און געהערט באַשטימטעס, מ׳האָט זיך געשמאָלצן אין איין צופליסנדיק געפיל פון געמיינזאַמער תאווה, אָן בושה איינער פאַרן אַנדערן...

רעלנאָוו האָט עטוואָס פאַרצויגן דאָס מויל.

לכתחילה האָט ער זיך געפילט להלוטין נישט צוגעפּאַסט צו דעם דאָזיקן טומל.

פאַרשיכּורטע — באַנוגענען זיך מיט ווייניק — און סוף כל סוף זענען זיי פּרימיטיוו ביז צום דערבאַרמען...

פאַמעלעך איז אָבער אויך מיט אים עפּעס אַזוינס געשען: ער האָט מער נישט געזען דעם חלל, ווי אויך די פרעמדע מענטשן, זיין אויער האָט אויפגענומען אין זיך נאָר אַ שטילע, פאַרשטיקטע מוזיק, וועלכע האָט צו אים דערגרייכט פון ווייטע מרחקים.

אָבער זיין בליק האָט ווי פאַרכּישופט געהאָנגען אין יעדער באַוועגונג פון דער טענצערין, אין אירע פאַרשיכּורטע אויגן, אין איר געזיכט וואָס האָט געגלאַנצט פון אַ פיינער פייכטקייט און אין וועלכן יעדער מוסקל האָט געאַרבעט אָן אויפהער, אין איר שלאַנקן קערפּער, וועלכער האָט נישט געהאט אין זיך קיין שום קערפּערלעכעס.

דער טאַנץ האָט זיך געענדיקט.

די שפּאַנונג איז פאַרשוואונדן.

מ׳האָט געשריגן „בראוואָ!‟ געפּילדערט און געטומלט.

די פּאָרלעך האָבן זיך ווידער געזעצט ביי זייערע טישלעך.

די מיידלעך האָבן פאַרלאַנגט צו טרינקען. די קעוואַ-

לערן האָבן באשטעלט פרישן סעקט, די קאָרקעס האָבן גע־קנאלט, די מוזיק האָט ווייטער געשפּילט, די קעלנער האָבן צעטראָגענע געאיילט פון טיש צו טיש.

נייע געסט האָבן זיך באוויזן: יונגע לעב־יונגען, דער מאָנאָקאָל אין אויג, דער פּאפּיראָס וואוילעריש אין א זייט פון מויל, אָרכידעען אין קנאָפּלאָך. נייע דאמעלעך האָבן זיך צו־געדרוקט צו זיי און זענען מיט הויכע אויסגעשרייען באגריסט געוואָרן פון דעם אָדער יענעם טישל.

דער באלעבאָס מיטן ווייכן, אויסדרוקפולן אייביק־שמייכלנדיקן פּנים, גלאנצנדיקע אויגן, האָט געטאנצט מיט זיינע ברייטע היפטן פון גרופּע צו גרופּע און אויפגענומען די געסט.

רעלנאָוו, וועלכער האָט זיך ווידער אויסגעניכטערט, האָט זיך אויך אנידערגעזעצט.

ער האָט באשטעלט רויטן בורגונדער און האָט געלאסן צוגעטראָגן דאָס גלאָז צום מויל.

— גיב מיר אויך צום טרינקען, — האָט אַ שטים אויס־געדרופן.

נעבן אים איז געשטאנען די טאנגאָ-טענצערין.

זי האָט געהאלטן אויפן הארצן די האנט באזייט מיט שמאראגדן און רעלנאָוון האָט זיך געדוכט, אזוי ווי ער וואָלט געהערט איר הארץ קלאפּן.

ער האָט א וואונק געטון צום קעלנער:

— ביטע, נאָך א גלאָז.

— ניין, איך וויל טרינקען פון דיינעם.

ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— דאָס קען נישט זיין, האָט ער געענטפערט, לחלוטין אוממעגלעך.

— דו ביסט א בייזער מענטש.

דער קעלנער האָט געבראכט א גלאָז און רעלנאָוו האָט אנגעגאָסן.

— כ׳בעט דיך, טרינק דו צוערשט, האָט זי געבעטן, — נעם איין איינציקן שלינג פון מיין גלאָז.

רעלנאָוו האָט א מאך געטון מיט דער האנט.

— דו מוזט — האָט זי נישט אָפּגעלאָזן, — איך קום אום פאר דורשט און בין מיד, איך האלט מיך קוים אויף די פיס.

ער האָט זי אָנגעקוקט פאראינטערעסירט.

דער שווארצער, זיידענער שטאָף איז געלעגן ווי גע־פרעסט אויף איר אויסערגעוויינלעך שלאנקן קערפער. די ברע־מען זענען געווען פארגרעסערט דורך קינסטלעכער צופארבונג, די ליפן פורפור־רויט געשמינקט, און די שווארצאפלען האָבן געלויכטן איבערנאטירלעך און געשטראלט מיט עקשנות, תאווה און ווילנסקראפט. די בלאָנדע, שווערע האָר האָט זי געטראָגן ווי א קרוין.

דערביי איז זי גאָר נישט שיין געווען, זי האָט געהאט רעגלמעסיקע געזיכט־ליניעס, ברייטע, גרויסע, געזונטע ציין, וועלכע האָבן זיך נישט געפּאסט צו איר דארער פיגור, א נידריקן שטערן און א באוועגלעכע קליינע פאריסענע נאָז.

איר טאליע איז געווען אזוי דין, אז רעלנאָוו האָט גע־מיינט, אז ער וועט זי קענען באקוועם ארומנעמען מיט איין האנט . . .

און דאָך האָט די דאָזיקע פרוי געאָטעמט מיט א צווינ־גנדיקער קראפט. ער האָט געזען, ווי אלע בליקן זענען צו איר געווענדעט.

— טרינק שוין אמאָל — האָט זי געזאָגט אין א האלב־צערטלעכן, האלב־באפעלערישן טאָן.

נאָך איינמאָל האָט ער באטראכט די שווארצזיידענע מיט דער ווייסער ברוסט און די בלאָנדע האָר און האָט צוגע־טראָגן דאָס גלאָז צו די ליפן.

זי האָט ארויסגעלאָזט פון זיך א טריאומפירנדיקן קוויטש, און גיריק געטרונקען.

— א, ווי גוט! — דו וועסט דערלויבן, אז איך זאָל אביסל פארברענגען אין דיין געזעלשאפט?

איידער ער האָט באוויזן צו ענטפערן, איז זי שוין געזעסן נעבן אים.

און ווידער האָט רעלנאָוו געשפירט, אז ער און די דאָזיקע פרוי ווערן אָבסערווירט פון אַלע זייטן. גלייכצייטיק האָט ער איינגעזויגן אין זיך דעם מאָדנע שמעקנדיקן פארפום, וואָס האָט געשטראָמט פון איר קערפּער.

— מיט דיר וואָלט איך געוואָלט איינמאָל טאנצן, דו קאָנסט עס אויף זיכער גוט! — — — פארוואָס ביסטו אזוי שטום ווי א פיש?

זי האָט זיך צוגערוקט צו אים נענטער און גענומען זיין האנט צווישן אירע, און רעלנאָוו האָט זי נישט צוריקגעצויגן.

— דו געפעלסט מיר זייער. ביסט וואונדער-שיין. רעד צו מיר א וואָרט – – אָדער ניין, גלעט מיך ליבער. ווי וואָלט איך געוואָלט, אז דו זאָלסט מיך גלעטן.

— מיר וועלן דאָך דאָ נישט געבן קיין פאָרשטעלונג, — האָט רעלנאָוו געענטפערט און געפּרואווט צו באפרייען זיין האנט.

זי האָט אים אָבער נישט אָפּגעלאָזן.

— וואָס גלאָצט איר אונז אזוי אָן? קוקט אייך אום בעסער אויף אייך? — האָט זי א צערייצטע א געשריי געטון פלוצלינג צו דער געזעלשאפט.

רוישנדער געלעכטער.

— כאָפּטע! — האָט זי געזאָגט מיט פאַראכטונג, — קוק דיך נישט אום אויף דער דאָזיקער חברה.

דער מאן מיט די טריבע אויגן און דעם אָפּגעלעבטן געזיכט, וואָס איז געווען איר פּארטנער, איז צוגעגאנגען צום טישל.

— מירן טאנצן נאָך איינמאָל, האָט ער געזאָגט, און דערנאָך אהיימגיין.

— טראָג דיך אָפּ צום טייוול!

זי האָט געקושט רעלנאָווס האלז און אויער און גע־שעפטשעט:

— דו זיסער, געליבטער יינגל!

ער איז נישט געווען אימשטאנד פון איר פטור צו ווערן.

זי האָט געקושט מיט פארשפיצטע ליפּן און מיט אן אומ־פארשעמטער תאוה.

— ווילסט קריגן אין האלז? האָט זי אָנגעשריגן אויפן טאנגאָ-טענצער.

דער בחור האָט אויסגעגלאָצט א פּאָר אויגן, ארויסגע־שטאמלט אייניקע נישט דייטלעכע ווערטער און האָט זיך אוועקגעשארט ווייטער, די הענט אין די הויזנקעשענעס.

— דאָס איז א געמיינער מנוול — האָט זי געזאָגט אויפּציטערנדיק, און איר געזיכט איז פינסטער געוואָרן. — און אזא איינער איז מיר באשערט; ווייסטו, אז דער מנוול שלאָגט מיך? איך מוז מיר לאָזן לאנגע נעגל וואקסן, כדי זיך צו ווערן.

זי האָט אים צוגעטראָגן פאר א באווייז אירע הענט.

— צו וואָס דערציילסטו מיר דאָס אלץ? האָט רעלנאָוו געפרעגט אויפגעבראכט. פונדעסטוועגן האָט זי אים צוגעצויגן צו זיך.

— איך האָב צו דיר צוטרוי. פון ערשטן בליק אָן האָב איך עס געשפּירט. דו געפעלסט מיר זייער. זאָג נאָר: קאָנסט טאנצן?

— איך טאנץ אָן אויפהער.

— אזוי!? ווי קאָמיש! איך האָב עס באלד ביי דיר באמערקט... קאפּעליע, עטוואָס פרייליכס! — האָט זי א גע־שריי געטון צו דער מוזיק און געוואָלט אים מיטרייסן מיט זיך.

— א שאָד דיין מי, איך טאנץ נישט דאָ.

— ווי דו ווילסט. אָבער הער נאָר, מיין ליבינקער, מיין ליבינקער, מיין זיסער יינגל: נעם מיך היינט מיט.

— אויסגעשלאָסן! — האָט ער געענטפערט.

זי האָט פארקנייטשט דעם שטערן און הויכמוטיק פאר־צויגן די פאררויסענע נאָז:

— דו רעדסט דיר בּאמת אַ סך איין. ס׳וועט דיר אָבער גאָר נישט העלפן. איך וועל גיין נאָך דיר אויף שריט און טריט, און אפילו ווען דו וועסט מיך טויט שלאָגן.

— איך וועל דיך נישט טויט שלאָגן, אוז דו וועסט מיך לאָזן צו רו.

— אזוי מיינסטו?

— בלי ספק.

— נע, אויב דו מאכסט מיך נאָר נישט צו נאר! — — ניין, ניין, איך דראָ נישט, איך בעט דיך בלויז: קום מיט! אויף איין איינציקע שעה! איך וויל נישט קיין סך. נאָר צערטלעך זיין צו דיר, ווי קיינע איז עס נאָך נישט געווען.

זי האָט צוזאמענגעפלאָכטן אירע און זיינע פינגער און האָט געקוקט אויף אים אינגאנצן אן אויפגערעגטע.

און אז ער האָט אלץ געשוויגן, האָט זי פונסניי אָנגעהויבן אין אַ צושטייענדיקן טאָן.

— זע, אויף יעדן פינגער האָב איך געקאָנט האָבן צען, וויפיל מיין הארץ וואָלט נאָר געגלוסט. איך פייף אָבער אויף אלע. דיך, דיך אליין וויל איך.

— אן אנדערשמאָל, גאנץ געוויס, אן אנדערשמאָל!

— ניין, היינט, ס׳מוז היינט אומבאדינגט זיין! — האָט זי עקשנותדיק איבערגעחזרט. — דו האָסט נישט קיין אנונג, וואָס איך שטעל דאָ איין אין קאָן. גאָט איז מיט דיר, איך קאָן דאָס דיר אויך זאָגן: אזוי ווי דו ביסט נאָר אריינגעקומען, האָב איך דיר באלד גענומען אויפן אויג. אויב דו וועסט דיר דעם אָנפיקן. האָב איך מיר געטראכט, וועסטו פטור פון דאָזיקן מנוול! געלינגט עס דיר נישט — ביסטו אויף אייביק פארלוירן... און אזוי האָב איך עס מיר אריינגעשלאָגן אין קאָפּ אריין. —

— דאָס זענען אלץ אויסגעטראכטע מעשות! וואָס פאר אַ שייכות האָב איך מיט יענעם?

— קיין שום שייכות נישט. נאָר איך בין פארפאלן, אויב איך וועל איצט פארלירן.

— און אויב דו וועסט געוואונען?

— וועל איך האָבן די קראפט, אוועקצושטויסן אים פון זיך — הילף א עלנטן מענטשן! וואָס פאר א גרויסע זאך פאר־לאנג איך פון דיר? טו אמאָל א גוטע זאך. דו מוזט דאָך פילן, אז פאר מיר הענגט אלץ אָפּ דערפון — — זע נאָר, ווי די גאנצע באנדע לאָזט פון אונז קיין אויג נישט אראָפּ און וואָס פאר א בייזע בליקן ס׳ווארפט צו מיר דער בעל־גוף. קום ענדלעך מיין אוצר.

זי האָט אָנגעהויבן צו פארלירן די געדולד.

— זע נאָר, וואָס פאר אויגן די פרויען מאכן צו דיר! יענע לאנגע חיה דאָרטן וואָלט דיך גערן איינגעשלונגען מיט הויט און האָר, אזא פאסקודנער נפש!

— אלזאָ גוט, — האָט רעלנאָוו געענטפערט. איר אויפ־רעגונג און אומרו האָבן זיך אָנגעהויבן אויך אויף אים איבערצוטראָגן.

ביים ארויסגאנג צו דער גארדעראָבע האָט זי ארויפ־געוואָרפן דעם שווארצזיידענעם אָוונטמאנטל אויף זיך און דערביי ארויסגעפלאצט מיט א פארשטיקטן געלעכטער און ברייט געעפנט דאָס מויל, אזוי, אז מען האָט געקענט זען דיביידע פולע רייען פון אירע געזונטע ציין.

וואָס לאכסטו?

זי האָט עטוואָס געצויגן מיט די אקסלען און האלב צוגעמאכט די אויגן.

— יענע דאָרטן קריכן ארויס פון דער הויט פאר גרויס קנאה!

בעת זי האָט ביי די ווערטער אויפגעכאפּט זיין בליק, האָט זי זיך דערשראָקן.

— ניין, ניין, כ׳וועל שוין מער נישט רעדן.

זי האָט זיך שווער אָנגעהאָנגען אין זיין אָרעם.

אויף דער גאס האָט זי א וואונק געטון צו אן אויטאָ.

— מאָסשטראסע 43, ס׳איז גאָר נישט ווייט, האָט זי געזאָגט ביים איינשטייגן.

אויפן וועג האָט זי גישט גערעדט קיין וואָרט.
אין קאָרידאָר האָט זי א דרוק געטון א קנאָפּ, און עלעק־טריש ליכט האָט באלויכטן די טרעפּ.
איר וואוינונג איז געווען אויפן ערשטן שטאָק.
אן אלטע, איינגעשרומפּענע פרוי איז זיי אנטקעגנגע־קומען מיט א פארשלאָפן געזיכט.
קאָנסט זיך איצט לייגן אין בעט אריין, כ׳ברויך דיך מער נישט צו האָבן.
די אלטע איז פארשוואונדן.
א גאנצע ריי פון צימערן זענען געווען באלויכטן, און רעלנאָוו האָט צו זיין גרעסטער פארוואונדערונג זיך דערזען אין א זייער עלעגאנטער וואוינונג, איינגעאָרדנט מיט אויסער־געוויינלעכן געשמאק.
דו וואוינסט באמת גאָר עלעגאנט, — האָט ער זיך אָנ־גערופן. און דו לעבסט דאָ צוזאמען מיט יענעם?
— ס׳הייבט זיך גאָרנישט אָן! — די וואוינונג געהער צו מיינעם א פריינד, אן עסטרייכישן באראָן. ווען ער פאָרט אָפּ, נעם איך זי אין מיין רשות. אָבער מאך דיר קודם כל בא־קוועם, מיין שאץ, איך קום באלד צוריק.
— איז ער איינער, וואָס האלט דיך אויס?
— וואָס פאר א מיינונג האָסטו אייגנטלעך וועגן מיר.— ס׳איז מיין פריינד, זייער א גוטער פריינד, ער וויל מיט מיר חתונה האָבן, א באראָנין זאָל איך ווערן —
זי האָט זיך הויך צעלאכט.
— מערסי מעסיע, איך טאנק טאנגאָ, און דער עקס־צעלזיאָר־באר צאָלט מיר 30 מארק אן אָוונט! און מאכט מיט מיר געשעפטן... און איצט האָב א ווײלע געדולד.
רעלנאָוו האָט זיך אנידערגעשטעלט אונטער א גרויסן הענגלייכטער.
— איצט קוקן מיר אריין ווי אין א שפּיגל אין פארבאָר־גענע ווערטער, דערנאָך פּנים אל פּנים — האָט ער פּלוצלינג פאר זיך געמורמלט און האָט נישט געוואוסט, פארוואָס ער

האָט ארויסגערעדט די ווערטער גראָד איצט אין דעם אויגנבליק.

די שווייגנדיקע שטילקייט און די נאכט זענען פאר אים געווען א רעטעניש.

ער אליין איז נישט געווען ער, ארויסגעשלייכט פון אייגענעם קערפער איז ער אפשר געווען דער מענטש, וועמענס שאָטן עס האָט זיך פאר אים באוויזן ביינאכט אין גאָרטן פון לוגאנאָ...

איצט איז זי ווידער ארייננגעקומען, אָנגעטון אין שווארצ-זיידענע הייזלעך און שווארצזיידענע זאָקן.

זי האָט אים ארייננגעזעצט אין א פאָטעל, אנידערגעזעצט זיך אויף זיין שויס און ארומגעוויקלט אים מיט אירע אָרעמס.

— דו ביסט אין באלעט אָדער דו ביסט א סאָלאָ-טענ-צער? איבריקנס איז עס מיר אינגאנצן גלייכגילטיק — האָט זי שנעל צוגעגעבן.

— איך בין אין באלעט, האָט ער געענטפערט.

— זייער ווייניק טאנצן סאָלאָ.

— המ, קענסט אפשר ניזשינסקין?

ניין, ער קען אים נישט. איז זי מיט אים באקאנט?

אָ יא, זי האָט אים געטראָפן אין עקסצעלזיאָר-באר. זינט זי טאנצט, קומען דאָרט די בארימטעסטע לייט, אויך אין צייטונג איז וועגן איר געשטאנען א גרויס ארטיקל, איבריקנס נארישקייטן, קיין איין וואָרט האָט זי דערפון נישט פארשטא-נען, אפשר וויל ער אים לעזן, וועט זי אים באלד אהערברענגען.

ניין, ער וויל נישט לעזן.

צי האָט ער באמערקט, אז זי האָט נאָר פאר אים גע-טאנצט, פאר אים אליין?

ניין, ער האָט דאָס נישט באמערקט.

דער מנוול האָט איר אפילו געוואָלט מאכן א סצענע, אָבער דאָ האָט ביי איר געפּלאצט די געדולד. דאָס איבריקע ווייסט ער סיי ווי.

— גיב מיר דיינע ליפּן, און איצט מאך צו די אויגן און ריר דיך נישט.

זי האָט אים אָנגעהויבן לאנגזאם און ליידנשאפטלעך צו קושן.

דאָס בלוט איז אים געקומען אין קאָפּ ארײַן, און זײַנע הענט האָבן זיך געגליטשט איבער אירע פּלייצעס און איר רוקן.

זיי האָבן זיך צוגערוקט גאנץ נאָענט צו אנאנדער און דייטלעך געהערט דאָס קלאפּן פון זייערע הערצער.

זי האָט אויסגעלאָשן דאָס ליכט און האָט אים מיטגעצויגן מיט זיך...

אין דער פרי, פאר זעקס אזייגער, האָט ער פארלאָזן דאָס הויז.

די גאסן זענען נאָך געווען ליידיק פון מענטשן.

ער איז שנעל געגאנגען פאָראויס און זיך נישט אומגעקוקט. ער האָט אויך נישט געזען, ווי אן אלטע פרוי האָט לויערנדיק געהינקען הינטער אים.

ערשט, אז ער איז צוגעקומען צו זיין הויז-טיר, האָט ער באמערקט א קרומען שאָטן. ער האָט ווייטער נישט געלייגט דערויף קיין אכט.

ער האָט שטיל פאר זיך געפייפט.

ער איז גאר נישט מיד געווען. נאָר פארטיפט אין זיך.

א ווײַלע האָט ער זיך איבערגעלייגט, צי ער זאָל זיך נישט צוריקקערן און נישט ארויספאָרן הינטער דער שטאָט.

ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און ארײַן אין זיין וואוינונג

## פינפטער קאַפּיטל.

אז ליזע לערדא — אזוי האָט זי זיך גערופן וויניקסטנס אין עקסצעלזיאָר־באר — האָט זיך א פּאָר טעג שפּעטער אויפ־געכאפּט פון שלאָף פאר מיטאָג, איז זי נאָך א לאנגע ווײַלע געלעגן אָן באוועגונג, די אָרעמס איבערן קאָפּ געפלאָכטן.

נעבן בעט איז געשטאנען א קליין טישל אויף רעדער, אויף וועלכן ס'איז געשטאנען איר פרישטיק: פּוטער, האָניק, ברויט, שינקע און א מאשינקע פון קאווע.

זי האָט זיך אויסגעגלייכט אויף די קישנס און אָנ־געקלינגען.

די אלטע איז אריינגעקומען אונטערהינקענדיק און אָנ־געקוקט זי, ווי יעדן מאָרגן, מיט אומצוטרוי און פארשנדיקע בליקן, כדי אראָפּצולעזן פון איר הארינטעס פּנים, צי זי האָט זיך אויפגעכאפּט אין א שלעכטער אָדער אין א גוטער שטימונג.

זי האָט זיך פאָרזיכטיק דערנענטערט צו איר און גע־פרעגט מים איר פּעטער שטים:

צי איז דאָס קינדעלע גוט געשלאָפן?

די טענצערין האָט עס פארהערט.

אָבער בשעת די אַלטע האָט זיך אָנגעהויבן צו פּאָרען בײַ דער קאווע־מאשינקע, האָט זי א געשריי געטאָן צו איר:

— דו ביסט מסתמא טויב!

די פרוי האָט אויפגעציטערט.

דערבײַ האָט זי איר אָנגעקוקט מיט הכנעה.

— לאָז דיינע תּירוצים אָן א זייט, די אומנוצלעכער פּארשוין, — האָט לערדא בייז אויף איר אָנגעשריגן — און זאָרג דיך נישט וועגן דער זאך! האָסט אויסגעפירט מיין באפעל?

— אודאי, קינד מיינס — געוויס האָב איך אזוי געטון. האָב איך דען געטון קאפּויער? האָסטו ווען עס איז זיך גע־האט צו קלאָגן אויף מיר? וואָס הייסט איך וועל נישט אויס־פירן דיינס א באפעל! ליבער וואָלט איך...

— הער אויף מיט דיין פּלוידעריי און רעד! די נשמה קאָן דאָך ארויסגיין, איידער מען קריגט עפּעס ארויס פון דיר, ווי הייסט ער?

די אלטע האָט ארויסגעצויגן פון טאש א שמוציק צעטל און לאנגזאם פאנאנדערגענומען די ווערטער:

— ער הייסט אנדרעאס רעלנאָוו.

— וואו טאנצט ער?

— ער טאנצט גאָרנישט – דאָס איז אלץ א ליגן.

— זעלבסטפארשטענדלעך טאנצט ער נישט — האָט לערדא זיך הויך צעלאַכט. — די מיינסט אפשר, אז איך האָב אים איין רגע געגלויבט? אָבער וואָס איז ער אייגנטלעך?

— גאָרנישט — זאָגט דער פּאָרטיער. איינגעמאָלדן האָט ער זיך אלס מוזיקער. ער שפּילט אָבער נישט. לויפט נאָר ארום א גאנצן טאָג. אויסערדעם איז ער באוויבט, — האָט זי בייז צוגעגעבן.

— דאס איז מיר גלייכגילטיק, צי ער איז באוויבט, — האָט די טענצערין צאָרנדיק געענטפערט.

א ווײַלע האָט זיך איר בליק פארהאלטן אויף דער קליי־נער מאשינקע, פון וועלכער עס זענען געפאלן שווערע און טונקעלע טראָפּנס קאווע. אָבער אז די אלטע האָט זיך געוואָלט ארויסגנבענען פון צימער, האָט זי איר צוגעשמידט צום אָרט מיט איין איינציקן בליק.

— האָסט אים געגעבן מיין בריוו?

— יאָ.

— וואָס האָט ער געענטפערט?

— ער קאָן איצט נישט קומען. אין די נאָנטסטע טעג וועט ער אריינקומען צו דיר.

— און דערמיט האָסטו דיך באגנוגנט, די שלימזלניצע,— נארישע גאנז — דו?!

א מבול פון קללות האָט זיך אויסגעגאָסן אויפן קאָפּ פון דער אלטער, וועלכע איז אָבער ווייזט אויס געוואוינט געווען צו אזעלכע סצענעס, ווייל זי האָט דאָס גאנץ רואיק אויסגע-הערט און האָט נאָר אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און האָט נישט ארויסגעגעבן פון זיך קיין קלאנג.

אז איר הארין האָט זיך ענדלעך אויסגעזידלט, האָט זי הכנעהדיק געענטפערט:

— איך האָב אים אלץ פריער געזאָגט — אז דו וועסט מיך זידלען מיט וויסטע זידלערייען, און איך וועל דאָס אלץ מוזן איבערטראָגן. כ׳האָב אים געזאָגט, אז ווען ער וואָלט גע-האט אין הארצן אביסל קריסטן-ליבע, וואָלט ער געדארפט קו-מען. דו וועסט ווילד ווי א חיה, ווען מען רייצט דיך – דו ווערסט — —

לערדא האָט זי נישט געלאָזט אויסרעדן. זי האָט גע-כאפּט א טעלער און אים געוואָרפן צו דער אלטער.

זי האָט זיך אָבער געשיקט אָפּגערוקט אין א זייט, און דער טעלער איז צעבראָכן געוואָרן אויף שטיקלעך.

דאָס האָט אזוי אויפגעבראכט די טענצערין, אז זי איז ארויסגעשפּרונגען פון בעט, כדי צו ווארפן זיך אויף דער דינערין.

ערשט איצט האָט מען געזען, ווי דאר און מאָגער זי איז געווען—הויט און ביינער.

די אלטע האָט הויך אויפגעהויבן די הענט:

— איך וועל מיך נישט לאָזן שלאָגן! האָט זי געצי-טערט און באהאלטן זיך אין א ווייטן ווינקל.

לערדא האָט זי באטראכט א ווײַלע.

איר כעס איז ביסלעכווייז צערונען.

— געמיינע נבלה! — האָט זי געזאָגט מיט פאראכטונג.

צוריק אריין אין בעט, אָנגעגאָסן זיך קאָכעדיקע קאווע און געטרונקען א פּאָר שלינג.

— וואו זענען די אייער? האָט זי גראָב געפרעגט.

די אלטע איז שנעל ארויס פון צימער.

דערווייל האָט לערדא געפרישטיקט מיט גרויס אפּעטיט־אריינוואַרפנדיק אינגמיטן איינצעלנע ווערטער.

— די קאנאליע וויל מיך פארמאטערן, האָט זי גע־ברומט פאר זיך. נו, ווארט נאָר, איך וועל דיך שוין אָנלערנען.

זי וואָלט איר אויך גערן געוואָרפן די אייער אין קאָפּ אריין, אָבער זי האָט זיך באהערשט.

— וואָס האָט ער דיר געענטפערט אויף דיינע פיינע רייד?—האָט זי אויפסנייי אָנגעהויבן דעם פארהער.

— איך זאָג נישט מער, האָט די אלטע ברומענדיק גע־ענטפערט. כ׳קאָן האלטן ס׳מויל. באלד וועסטו מיר ווידער שפּרינגען אין קעל אריין. נו, נו—דאָס וויל נישט גאָט. אָ מיין גאָט, כ׳בין דאָך נישט קיין הונט!

— נו, הער שוין אויף! פון ווען אָן מאכסטו דעם אָנ־שטעל פון א באַעולהטער?

— ס׳איז אָבער אזוי—האָט די אלטע זיך אלץ גע־בלאָזן.—סוף כל סוף איז מען דאָך נאָך א מענטש, אזוי גוט ווי דו!

— נו גוט—איך בין מיך מיט דיר א ביסל נישט איידל באגאנגען.--זי האָט ארויסגעצויגן פון איר צוקאָפּנס דאָס בייטעלע און צוגעוואָרפן איר אַ מטבע.

— נא און לעב א טאָג, האָט זי גיפטיק געזאָגט.

און אז די אלטע האָט איר געוואָלט עפּעס ענטפערן, האָט זי איר גראָב איבערגעריסן:

— זאָל זיך דיר נישט דאכטן אז מקען מיך ארייננאַרן אין זאק. דו מיינסט, איך ווייס נישט, אז דו ביזט נאָר אויסן אויסצופרעסן געלט? איבריקנס, א פיינער פארשוין — דערציילט בבא מעשות!... אין אדרעס-בוך שטייט מוזיקער? האָסטו נישט אמאָל פארזען?

— אויסגעשלאָסן. עס זענען נאָר פאראן צוויי רעלנאָווס

איינער איז פּראָפעסאָר און דער אנדערער איז ער.

— און ער איז פארהייראט?

די אלטע האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

דאָס ווייס איך פון פּאָרטיער. יענער האָט געזאָגט, אז זיי רייסן זיך פאר די האָר טאָג און נאכט. זיי האָבן אמאָל געמאכט אזא סקאנדאל, אז דאָס גאנצע הויז איז זיך צוזאמענגעלאָפן.

איך פארגין איר, דער פרוי זיינער—ער מעג איך אויס-קלאפן אביסל דיביינער—האָט זיך אָנגערופן די טענצערין.

— אפשר שלאָגט זי גאָר אים, אזוינס קומט אויך פאָר.

לערדא האָט פארקרומט די פארסענע נאָז.

— שטותים! האָט זי קורץ געזאָגט. וואָס האָט ער דיך אייגנטלעך געענטפערט?

— איך וואָלט עס בעסער געוואָלט האלטן פאר זיך— באמת,—אז נישט וועסטו באלד ווידער אָנהויבן צו ליארעמען.

— לאָז אין א זייט די לאנגע הקדמות-זיי קענען ערשט דוקא אויפרעגן.

— אלזאָ אין גאָטס נאָמען! ער האָט געזאָגט, אז דו וואָלסט באדארפט האָבן דרך ארץ פאר מיינע ווייסע האָר. דאָס זענען געווען זיינע ווערטער. זאָל מיך גאָט באַשטראָפן —האָט זי צוגעגעבן, בשעת לערדא האָט זיך אָנגעהויבן צו קרומען פאר געלעכטער.

— האָב אויף מיר קיין פאראיבל נישט, אָבער דאָס איז באמת קאָמיש! ווען ער וואָלט געווען געוואוסט, ווי דו ביסט געקומען צו דיינע ווייסע האָר! — נו, זאָל זיין אזוי — האָט זי געזאָגט, מער קער איך זיך נישט אום צו דעם. סוף כל סוף איז עס לחלוטין אלץ איינס. ברענג דיר א גלאָז און טרינק אויך.

— גיב מיר אריין אין מילכטאָפּ — האָט די אלטע גע-בעטן און גיריק אויסגעטרונקען.

לערדא האָט פארויכערט א פּאפּיראָס.

—האנושקע האָט נאָך עפּעס מער געטון — האָט די אלטע ווייטער גערעדט, נאָכדעם ווי זי האָט זיך געקוויקט.

— וואָס אזוינס?

— איך האָב נאָכגעשפּירט דעם הער: ער ווייזט אויס צו זיין א דורכגעטריבענער יונג. ער האָט א פאַרהעלטניש מיט א פרוי — אן עכטע פאַרהעלטניש. לעוועצאָוו גאס 11 וואוינט זי. א ווײַלע שפּעטער איז ער מיט איר אראָפּגעקומען — זי זעט אויס ווי א קאטוילישע — פון יענעם מין, דו ווייסט שוין, וואָס מ'רעדט וועגן זיי.

די טענצערין האָט א וואָרף געטון איר פּאַפּיראָס.

— אזא פּאסקודניאק! — האָט זי שטיל געזאָגט — אזא פּאסקודניאק!

אירע אויגן האָבן זיך מיט אמאָל פאַרגלייצט, אזוי, אז זי האָט אָן דער אלטער אינגאנצן פאַרגעסן.

— ווייסטו, מיין קינד, איך האָב דיך נאָך קיינמאָל נישט געזען אין אזא צושטאנד — דו ביסט דאָך פאַרקאָכט אין דעם בחור ביז איבער די אויערן! לאָז דיך נישט אריין אין אזעלכע געשיכטעס — וועסט דיך אָנהענגען אין אזא איינעם! און ווילעם — דו קענסט דאָך ווילעמען: ער וועט דאָך פון אים מאכן א קאָטלעט, אויב ער וועט דערשפּירן א געפאַר! און דער באראָן? וואָס וועט דער באראָן ערשט זאָגן! — צי וואָס טויג עס דיר? צי וואָס לאָזטו דיך אריין אין אזעלכע פוילע געשעפטן? פאַרמאָגן פאַרמאגט ער אויך גאָרנישט — אין א גאָרטן-וואוינונג — מ'שטיינס געזאָגט, וואָס דאָרט קען שוין זיין! און דער צוגאָב דערצו: א ווייב און א געליבטע! ווען דו פאָלגסט מיך – שלאָג דיר ארויס פון קאָפּ! די זאך וועט האָבן א שלעכטן סוף—איך האָב שוין א שטיקל חוש הריח.

— האלט ס'מויל, — האָט לעדרא איבערגעריסן דעם שטראָם רייד, און פאַרשטאָפּט דיר די אויערן. איך מוז וויסן גענוי, ווער און וואָס איז די פּערזאָן, מיט וועמען ער האָט א פאַרהעלטניש — און צי ער שפּילט ערגעץ אין אָוונט. אויף שריט און טריט מוזטו אים נאָכגיין — פאַרשטאנען?

— געמאכט, קינדלעבן — אלץ, וואָס דו ווילסט, וועט זיין געמאכט!

— דו וועסט דערפון קיין היזק נישט האָבן און איצט

זאָל איך דיך מער פאר די אויגן נישט זען כ׳בין טויט-
מיד, כ׳בין ווי צעשלאָגן. און אויב ווילעם וועט קומען,
פארהאק אים די טיר פארן נאָז.

די אלטע האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און האָט פארלאָזן
דאָס צימער.

ליזע לערדא איז נאָך א ווײַלע גלײַך געזעסן – אויס-
געשטרעקט פאר זיך די לאנגע, דינע אָרעמס.

— צי וואָס לאָז איך מיך דאָ ארײַן ? האָט זי זיך גע-
פרעגט און איז פארזינקען אין אומענדלעכע מחשבות...

## זעקסטער קאפּיטל

מיט אייניקע טעג שפּעטער האָט רעלנאָוו דערהאלטן פאָלגנדן בריוו.

— כ׳מוז מיט דיר רעדן. זיי היינט נאָכמיטאָג פינף אזייגער אויפן שנעקענבאָרג. פון הארצן גריסט דיך מאריא.

ווען ער איז צו דער אָפּגערעדטער שעה אהין געקומען, איז זי אים אומרואיק אנטקעגן געגאנגען.

זי איז געווען אויסערגעוויינלעך בלאס; די הויט פון איר געזיכט האָט זיך אים אויסגעוויזן דורכזיכטיק.

— לאָמיר זיך אביסל איבערגיין, מיין ליבער, איך האָב א פערטל שעה צייט.

איר קול האָט געציטערט און איר קערפּער האָט געשוידערט פאר אינערלעכן פחד.

— ווייסטו, האָט זי אָנגעהויבן ציטערנדיק און אומקוקנדיק זיך מיט מורא — ער איז צוריקגעקומען פלוצלינג, גאנץ אומדערוואַרטעט. דער מענטש איז ווי מטורף, ווי א חיה איז ער און לאָזט מיך נישט צורו.

זי האָט שווער געעטעמט.

רעלנאָוו האָט אנטדעקט אויף איר האלז בלויע צייכנס.

— האָט ער דיך געוואָרגן? האָט ער געפרעגט, און זיין הארץ האָט א ווײלע אויפגעהערט צו קלאפּן.

— דאָס איז נאָך גאָרנישט,— האָט זי א דערשלאָגענע געענטפערט,— ער וויל דורכאויס וויסן דיין נאָמען און וואוינונג.

— אָבער מאריעלע, גאָט איז מיט דיר, קענסט דאָך אים דאס זאָגן.

— איידער איך וועל דאָס טון, וועל איך מיך ווארפן אין וואסער אריין!

ער האָט זי אָנגעקוקט פארחידושט.

— דו מיינסט, אז איך האָב מורא?

— דו נישט — אָבער איך, ליבסטער. ווייל איך ווייס, אז ער איז צו אלץ פעאיק. אז ער האָט ביי מיר גאָרנישט ארויסגעקריגן, האָט ער זיך מיט א מעסער געוואָרפן אויף דער מאמען. ווען איך וואָלט מיך נישט אריינגעמישט —וואָלט ער זי דערשטאָכן. די מאמע איז געווען שטום ווי א קבר. קיין איין וואָרט האָט ער ביי איר נישט ארויסבאקומען.

— מאריעלע — זיס, ליב מאריעלע — פאל נאָר ביי זיך נישט אראָפּ! גוט, זאָל ער זיך מיט מיר טרעפן: יאָ, הער פריסלאנדער, ס'איז וואָר אייער פרוי און איך האָבן זיך ביידע ליב. זאָלן מיר קעמפן? אָדער זאָלן מיר פעכטן מיט שאבלעס, אָדער ווינשט איר א געוויינלעכן דועל אויף פיסטאָלעטן? איך טו אלץ, ווען איך מוז—מעג עס ווי נאריש זיין. געקרענקטע מענער—באקומען אן אָנפאל פון ווילדער משוגעת, איך ווייס עס, הער פריסלאנדער. מיינט איר אָבער, אז איר וועט דערמיט מבטל מאכן דעם עצם, וואָס איך האָב געטרונקען דאָס הארציקע בלוט פון אייער פרוי? זעסט, מאריא, אזוי וועל איך מיט אים רעדן, נישט צוקנדיק צומאָל מיט אן אויג.

— ער וואָלט דיך גאָרנישט צוגעלאָזט דערצו, האָט זי שטיל געענטפערט.

— ער וועט, מיין ליבלינג, מיר לאָזן רעדן ביז צו דער לעצטער זילבע. איך ווייס, ווי מ'נעמט מענטשן אין די הענט.

— ניין, דו האָסט א טעות; דאָס איז נישט מער קיין מענטש – דאָס איז א בעסטיע.

ער האָט הויכמוטיק און געלאסן געשמייכלט.

— לאָך נישט אזוי, האָט זי א פארצווייפלטע געקרעכצט.

רעד איך דען פוסטע רייד? פאַרוואָס גלויבסטו מיר נישט, אַז די לאגע איז מוראדיק ערנסט?

— איך גלויב דיר — איך גלויב דיר אומבאַדינגט. אָבער, מיין טייערע, לאָמיר אָננעמען, אַז ער וואָלט אַרויסגעצויגן זיין מעסער און וואָלט מיר געטראָפן אין האַרצן.

— הער אויף, הער אויף — האָט זי אים איבערגעריסן און א פארצווייפלטע פארבראָכן די הענט.

ער האָט אָנגענומען אירעביידע הענט.

— איז דאָס מיין מאַריעלע — מיין מוטיק, העלדיש מיידל? — דו ביסט דאָך מיין — מיין מיידל, און ווען עס זאָל אפילו צען מאָל אנדערש זיין געשריבן אויפן פאפיר — — ניין, דו מוזט מיך אויסהערן ביזן סוף — דאָס פאָדער איך פון דיר.

זי האָט אים אָנגעקוקט מיט אזא שטילער איבערגעגעבנקייט, אז ער איז אויפגעציטערט געוואָרן.

— גוט — ער דערשטעכס מיך, און איך וועל אויסגיין אין מיין בלוט — צי מיינסטו, מאַריעלע, אז איך האָב מורא פארן טויט? ווער עס האָט געהערט די שטים פון לעבן, דער האָט נישט קיין מורא פארן טויט? און ווער עס גייט פריער אוועק, קומט פריער צוריק — דאָס איז קלאָר ווי די זון! און איך — איך גלויב, האָט ער געזאָגט גאנץ געלאסן, — אז איך וועל מיך צוריקקערן. נישט אלע קומען צוריק — אָבער איך וועל קומען צוריק — איך גלויב דערין מיט אן אומדערשיטערלעכער פעסטקייט! אנדערש וואָלט אונזער לעבן אויף דער וועלט נישט געהאט קיין זין — — אפשר וועט איין קעמערל פון מיין מוח זיין דעמאָלט אן אנדערס — און קיין שום זאך וועט שוין מיר דאמאָלסט אין וועג נישט שטיין. — איין מאָל מוז מיין שליחות אויף דער וועלט דערפילט ווערן — א נישט וואָלט איך מיך נישט געצווערט מיט אלע כחות קעגן דעם, איך זאָל נישט דארפן האָבן צו טון מיט לעדער און קאפּול, מיט פעק און אָל - נישט זיין קיין שוסטער אויף דער וועלט!...

— שטאַרבן איז וואויל - עפּעס וואונדערלעך - מען מוז זיך

נאָר דערויף פאַרשטיין—מען מוז מיט לייכטע שיך טאַנצן אין טויט אריין!

אך טאנצן, מיין קינד—דערפון איז אלץ אָפּהענגיק ביים לעבן און שטארבן. און איך וויל דו זאָלסט לייכט ווערן.

זי האָט שטים מסכּים געווען.

וואָס האָט זי אים געקענט זאָגן!

זי האָט אים תּופס געווען, אפילו דעמאָלט, ווען זי האָט נישט פארשטאנען זיינע ווערטער—זי האָט געהאלטן פאר איבעריק און נאַריש צו קוועלן אים מיט איר מורא. דאָס האָט זי געמוזט ביי זיך אליין אויספועלן— —זי איז זיך מיט אמאָל פאָרגעקומען אזוי נאריש און איבעריק און האָט זיך געשעמט, אזוי ווי עס קאָן זיך נאָר שעמען אַ ליבענדע פרוי.

דו טאָרסט איצט א געוויסע צייט צו אונז נישט קומען,— האָט זי געזאָגט דערשראָקן,—און איך וועל דיך נישט קענען זען. ער באוואכט מיך אויף טריט און שריט, היינט איז עס געווען מעגלעך דערפאר, ווייל ער האָט מיך אליין געבראכט צום דאָקטאָר און יענער האָט אויף מיין ביטע אים געזאָגט, אז ער זאָל קומען נאָך מיר אין א שעה ארום. ער האָט דורכאויס געוואָלט ווארטן. איך מוז מיך זייער איילן. זיי געזונט, מיין טייערסטער — — —.

— נאָך איין אויגנבליק! — האָט ער געבעטן. ביסט געווען ביים דאָקטאָר? צו וואָס?

— ס׳איז גאָרנישט, מיין טייערער. דער דאָקטאָר האָט מיך אויסגעלאכט. עס איז געווען פון מיין זייט נאָר אן אויסרייד, כּדי איך זאָל קענען גיין צו דיר. ס׳שטעכט מיר אין דער ברוסט, האָב איך אים געזאָגט, כ׳קאָן נישט אויסהאלטן פאר יסורים. דעריבער האָט ער מיך געלאָזט גיין צום דאָקטאָר.

רעלנאָוו האָט זי אָנגעקוקט טיף פארזאָרגט, אזוי אז זי איז לייכט רויט געוואָרן. אָבער זי האָט אים געענטפערט מיט א בליק פול ליבע.

— ווי נאָר איך וועל האָבן א מעגלעכקייט, וועל

אין דיר שרייבן. און איצט נאָך אמאָל: זיי געזונט, מיין געליבטער, טייערער פריינט.

ער האָט זי נאָך נישט געוואָלט אָפּלאָזן.

— איך וויל דו זאָלסט מיר צוזאָגן, אז דו וועסט מיר באלד צו וויסן טון, ווי נאָר דו וועסט זיך געפונען אין א שלעכטער לאגע. אך — איך וואָלט גראָד איצט גערן צו אים געגאנגען, כדי איינמאָל פאר אלעמאל מאכן א סוף צום דאָזיקן ענין און מיט איין קלאפּ צו צערייסן דעם קניפּ. און וואָס לענגער איך טראכט וועגן דעם, אלץ קלאָרער ווערט עס מיר: דאָס איז דער וועג, אויף וועלכן איך מוז גיין.

— ווילסטו, אלזאָ, מיך און דיך צו גרונט ריכטן? — האָט זי געפרעגט און א טויט-שרעק האָט זיך צעשפּרייט אי-בער איר געזיכט:

— ניין, דאָס וויל איך נישט. איך וויל אָבער דיין הבטחה.

— איך זאָג עס דיר צו, האָט זי פייערלעך געזאָגט.

זי איז שנעל אוועקגעגאנגען; שפּעטער אביסל, ווען זי האָט אים שוין מער נישט געזען פאר די אויגן, איז זי א ווײַלע שטיין געבליבן. איר פּנים האָט אָנגענומען א שטארן, עקשנות-דיקן אויסדרוק. ניין — זי האָט אים געמוזט שיצן — זי אליין.

זי האָט געעפנט איר האנט-בייטל און האָט זיך אומגע-קוקט.

קיינער איז נישט געווען אין דער נאָנט.

זי האָט ארויסגענומען פון בייטל א קליינעם רעוואָלווער. זי האָט אים מיט א קורצער צייט צוריק געקויפט אויף א לי-ציטאציע, כדי צו געבן אים רעלנאָוון. ער האָט אים געזאָלט טראָגן אלעמאָל ביי זיך, כדי זי זאָל זיין רואיק. צום סוף האָט זי אָבער נישט געוואגט איבערצוגעבן אים דעם וואָפן. ער וואָלט זי געזידלט און אויסגעלאכט. אים איז לחלוטין פרעמד געווען די מורא. אפשר איז דאָס גראָד געווען זיין שטארקסטער שוץ.

זי האָט מיט גרויס אויפמערקזאמקייט באטראכט דעם צאצקעדיקן מאָרד-אינסטרומענט. א קליין קיילעכל דורכן רערל — און א סוף מיט אלץ! און דאָס וואָס א מוטער האָט געטראָגן ניין חדשים, ווערט אויסגעלאָשן אין איין סעקונדע. א וויפלסטער טייל פון ניין חדשים איז א סעקונדע?...

זי האָט עס געוואָלט באַרעכנען — איר אָרעמער קאָפּ איז אָבער געווען צו מיד.

זי האָט געוואויגן דעם רעוואָלווער אין האַנט.

ער וועגט קוים א האלבן פונט, האָט זי געטראכט.

זי האָט אָנגעהויבן שנעלער צו גיין.

זי האָט געציטערט פאר קעלט.

איר מאנס געזיכט האָט אויפגעטויכט פאר איר.

ווי זי האָט אויפגעשריגן פארן דאָזיקן, — פון דעם אויסגעווייטאָגטן פנים, און ווי זי איז מיט אמאָל שטיל געוואָרן, בעת ער האָט אָנגעהויבן צו ליארמען און פילדערן.

ווי שרעקלעך האָט זיך א מענטשנס פנים געקענט פארענדערן! און ווי האָט עס איינער דעם אנדערן געקאָנט אָנטון אזוי פיל יסורים!

זי האָט ארויסגענומען דאָס זייגערל.

געלויבט צו גאָט, צו א שעה האָבן נאָך געפעלט גאנצע צען מינוט.

איידער זי האָט זיך דערנענטערט צום „אָקטאָרס הויז", האָט זי זיך פאָרזיכטיק אומגעקוקט אויף אלע זייטן, דערנאָך איז זי אריין אין טויער און ארויף אויף די טרעפּ.

קומענדיק אויפן צווייטן שטאָק, איז זי געבליבן שטיין, איידער זי האָט אָנגעקלינגען.

א גרענעצלאָזע מידקייט האָט זי ארומגענומען און א טרוקענער הוסט האָט זיך ארויסגעריסן פון איר און אויפגעטרייסלט איר גאנצן קערפּער.

גאָט אין הימל, נאָר נישט פאלן איצט, ווען ער קען א ליאדע מינוט פלוצלינג אָנקומען.

זי האָט מעכאניש א דריק געטון דעם קנאָפּ.

— איז מיין מאן שוין געקומען? — האָט זי געפרעגט אָן אן אָטעם.

— דער הויכער מאנספערשוין אָן א באָרד?

זי האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

— ניין — ער איז נאָך דאָ נישט געווען.

— איז דער הער דאָקטאָר נאָך באשעפטיקט?

— ער איז גראָד פריי און האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף אייך.

זי האָט שנעל אוועקגעלייגט אירע זאכן און איז אריין אין קאבינעט.

דער דאָקטאָר, א נידריקער מאן מיט ברייטע פלייצעס, האָט איר אָנגעוויזן א שטול.

— אויב ער וועט קומען, — האָט זי געזאָגט אויפגעגערעגט, — לאָזט אים, כ׳בעט אייך ווארטן נאָך א פּאָר מינוט און דערקלערט אים, אז דאָס איז דערפאר, וואָס די אונטערזוכונג דויערט אזוי לאנג.

זי האָט גערעדט אין איין אָטעם, איבערהיפּנדיק די ווערטער.

— בארואיקט אייך נאָר, — האָט געזאָגט דער דאָקטאָר, — וואָס איז מיט אייך? איך האָב אייך נאָך קיינמאָל נישט געזען אין אזא צושטאנד! איר געפעלט מיר גאָרנישט.

אָנשטאָט צו ענטפערן איז זי אויפגעשפּרונגען פון שטול און האָט זיך צוגעהאָרכט מיט אן אָנגעבויגענעם קערפּער.

— דאָס איז ער — האָט זי דערשראָקן געזאָגט. — דערלויבט אים נישט צו ווארטן אין נעבן-צימער, אז נישט קאָן איך קיין וואָרט נישט ארויסרעדן.

— ווארט א רגע. רעגט אייך נאָר נישט אויף אזוי:

זי האָט אָנגעשטרענגט צוגעהאָרכט.

ער איז געקומען אין דער באשטימטער צייט - נישט א מינוט צו פרי, נישט א מינוט צו שפּעט.

עס דארף נאָך דויערן א פערטל שעה, האָט זי געהערט, ווי דער דאָקטאָר האָט געזאָגט. דאָס וואָרט „בלוט-אונטערזו-

כונג״ איז נאָך דערגאנגגען צו איר אויער, און דער דאָקטאָר איז ווידער געוועזן אין צימער.

— נו, איצט קענט איר אומגעשטערט רעדן.

א ווײַלע האָט זי אים שטום אָנגעקוקט.

— הער דאָקטאָר – איך מוז אוועקפאָרן האָט זי ענדלעך אויסגעבראָכן מיט א ווײנענדיק קול.

ער האָט געפּרוּווט זיך ווערטלען!

— וואוהין? אין דער שווייץ? צום צפון־ים?

באמערקנדיק איר טרויעריקן בליק האָט ער פארלוירן דעם חשק צו שפּאסן.

— נארישקייטן,— פרוי פריסלאנדער—אלץ איז נאריש־קייט! געזונט מוזט איר ווערן—דאָס איז קודם כל.

ער האָט זי אָנגענומען פארן פּולס.

— יאָ, און איצט קנעפּלט אויף די בלוזע.

— הער דאָקטאָר, דאָס איז אלץ איבריק, איך מוז אוועק־פאָרן, פארשטייט איר מיך דען נישט?

— אויב איר וועט מיך איצט נישט האָרכן, וועל איך אויף אן אמת ווערן בייז.

זי האָט אים געפאָלגט אָן ווילן מיט א רחמנותדיק האָפנונגסלאָזער און פארלאָשענער מינע.

— און איצט,—ער האָט צוגעלייגט דאָס הער־רערל צו איר ברוסט,—האלט איין דעם אָטעם. אזוי – און איצט עטעמט גאנץ טיף. גוט. און איצט לייגט אייך אויפן טיש. ער האָט איר אויסגעקלאפּט דעם רוקן און זיין געזיכט איז וואָס אמאָל ערנסטער געוואָרן.

ווען ער האָט זיך אָבער אומגעקערט צו איר, איז זיין געזיכט געוועזן פריי פון זאָרג.

— איר קאָנט אייך שוין אָנטון. עס האָט דאָך נישט וויי געטון.

זי האָט זיך נישט געלאָזן איינגעמען פון זיין טאָן. דער דאָקטאָר איז צו איר בנעימותדיק צוגעטרעטן.

— וואָס איז מיט אייך, פרוי פריסלאנדער? לעבט זיך

אייך גליקלעך? איך וויל מיך נישט אריינמישן אין פרעמדע סודות—אָבער אפשר וועט עס אייך לייכטער מאכן, ווען איר וועט זיך אויסריידן דאָס הארץ.

— ווי האלט עס מיט מיר? זאָגט מיר דעם גאנצן אמת. איך קאָן אים פארטראָגן. ווי לאנג האָב איך נאָך צו לעבן?

— אויף דער פראגע קאָן נאָר גאָט אליין געבן אן ענט-פער — איך נישט. ביז אין גרויען עלטער קאָנט איר לעבן. אויב איר וועט זיך אָפּהיטן. נאטירלעך זענט איר איצט נישט אינגאנצן געזונט.

איר געזיכט האָט זיך באדעקט מיט א שאָטן.

— כ׳רעד צו אייך אָן א טאָלק, — האָט זי מיט א פאר-שטיקטן קול געזאָגט. און מיט אמאל האָבן איר די כוחות פארלאָזן און זי האָט זיך צעוויינט.

דער דאָקטאָר האָט זי געפּרואווט בארואיקן, גערעדט צו איר ווי צו אַ קליין קינד, געגלעט אירע הענט און די האָר.

ער האָט אָבער גאָרנישט געקאָנט אַרויסבאקומען פון איר.

ביים ארויסגאנג האָט זי זיך נאָך איינמאָל אומגעקערט צו אים.

— ווילט איר מיר טון א געפעליקייט?

— אודאי.

— זאָגט אים איך בעט אייך, אַז ער זאָל מיך לאָזן צו רו און מיך נישט פייניקן.

ער האָט זי באטראכט מיט א פאָרשנדיקן בליק.

— גוט, איך וועל דאָס איבערגעבן אייער מאַן. איך וואָלט עס אליין אויך געטון. און איצט זייט אזוי גוט און זעצט אייך אין פאָרצימער — איך לאָז אים רופן.

די יונגע פרוי האָט פארלאָזן דאָס צימער. אין קאָרידאָר האָט זי באמערקט איר מאן, נישט קוקנדיק אויף איר, איז ער אריין אין צימער צום דאָקטאָר.

— צי ווילט איר אפשר זיך צוזעצן אויף א ווײַלע, הער פריסלאנדער?

דער רודערדאן האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ. ער איז גע-
שטאַנען שטייף אויסגעצויגן און אומבאוועגלעך.

— העד פריסלאנדער — מיט אייער פרוי איז נישט
גוט — סיי קערפּערלעך, סיי מאָראליש. די לונגען זענען –
אָנגערירט. בייזע גערוישן — מ׳מוז עפּעס טון דערצו.

— וואָס מאכט מען?

— קודם כל דאַרף זי ליגן און זיך גוט דערנערן.
טרינקען מילך וויפיל זי קען נאָר.

— און וואָס ווייטער?

— מען דאַרף איר פארשפּאָרן יעדע אויפרעגונג. זי דאַרף
איבערהויפּט זייער ווייניק רעדן. זי דאַרף האָבן אומ-
באדינגטע רו.

— דאָס איז אַלץ?

דער דאָקטאָר האָט עטוואָס אומגעדולדיק אָנגעקוקט דעם
אומבאוועגלעכן דארן מענטשן.

— דאָס איז כמעט אלץ — האָט ער געענטפערט.

— אָבער קיין סכנה פאר איר לעבן איז נישטאָ?

— איר צושטאנד איז ערנסט — דערווייל איז נישטאָ
קיין לעבנסגעפאר, זעלבסטפארשטענדלעך, אויב זי וועט וויר-
קלעך האָבן רו און פלעגע. אָבער איינס מוז איך אייך זאָגן,
הער פריסלאַנדער: אייער פרוי איז אינגאנצן אָפּגעשוואכט.

— אזוי איז דאָס, הער דאָקטאָר.

צום ערשטן מאָל איז דער מאן ארויס פון זיין פאַר-
גליווערונג. ער האָט זיך קענטיק אָנגעשטרענגט, געוואָלט עפּעס
רעדן, ארויסזאָגן עפּעס אַזוינס, וואָס האָט אים געדריקט אויפן
הארצן. אָבער דער מויל האָט זיך אים נישט געעפנט.

ענדלעך האָט ער אָנגעהויבן.

— זי וועט האָבן אלץ, וואָס איר געזונט פאָדערט. דאָס
איבעריקע קאָן איך נישט צוזאָגן. דאָס הענגט אָפּ פון די
אומשטענדן.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, און שטאמלענדיק ווידער
אָנגעהויבן צו רעדן:

— האָט זי זיך עפּעס פּאַרטרויט, הער דאָקטאָר?
— אַ האָר נישט.
— גוט, מיר אויך נישט. וואָס צאָל איך אייך?
— איר וועט פון מיר נישט אַנטלויכן — מיר האָבן נאָך צייט.
— מ׳קאָן נישט וויסן, הער דאָקטאָר. און ווער ס׳באַצאָלט נישט זיינע הובות...
ער האָט איבערגעהאַקט און אַרויסגעצויגן פון קעשענע אַ רויטן לעדערבייטל.
— אויב איר שפּאַרט זיך דווקא איין — פינף מאַרק.
דער רודערמאַן האָט באַדאַכט אָפּגעציילט פינף איינצעלנע מאַרק אויפן טיש.
— כ׳וואָלט אייך נאָך געבעטן אַ פּולווער צום שלאָפן. איך ליג אָפּט ביז צום באַגינען, נישט קאָנענדיק איינשלאָפן.
דער דאָקטאָר האָט פאַרשריבן און איבערגעגעבן אים דעם רעצעפּט.
— וואָס קאָסט עס?
— גאָרנישט.
— אַ דאַנק, הער דאָקטאָר. און איצט וועל איך אַהיים־פירן מיין פרוי.
שטום זענען זיי געגאַנגען איינער נעבן אַנדערן. נאָך אַן אומענדלעך לאַנגער שטילשווייגעניש האָט ער געזאָגט:
— דער דאָקטאָר האַלט, אַז רעדן שאַדט דיר, זאָג מיר זיין נאָמען און זיין אַדרעס, און דעמאָלט קאָנסטו שווייגן, ווי אַ טויטע.
זי האָט נישט געענטפערט. זי האָט נאָר פון דער זייט אַ קוק געטון אויף זיין געזיכט, אויף וועלכן איין געדאַנק האָט אומאויפהערלעך געאַרבעט.
און אַזוי ווי זי האָט עקשנותדיק געשוויגן, האָט ער ווייטער גערעדט:
— טאָג און נאַכט וועל איך אים זוכן—און ווען אפילו איך זאָל מיר די פיס ביז בלוט פאַרוואונדן, וועל איך אים געפונען.

מער האָבן זיי נישט אויסגערעדט צווישן זיך קיין וואָרט.

מיט א טרייסטלאָזער פארביטערונג האָט ער זיך געגריבלט אין זיין שיקזאל. און האָט זיך כסדר אומגעקערט צו דעם איינציקן אויסוועג:

— אלץ וואָלט נאָך געקאָנט גוט זיין, ווען איך וואָלט אים דערהרגעט.

פארוואָס האָט זי פארשוויגן זיין נאָמען? אן אָנמעכטי-קער צאָרן האָט אים באהערשט. אפשר וואָלט געווען צום בעסטן, ווען ער וואָלט געמאכט א סוף: זי דערוואָרגן — די מוטער ממיתן — דאָס קינד אין וואסער ארייננווארפן — און זיך אליין — א קויל אין מויל אריין...

ער האָט באטראכט איר ווייסן, שלאנקן האלז און האָט געפילט, ווי ער צוקט אין זיינע הענט.

און זי האָט געלייענט אין זיינע אויגן, ווי אין אן אָפענעם בוך.

ער וואָלט דאָס נאָר געטון! האָט זי געטראכט און אָנ-געטאפט דעם וואָפן, וועלכער איז אין דעם אויגנבליק געווען איר איינציקע טרייסט.

אויפן גערדאנק איז איר ארויף דאָס קינד, איר קליין קינד...

זי האָט ווייטאָגלעך פארצויגן דעם מויל.

וואָס וועט ווערן פון קינד? א קאלטער שווייס האָט בא-דעקט איר נאקן. אירע הענט זענען געוואָרן קאלט, דער שטערן פייכט.

— פארוואָס באפרייסטו מיך נישט? — האָט זי איבער-געריסן די שטילקייט.

אין אירע אויגן האָט אויפגעבליצט א פינסטער פייער.

— די צייט וועט זאָגן, וואָס איך האָב צו טון. — ער האָט זיך דערביי צעלאכט.

זי וואָלט איצט הויך א געשריי געטון. און פונדעסטוועגן

האָט זי זיך אריר נישט געטון. זי האָט געפילט אין איר
אָרעמען קערפער א גוואלטיקע ווידערשטאנדסקראפט. און אין
איר מוח איז געוואקסן אן עקשנות און א ווילן, וואָס לאָזט
זיך נישט בייקומען.

איר האָט זיך געדאכט, אז זי וואָלט געקאָנט בייקומען
באָט אליין און די גאנצע וועלט.

## זיבנטער קאפּיטל

— צי קענען מיר נישט, האָט רעלנאָוו געזאָגט, טיף אָטעמענדיק, — כאָטש איין איינציק מאָל רואיק רעדן? קען גאָר נישט געמאָלט זיין צווישן אונז ביידע, אז מיר זאָלן זיך מענטשלעך אויסטענהן?

– וועגן אלץ קענסטו דיך פארשטענדיקן מיט מיר, אין אלץ וועל איך דיר נאָכגעבן, נאָר אין דעם איינעם נישט.

— הער מיך אויס, לוקס, און טו עס אָן כעס. קנייטש נישט דעם שטערן — מאך נישט קיין בייז פנים — זיי באמת גוט צו מיר — לאָז מיך פריי, אויב דו האָסט מיך באמת ליב.

— קיינמאָל וועל איך מיך דערויף נישט אנטשליסן, קיינמאָל נישט.

— גוט, איך וועל דיך אַלזאָ צווינגען דערצו. וועט עס נישט גיין מיט גוטן, וועט עס געשען מיט בייזן

זי האָט זיך הויך פונאַנדערגעלאַכט.

— לאך נישט, האָט ער געזאָגט, אז נישט וואָלט איך מיך געקאָנט פארגעסן. — ניין, ניין, דאָס וויל איך נישט, האָט ער זיך גלייכצייטיק געווערט קעגן זיך און אָנגעקוקט זי מיט גרויסע, פרעמדע אויגן.

און ביי זיך האָט ער געטראַכט:

כ׳וועל נישט זיין צו איר הארט און גרויזאם. כ׳וויל רואיק און שטיל אַוועקגיין פון איר...

אָבער גלייכצייטיק האָט ער געשפּירט אין זיך אַן איי־זערנע קראַפט, וועלכע וואָלט אימשטאנד געווען צו צעברעכן יעדן ווידערשטאנד.

— איך בין נישט געשאַפן דערצו, איך זאָל דיך לאָזן צע־טרעטן. איך בין א פרייער מענטש, וועלכער איז אנטלאָפן פון דערהיים און קוים מיט די כחות זיך דורכגעשלאָגן דורכן לעבן. אודאי נישט כדי צו צעברעכן זיך די ציין אָן דער דאָזיקער קייט.

זי האָט אים באטראכט מיט אַן אָנגעשטרענגטער מורא און נייגעריקייט — גרייט צום קאַמף און אָפּצושלאָגן יעדן קלאפּ. דערביי האָט זי געקוקט אין זיינע לויכטנדיקע, בלויע אויגן, וועלכע האָבן זיך איר נאָך אלץ אויסגעוויזן וואונדער־לעך שיין.

— אין וועמען ביסטו איצט פארליבט? — האָט זי גע־פרעגט. — דו מיינסט אפשר, אז איך ווייס נישט, אז דו שלעפּסט זיך ארום טאָג און נאכט מיט נקבות?

— א זיווג, אין וועלכער ס׳איז נישטאָ קיין צוזאמענ־האנג, — האָט ער געזאָגט, נישט לייגנדיק קיין אכט אויף איר פראגע, — ווערט בטל אויך אָן דעם ריכטער. און איבעריקנס — איך טויג נישט צו זיין א מאן.

— אלע מענער, וואָס נארן אָפּ זייערע פרויען, באנוצן די זעלבע פּוסטע פראזן. ענטפער מיר ענדלעך, איז אמת, אז דו ביסט מיט מיר פאלש?

— איך נאר דיך אָפּ — ב׳נאר דיך אָפּ פון גאנצן הארצן.

א רגע האָט זי זיך אויסגעדרייט און געוויינט, נישט ארויסגעבנדיק פון זיך דעם מינדעסטן קלאנג. זי האָט נאָר צוזאמענגעדריקט די קליינע הענט אזוי פעסט, אז די נעגל האָבן זיך איר איינגעגראָבן אין פלייש.

— דיך בינדט אלזאָ גאָרנישט צו צו מיר, און דו ווארפסט עס מיר מיט אזא גראָבקייט אין פנים? צי ווייסטו, אויף וועמען די זינד פאלט? אויף דיר, נאָר אויף דיר אליין. בין איך דען געוואָרן אנדערש מיט דיר? צי כאָטש

אויף א האָר אנדערש ווי אין ערשטן טאָג? צי קאָנסטו מיר אויפוואַרפן, אז איך האָב פארנאכלעסיקט מיינע פליכטן קעגן דיר? דו קענסט מיר אזוינס נישט פאָרוואַרפן! מיין איינציקער חטא באשטייט אין דעם, וואָס איך העגג אָן דיר ווי א הונט, וואָס איך האָב אוועקגעוואָרפן צוליב דיר מיין היים, מיין פאָטערלאנד און מיין טאטן. וואָס ווילסטו אייגנטלעך פון מיר? — האָט זי פארצווייפלט אויסגעשריגן, פארוואָס מאטערסטו און פייניקסט מיך?

— פריי וויל איך זיין! צי מוז איך דאָס איבערחזרן הונדערט און טויזנט מאָל? ביסט אין אלעמען גערעכט — און ביסט פאָרט נישט גערעכט! עס קאָן נישט זיין, אז א מענטש זאָל צובינדן דעם צווייטן צו זיך און פאררופן זיך אויף זיינע מכלומרשטע רעכט — עס איז נישטאָ קיין ערגערער וואוכער!

— ביסטו נישט נאָכגעלאָפן נאָך מיר? יאָ אָדער ניין?

— יאָ.

— צי האָסטו נישט מיט אלע מעגלעכע קונצשטיקלעך און כיטרע גענג געבראכט דערצו, אז איך האָב מיך געמוזט אונטערגעבן? צי האָב איך מיך צוערשט נישט געווערט קעגן דיר מיט אלע מיינע קרעפטן?

— אמת. אָבער אויב דו ה״ייבסט שוין יאָ אָן די געשיכטע פון אָנהויב, וועלן מיר זי באהאנדלען כראָנאָלאָגיש — איך בעט דיך דרינגענד, אז דו זאָלסט אויך אויף אלע מיינע פראגן ענטפערן קורץ און אין הסכם מיטן אמת: צי האָב איך פון אונזער ערשטער באגעגניש נישט אונטערגעשטראָכן אָן צווײדייטיקע כוונות, אז איך בין ווייט פון חתונה האָבן? — דריי דיך נישט ארויס. יאָ אָדער ניין? גוט — איך האָב עס אונטערגעשטראָכן. פארוואָס האָב איך דאָס געטון? ווייל איך האָב געקאָנט מיין נאטור און כ׳האָב נישט געוואָלט שפילן מיט דיר קיין קאָמעדיע.

— דו האָסט מיר געזאָגט, אז דו האָסט מיך ליב. און דאָס איז הונדערט מאָל מער ווי אלץ איבעריק.

— איך האָב דיך אויך ליב געהאט — א פארלוירענער שמייכל האָט געבלאָנזשעט אויף זיינע ליפן — א נישט וואָלט איך דען באגאנגען א גנבה? אָדער מיינסטו אפשר, אז נאָך אין דער היים בין איך געווען געוואוינט צו אזעלכע זאכן?

זי האָט געשוויגן.

— גוט — לאָמיר גיין ווייטער: כ'האָב דיך ליב געהאט— און דו האָסט געזאָגט „ניין". כ'האָב געגנבעט — און בין דיר נאָכגעפאָרן... אָבער בשעת איך האָב דיך דעמאָלט ווידער געזען — זיי מיר מוחל, לוקס, אויב איך וועל דיך איצט נישט שוינען, דו צווינגסט מיך צו דעם —, און ס'איז אָן א צוועק ארומצושלייכן ווי די קאץ ארום דעם הייסן געקעכץ און נישט קוקן דעם אמת אין די אויגן. ניין, איך וויל דאָס איצט נישט מער פאר קיין שום פרייז — דאָס מאכט נאָר גרעסער אונזער עלנטקייט... בשעת איך האָב דיך ווידער געזען אין לוגאנאָ, בין איך שוין געווען אינגאנצן אָפגעקילט צו דיר.

זי האָט אים אָנגעקוקט אָן לשון און מיט שטארע אויגן.

— אזוי איז עס — גאָט איז מיין עדות - ווער קאָן דאָס דערקלערן. אפשר האָט זיך עס גענומען דערפון, - האָט ער פארטראכטערהייט צוגעגעבן, — וואָס דו האָסט צו לאנג אָנגע-שטרענגט מיינע נערוון. און—אפשר ביסטו גאָרנישט שולדיק— נאָר די דערציאונג, וועלכע מען גיט אייך, מיידלעך. גענוג - דאָס האָט איצט קיין שום באדייטונג נישט און קומט נאָר אויף אזוי פיל אין באטראכט, אויף וויפיל דו פאָדערסט פון מיר א פארענטפערונג. דערנאָך ביסטו געווען צו מיר אויסער-געוויינלעך גוט, און איך האָב מיך אונטערגעגעבן — אָדער, ווען דו ווילסט: איך בין געווען צו פחדנותדיק, שוין צו פיל שלימזלדיק. און דאָס איז מיין איינציקער חטא לגבי דיר — וואָס איך האָב דיר נישט געזאָגט אָפן: אין מיר איז אלץ אָפגעשטאָרבן, איך פיל שוין גאָרנישט מיין געפיל איז אויסגעלאָשן.

ביי די ווערטער איז איר געזיכט געוואָרן אש-גרוי.

— אזוי איז אלזאָ דעמאָלט געווען מיט דיר — און נישט קוקנדיק דערויף האָסטו מיך גענומען — ווי א סחורה, וועלכע מען קויפט בחצי חנם.

— דו האָסט געוועקט אין מיר מיטלייד.

— איך האָב געוועקט אין דיר מיטלייד — האָט זי אי־בערגעחזרט אינגאנצן צעמישט און פארלירנדיק דעם רעשט גלייכגעוויכט.

— אזוי איז עס געווען. און דעמאָלט האָט אין מיר נאָך איינמאָל עפּעס אויפגעבליט, און איך האָב מיך באמיט איינצוּרעדן, אז אונטערן אש גליט נאָך פייער. איך האָב שוין געזאָגט, אז דערין ליגט מיין שולד. צי וויל איך מיך בעסער מאכן, ווי איך בין? ווען איך וואָלט מיר פאָרגע־שטעלט אלע קאָנסעקווענצן. גאָט איז מיין עדות — איך וואָלט אנטלאָפן אין מיטן נאכט אין נעפּל. אָבער ווייטער מיר זענען נאָך נישט ביים סוף. איז עס אמת אָדער ליגן, אז אין משך פון דער גאנצער צייט האָב איך כסדר גערעדט וועגן שיידן זיך און אין די אויגן דיר געזאָגט, אז איך בין נישט באשאפן פאר קיין זיווג, אז דאָס בעסטע וואָלט געווען, ווען מיר וואָלטן זיך ביים אָפּשייד געגעבן די האנט ווי גוטע פריינט? צי איז דאָס נישט געווען דער תנאי פאר מיין ווייטערדיק פארבלייבן מיט דיר? פונקט אזוי איז דאָס געווען, דו קאָנסט עס נישט פארלייקענען. און איצט קומט די סצענע, בעת וועלכער דיין פאָטער פאלט ארייַן ווי א מטורף צו מיר אין צימער, באהאנדלט מיך ווי אן אוואנטוריסט, ווי איינעם, וואָס זוכט א רייכן שידוך, האלט עס פון מיין זייט פאר א נאריש שפּיצל, בשעת איך דערקלער אים אָפן, אז איך האָב קיינמאָל נישט געטראכט חתונה צו האָבן מיט דיר... איז דאָס ריכטיק, אָדער נישט? יאָ — קענסט שאָקלען מיטן קאָפּ וויפיל דו ווילסט. און וואָס איז ווייטער געשען: כ׳וועל עס מאכן בקצור. איר האָט מיט מיר אן אָפּמאך געשלאָסן, א מיאוסן אָפּמאך עס האָט געהייסן, אז כ׳זאָל חתונה האָבן צוליבן קינד. און דערנאָך א גט. ראטעווען דיין כבוד פאר

דער וועלט. דאָס ערשטע איז גלאטיק אדורך, דאָס צווייטע איז צעבראָכן געוואָרן צוליב דיין איינגעשפּארטקייט.

— ווייל דו, — האָט זי שטיל געזאָגט, — האָסט מיר ביי דער געבורט פון מיין קינד צוגעזאָגט צו בלייבן ביי מיר, איז עס וואָר אָדער נישט?

— ס'איז וואָר — אָבער איך וואָלט געוואָלט זען יענעם, וואָס וועט נישט זאָגן יאָ, בעת די מוטער, איידער זי האָט נאָך אָנגעקוקט איר נייגעבוירן קינד, מאכט אָפּהענגיק פון אן ענטפער אויף דער פראגע איר לעבן אָדער טויט, און מיינסט, אז ווען נישט דער דאָזיקער צוזאָג, וועלכן דו האָסט אויסגעפּרעסט פון מיר, וואָלט איך שוין לאנג נישט אנטלאָפן פון דאַנען?

א ווײַלע האָבן זיי זיך ביידע אָנגעקוקט, ווי צוויי פאר־ביטערטע שונאים, ווי צוויי אומבארהמנותדיקע קעגנער, פון וועלכע קיינער וויל נישט פארלאָזן דאָס פעלד.

ענדלעך האָט זי ארויסגעשטאמלט, ווי פון אן אויסגע־טריקנטער קעל?

— צי וואָלסטו מיך אויך פארלאָזן, ווען דאָס קינד וואָלט געבליבן לעבן?

— יאָ, האָט ער געענטפערט אָן איבערלייגונג, ווייל א קינד מוז ליידן, ווען פאָטער און מוטער האסן זיך.

— איך האס דיך נישט.

— פארט יאָ, מער ווי דו גלויבסט אליין. און איך איין שיינעם טאָג וועסטו עס מיר ארייַנשרייען אין די אויערן, אז די אוירען וועלן מיר ווייי טון. דערלאָז נישט, אז צווישן אונז זאָל דערגיין צו אזא מיאוסער מדרגה, ווי א קריסטין. דאָ שטייט עטוואָס געשריבן, וואָס איז מיר נישט לאנג ווידער פאר די אויגן געקומען: „און ווען איך וואָלט געלאָזט מיין לייב ברענען און נישט פארמאָגט אין זיך קיין ליבע וואָלט עס מיר גאר קיין נוצן נישט געבראכט. די ליבע, איז נישט אייפערזיכטיי די ליבע איז נישט מוטוויליק און זי בלאָזט זיך נישט“.

ער האָט איבערגעריסן און ארײנגעקוקט איר פּעסט און גלײך אין די אויגן. זײנע ווערטער האָבן אָבער נישט אי־בערגעלאָזט אויף איר קײן שום רושם.

אויף איר געזיכט איז געלעגן א קאַלטער חוזק, בשעת זי האָט אים מיט א שנײדנדיקער שטים געענטפערט:

— זינט ווען, האָסטו דיך געוואָרפן אויף דער עוואַנ־געליע און ציטירסט מעשהלעך פון דער ביבל? די, וואָס האָבן נישט גאָט אין הארצן פאררופן זיך אויף דער הײליקער שריפט — אזוי איז אלעמאל געווען. איך וואָלט געלאכט, ווען עס וואָלט זיך מיר נישט געוואָלט װײנען.

רעלנאָוו האָט זיך אויפגעהויבן און נישט אויסגערעדט קײן וואָרט.

ער איז פאמעלעך געגאנגען צו דער טיר.

## אכטער קאפיטל.

טאָג און נאכט האָט דער רודערמאן פריסלאנדער גע־טראָגן ביי זיך דעם שלימזלדיקן בריוו, וועלכן ער האָט דער־האלטן אין יאַמאיקא.

ער האָט זיך כסדר געמוזט איבערצייגן, אויב אלץ איז באמת געשטאנען שווארץ אויף ווייס געשריבן, אָדער ער האָט די אלע מיאוסע זאכן געזען בלויז אין א בייזן חלום.

ער האָט געקאָנט איר בריוו אויף אויסווייניק.

— ליבער מאן: לאנג האָסטו פון מיר גאָרנישט גע־הערט — און איצט, אז איך שרייב דיר שוין, מוז איך דיר אָנמאכן זאָרגן און דאגות, און פאָרט קאָן אנדערש נישט זיין. ווייל סוף כל סוף איז נאָך א סך ערגער, אויב איך פארבאָרג עס פון דיר. ליבער פריסלאנדער, ס׳מוז ארויס — איך האָב נישט מער קיין רואיקע שעה און שעם מיך פאר גאָט פאר דיר און פאר מיר אליין — — — אן אנדער מאן איז אין מיינע געדאנקען — און דו ביסט ווייט פון מיר, נישט נאָר צעשיידט דורכן ים. איז דאָס נישט שרעקלעך? איך האָב עס מיר אליין נישט געוואָלט מודה זיין — כ׳האָב אזוי מורא געהאט פאר זיך אליין. ווי אזוי איז דאָס געשען מיט מיר — איך ווייס נישט. איבער דער נאכט קומט די קראנקייט, און מען קאָן זיך נישט דערקלערן, פון וואנען זי קומט. וואָס נוצט עס, וואָס איך זאָג מיר כסדר, אז איך זינדיק, טו שלעכטס — צי וועט עס דורך דעם אנדערש ווערן? ניין, פריסלאנדער,

עס וועט נישט ווערן אנדערש, ווייל איך האָב שוין אלץ געפּרוווט. איך האָב מיך געפּרעגט, ווי איז דאָס מעגלעך, בשעת איך האָב קיינמאָל נישט געהערט פון דיר קיין בייז וואָרט — און א קינד פון דיר געהאט. איצט, בעת איך שרייב דעם בריוו, איז צווישן מיר און דעם דאָזיקן מאן נאָך גאָרנישט געווען. און אפשר וועל איך אים שוין מער נישט זען פאר מיינע אויגן, הגם מיר גלויבט זיך עס נישט. עס איז דאָך אָבער אמת, אז איך בין ווייט פון דיר און בענק נאָך דעם אנדערן. און דאָס מוזטו וויסן, פריסלאנדער, און מיר שרייבן, וואָס וועט איצט זיין. אויב דו ווילסט, גיי איך מיטן קינד אוועק פון דער היים, נאָך איידער דו קערסט דיך צוריק. איך וועל מיר שוין ווי עס איז אן עצה געבן. און איך וויל אויך נישט פאלן דיר לענגער צו לאסט. איך קאָן אָבער אויך ווארטן, ביז דו וועסט קומען צו פאָרן. עס איז דיין רעכט צו פאָדערן פון מיר א דין וחשבון.

דאָס קינד איז געזונט, און איך גריס דיך. שרייב אלזאָ א וואָרט — — קאטארינע פריסלאנדער.

אז דער רודערמאן האָט איבערגעליינט דעם בריוו, האָט ער געוואוסט, אז עס איז א סוף מיט אים. עס איז שוין נישט געווען קיין מיטל צו פארנייען דעם ריס. אויס — לחלוטין אויס — ער האָט זי צו גוט געקאָנט.

פון דעמאָלט אָן האָט ער אויסגעפּירט זיין דינסט, ווי א לונאטיקער — אין הארצן האָט ער געטראָגן א וואונד, וואָס האָט אים לאנגזאם אויסגעמאטערט — און צעפּרעסן אויף טויט.

אלעמען האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן זיין פארענדערונג, הגם ער איז פון דער נאטור געווען אַ פארשלאָסענער און א שווייגנדיקער. קיינער האָט אים אָבער נישט געפרעגט. ער האָט אזוי לייכט געקאָנט ארייַנפאלן אין כעס, און ס׳איז געווען געפערלעך צו האָבן מיט אים צו טון.

אין בריוו זענען געשטאנען א פּאָר ווערטער, אין וועל-

כע ער האָט זיך געקלאַמערט—איינגעביסן זיך אין זיי: ס'איז דיין רעכט צו פאָדערן פון מיר א דין וחשבון.

און נאָכאַמאָל או! נאָכאַמאָל האָט ער נעלעזן דעם זאץ. און דעמאָלט האָט אים נאָר איין געדאנק באהערשט-דער מענטש, וואָס האָט זי ביי אים צוגענומען, מוז אָפגערוימט ווערן פון וועג. אויב כ'איז נאָך איבערהויפּט געווען א וועג—זי ווידערצוקריגן איז עס געווען, דער און נישט קיין אנדע־רער. דאָס איז פאר אים געווען אזוי ריכטיק ווי די עוואנ־געליע.

זי זאָל אים אלזאָ אָפּגעבן אַ דין וחשבון—אָדער—ניין, ער האָט עס נישט געוואָלט דערטראכטן ביזן סוף. גאָט זאָל אים דערפון אָפּהיטן.

און איינמאָל מיטאָג-צייט האָט ער געפרעגט דעם קאַ־פּיטאַן אין א שמועס, צי וואָלט נישט מעגלעך געווען, אז ער זאָל אים דערלויבן—פריער אהיימפאָרן. די זאך איז זייער א דרינגענדע—ער פארזיכערט עס אויף זיין ערע און געוויסן.

דער קאפּיטאַן איז געווען אין א גרויס פארלעגנהייט.

דער צווייטער רודערמאַן וועט אים פארטרעטן. ער וואָלט איצט נישט געקענט ערב זיין פאר זיך. עס איז געשען עפּעס, וועגן וואָס ער קאָן נישט רעדן. ער האָט נאָר געוואָלט זאָגן אזוי פיל, אז זיין גאנץ לעבן שטייט אויפן קאָן. און צי וואָלט מען נישט געקאָנט טעלעגראַפירן צום גענעראל-דירעקטאר אין האמבורג—ער איז דאָך אויך נאָר א מענטש—און וועט אוודאי נעמען אין אכט—און צי ער, דער קאפּיטאַן, וואָלט אונטער־געשטיצט זיין ביטע ביים גענעראַל-דירעקטאָר.

דער קאפּיטאַן האָט זיך געלאָזט די נאכט אויף ישוב־הדעת.

מאטראָזן זענען שווערע מענטשן, עס קומט זיי נישט אזוי לייכט אָן ווי אנדערע צו זאָגן יאָ, אָדער ניין. אויפן אנדערן טאָג האָט ער געענטפערט, אז ער האָט טעלעגראַפירט קיין האמבורג.—מ'מוז אלזאָ אָפּווארטן.

ער האָט אָבער מיט גאָר נישט געלאָזט דערקענען, אויף

וואָס פאר אן אופן ער האָט אונטערגעשטיצט זיין בישע.

און דער גענעראל-דירעקטאָר האָט צוריק דעפעשירט, אז ער איז מסכים, אז פריסלאנדער זאָל אָפּפאָרן מיטן נאָנטסטן פראכטדאמפער און דער צווייטער רודערמאן זאָל אים פאר-טרעטן אין זיין דינסט.

אויף אזא אופן איז ער צוריקגעקומען מיט אייניקע חדשים פריער. ער האָט זי אומגעריכטערהייט איבערראשט און אומאויפהערלעך אָנגעהויבן צו מאטערן מיט איין און דער זעלבער פראגע:

ווער איז ער—און וואו קאָן מען אים געפונען?

און איטלעכס מאָל האָט זי געשאָקלט מיטן קאָפּ און געזאָגט:

און ווען דו זאָלסט שניידן פאסן פון מיר—וועל איך דיר נישט ענטפערן...

אזוי האָבן זיי געלעבט צווישן זיך אין אייביקער אומרו און איןביידן איז געוואקסן א שנאה, וועלכע האָט אומאויפ-הערלעך געזוכט נייע נארונג און זיך נישט געקאָנט באפרידיקן. זי פלעגט אויסמיידן זיינע בליקן, וועלכע זי האָט כסדר גע-פילט אויף זיך, און וועלכע האָבן זי פארפאָלגט אויף טריט און שריט. זי האָט געבענקט נאָך רעלנאָוון און איז זיך פאָר-געקומען ווי א געפאנגענע חיה, וואָס ווארפט זיך אומזיניק אויף די קראטעם פון איר תפיסה, און קוקט מיט שטארע אויגן אויף דעם וועכטער, אָנמעכטיק פאר כעס און פארביטערונג.

גאנצע נעכט זענען זיי געלעגן איינער נעבן אנדערן, נישט קענענדיק צוטון קיין אויג, און דער רודערמאן האָט געטראכט און געטראכט, ווי אזוי ער זאָל ביי איר ארויסרייסן איר סוד.

ער האָט געפילט, ווי זי האָט געצאפלט אין זיינע הענט, און ווי אין אים האָט זיך געשטארקט דער באגער, צו ווארפן זיך אויף איר און ווערגן ביי דער קעל.

ער איז געווען א צעבראָכענער מענטש, וואָס וואָלט

ערשט דעמאָלט געקאָנט קומען צו זיך, אויב ער וואָלט אויף א וואָסער ס׳איז אופן אלץ ערליידיקט דעם ענין.

איינמאָל איז ער אויפגעשטאנען אין מיטן דער נאכט, האָט ארויסגענומען דאָס שרייענדיקע קינד פון די קישנס און האָט עס באטראכט מיט שנאה. און דערנענטערנדיק זיך צו איר בעט, האָט ער געזאָגט מיט א פארשטיקטער שטים, אין וועל־כער עס האָט געקלינגען א שניידנדיקער ווייטאָק:

— סוף כל סוף איז דאָס אויך מסתמא אן איי פון א קוקו. וואָס דו האָסט מיר ארייגעלייגט אין נעסט, דו אומ־שולדיקע טויב! ווער קאָן מיר דען באווייזן, אז דאָס איז מיין פלייש און בלוט! אפשר ביסטו שוין דעמאָלט געשלאָפן מיט דיין ליבהאָבער...

און דערביי האָט ער אזוי פעסט אָנגעכאפּט דאָס קינד, אז עס האָט אָנגעהויבן יאָמערלעך צו שרייען.

זי איז אויפגעשפּרונגען פון איר געלעגער, האָט אים ארויסגעריסן מיט פינקלענדיקע אויגן דאָס קליינע באשעפע־נישל און איינגענומען עס מיט זיסע רייד.

דערנאָך האָט זי זיך ווידער געלייגט אין בעט אריין און איבערגעצויגן די דעק איבערן קאָפּ.

אך, ווי זי האָט געציטערט פאר קעלט — אזוי ווי איר קערפּער וואָלט אינגאנצן נישט געהאט קיין בלוט. און ווי אייזקאלט זענען געווען אירע פיס.

ווידער זענען זיי א לאנגע צייט געלעגן שטיל איינס נעבן אנדערן.

און איצט האָט זי געוואוסט מיט א זיכערקייט, פאר וועלכער זי האָט זיך אליין דערשראָקן, אז ער טראכט נישט וועגן עפּעס אנדערש נאָר וועגן טויט פון אנדרעאס רעלנאָוו.

זי האָט מורא געהאט איינצושלאָפן, ווייל ער האָט אויך געלויערט אויף אירע חלומות און שטילערהייט געהאָפט, אז אין שלאָף קאָן זיך ביי איר אמאָל ארויסרייסן זיין נאָמען. איצט איז ער צוגעקראָכן צו איר, איבערגעבויגן זיך איבער איר און אָנגעכאפּט אירעביידע הענט.

נישט קוקנדיק אויף דער טיפער פינסטערניש האָט זי געזען זיין פארקרומט פנים.

הייסע אנגסטן האָבן זי באגאָסן.

— וועגן וואָס קלערסטו? האָט ער הייזעריק געפרעגט.

זי האָט באמיט עטוואָס אויסצוגלייכן זיך, אָבער דאָס איז איר נישט געלונגען. זיינע הענט זענען געווען ווי אייזערנע צוואנגען.

— איך טראכט, אז באלד וועט נעמען צו אלעם א סוף. גאָט וועט מיך נעמען צו זיך, און דו וועסט געפונען דיין רו.

אין דער שטילקייט פון דער נאכט האָט ער זיך הויך צעלאכט.

— זאָלסט דיר נאָר נישט איינבילדן אזעלכע נארישקייטן. כ'מוז דיך ארויספירן פון טעות.

דערנאָך האָט ער איבערגעהאקט די רייד, האָט ווידער אָנגעצונדן א ליכט און לאנגזאם געזאָגט:

— איידער איך וועל נישט צורעכט מאכן דעם דאָזיקן הונט, וועל איך נישט האָבן קיין רואיקע שעה.

ער האָט געזען, ווי איר פנים איז פינסטער געוואָרן, ווי איר ברוסט האָט געארבעט, און ווי זי, געפייניקט ביז צו דער לעצטער, מדרגה האָט אויף א רגע אלץ פארגעסן און, נישט קוקנדיק אויף איר טיפער אויסגעמאטערטקייט, האָט זי געמאכט דעם פרווו צוווארפן זיך אויף אים.

ער האָט דאָס אלץ געזען און גיריק געווארט דערויף.

אָבער זי האָט א פארמאטערטע ווידער אראָפּגעלאָזן דעם מידן קאָפּ און פארמאכט די אויגן.

צי האָט דאָס גורם געווען ער זאָל ענדגילטיק פארלירן דעם מענטשלעכן שכל?

ער האָט גלוצלינג אראָפּגעשליידערט אלע קישנס פון בעט, אזוי, אז זי איז געבליבן נאקעט און ציטערנדיק פאר קעלט מיט איר דאַרעמען, אָפּגעצערטן קערפּער

— ענטפערן — די מינוט זאָלסטו מיר ענטפערן! — האָט ער אויסער זיך געשריגן.

זי איז ארויסגעשפרונגען פון בעט און ווייל ער האָט זי חושד געווען, אז זי וויל זיך ארויסווארפן פון פענסטער, האָט ער זיך אנידערגעשטעלט פאר די פארשלאָסענע לאָדנס.

— ניין, מיין טייערסטע, דערפון וועט גאָרנישט ווערן, — האָט ער געזאָגט און געמאכט מיטן ווייז־פינגער אן אָפּווערנדיקע באוועגונג דורך דער לופט.

זי האָט אָבער דערפון נישט געקלערט, נאָר זי האָט ארויפגעוואָרפן אויף זיך א שלאָפראָק און זיך געזעצט א באַר־פעסע ביים טיש.

— טו אָן די זאָקן, — האָט ער באפוילן.

— דאָס איז איבריק, — האָט זי געענטפערט, און איר געזיכט האָט אָנגענומען א האָפנונגסלאָזן אויסדרוק. הער מיך אויס א ווײַלע; פּרוביר! וואָס גייט, דיך אָן דער פרעמדער מענטש? איך בין עס דאָך, וועלכע האָט דיר פארשאפן יסורים. דערהרגע מיך, און דו ביסט גערעכט. אין ביידע פאלן וועל איך מיך נישט ווערן. אָבער לאָז צורו דעם מענטשן. איך פארשטיי נישט, האָט זי געזאָגט, א פארצערטע פון צער און פארצווייפלונג, פארוואָס ווענדעסטו דיין גאנצן כעס און צאָרן קעגן אים! צי איז ער געווען דיין פריינט? ניין. איז ער אפשר געווען דיין ברודער? ניין! וואָס גייסטו אים אָן? איך, איך בין דאָך די איינציק שולדיקע — אויב מען קאָן איבער־הויפּט, — האָט זי ווייטער געזאָגט און געקוקט אים גלייך אין פּנים אריין, — רעדן וועגן שולד. איך בין דיין פרוי, וועלכער דו האָסט ארויסגעוויזן אזוי פיל גוטסקייט, — איך האָב דיר גע־בראכט דאָס קינד אויף דער וועלט, איך האָב באדארפט אין זינען האָבן דיין ערלעכן נאָמען און כ׳האָב עס נישט געטון. מאך אלזא פון מיר א תל, אָבער ווארף דיך נישט אין אומ־זיניקן צאָרן קעגן א דריטן. ווייל די דאָזיקע זאך גייט אָן נאָר מיך און דיך.

— האָסט שוין געענדיקט? האָט ער געפרעגט.

— יאָ, איך האָב געענדיקט.

— איך וויל דיר אלזאָ זאָגן מיין לעצט וואָרט: און

חען איך זאָל אפילו מוזן וואנדערן פון פּאָנטיוס ביז הילאט— איך וועל נישט רוען, ביז איך וועל אים האָבן געפונען און מאכן אים שטום מיט מיינע ביידע פויסטן. אזוי זאָל מיר גאָט ביישטיין, אמן.

— מענטש, מענטש! — האָט זי אויסגעשריגן און אויפגעהויבן די אָרעמס, אזוי ווי זי וואָלט אים געוואָלט דאָס לעצטע מאָל באשווערן. דערנאָך אָבער האָט איר געזיכט באקומען א מאָדנעם אויסדרוק.

זי האָט אראָפּגעלאָזט די אויפגעהויבענע אָרעמס און זיך אוועקגעדרייט פון אים.

איצט האָט זי געוואוסט, אז זי האָט שוין נישט מער איבער אים קיין שליטה, און אז קיין שום קראפט וועט אים נישט קענען צווינגען אָפּצוזאָגן זיך פון זיין אָנגענומענעם באשלוס.

— לאָמיר גיין שלאָפן — האָט ער אויסגעבראָכן.

זי האָט געהאָרכט, נישט זאָגנדיק קיין וואָרט.

זי האָט געזען, ווי ער האָט פאנאנדערגעלאָזט אין א גלאָז עטלעכע ווייסע פאסטילקעס און מיט איין שלינג אויסגעטרונקען דאָס וואסער.

א קנאפע פערטל שעה איז פארביי און זי האָט דערהערט, ווי ער עטעמט רעגלמעסיק. זי האָט דערפון ארויסגעדרונגען, אז ער איז איינגעשלאָפן.

זי האָט נאָך אָפּגעווארט א לענגערע צייט, דערנאָך האָט זי אָנגעצונדן א ליכט און באלויכטן זיין געזיכט, אויף וועלכן זאָרג און ליידן האָבן אויסגעקריצט טיפע שפורן.

זי האָט נישט געפילט צו אים דעם מינדעסטן שפור פון רחמנות. נאָר איין איינציקער געדאנק האָט זי איבערגעפילט: דער מענטש לאָקערט אויף אנדרעאס רעלנאָוו, ווי א בלוט-הונט — ט נאָר ט ... וועגן מאָרד און רציחה.

און זי האָט אים באטראכט מיט גרענעצלאָזן האס. אפילו אויף איין רגע האָט זי נישט געטראכט וועגן דעם, אז ער קאָן זיך אויפכאפן דורכן דאָזיקן כסדרדיקן קוקן.

זי האָט געוואָלט איינקריצן אין איר זכרון יעדע ליניע פון זיין געזיכט.

אָן רחמנות האָט זי אויף אים געקוקט, און קיין איין וואָרט האָט זי נישט געוואָלט פארגעסן פון דעם, וואָס ער האָט איר געזאָגט די נאכט.

זי האָט אויסגעלאָשן דאָס ליכט און איז ווידער אריין אין בעט. איצט איז געשען עפּעס אנדערש, ווי זי האָט געטראכט שטילערהייט. ווייל בשעת זי איז דעמאָלט אהיימגעגאנגען מיט אים פון דאָקטאָר, איז זי געווען אנטשלאָסן אוועקצוגיין פון דער וועלט און מאכן א סוף צו אלץ.

איצט איז איר קלאָר געוואָרן, אז דאָס איז ערשט א האלבע ארבעט, ווייל דער, וואָס איז נעבן איר געלעגן, איז אויך געווען גרייט צום טויט ווי זי.

זי האָט אויפגעציטערט און איז ארונטערגעקראָכן אונטער דער קאָלדרע. איר געזיכט האָט באקומען דעם אויסדרוק פון אן אומפארמיידלעכן אנטשלוס און פחד...

אז פריסלאנדער האָט זיך פארטאָג אויפגעכאפּט, איז זי נאָך געלעגן פארזינקען אין א בלייענעם שלאָף — בלאס, פארפרוירן — די ליפּן זענען געווען בלוי און זענען געווען פעסט און ווידערשפּעניק צוזאמענגעדריקט, דוכט זיך ווי איין איינציקע ליניע.

דער רודערמאן איז געשטאנען נעבן איר בעט. ער האָט נישט געקענט אָפּרייסן פון איר זיין בליק.

— פארוואָס האָסטו מיר דאָס אָנגעטון? — האָט ער אָן אויפהער געמורמלט.

און דאָך האָט ער געפילט צו איר אן אומבאשרייבלעכן רחמנות. פון גאנצן הארצן וואָלט ער געגלעט אירע מאָגערע אָרעמס, איר דינעם ווייסן האלז און געקושט איר שמערצלעך פארצויגענע ליפּן.

אָבער ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און שטיל פאר זיך געשעפּטשעט:

„נאָך אלעמען" — „נאָך אלעמען" —

פאמעלעך האָט ער זיך אָנגעטון.

ער האָט געזען אין שפּיגל זיין געשטאַלט און האָט זיך דערשראָקן. זיין פּנים, זיין האַלז און זיין ברוסט זענען געווען פאַרברוינט פון שטורעם און וועטער. די הויט איז געווען שטייף אָנגעצויגן אויפן קערפּער. ער איז געווען אינגאַנצן פון אָדערן און מוסקולן. זיין געזיכט האָט זיך אים אויסגעזען איינגעפאַלן און די אויגן זענען געלעגן טיף אין די לעכער.

— ווען איך קריג אים אין מיינע הענט, איז א סוף מיט אים. נישט גאָט און נישט דער טייוול וועלן אים שוין דעמאָלט נישט העלפן. — ווי קען ער אויסזען? — האָט ער זיך געבראָכן דעם קאָפּ — — יענער, צוליב וועמען זי האָט מיך צעבראָכן אויף שטיקער? — און פּריסלאַנדער האָט דייטלעך געפילט, אז ער איז באמת צעבראָכן אויף קליינע שערבעלעך, וועלכע מען וואָלט באדאַרפט אַרויסוואַרפן אין מיסטקאַסטן.

נישט ווילנדיק האָט ער א שטויס געגעבן מיטן פוס דעם קופער, וואָס איז געשטאַנען ביים וואַשטיש, און געטריבן דורך עפּעס אַן אינסטינקט — אָן א באַזונדער כוונה האָט ער אים אויפגעעפנט. ער איז געווען ביז צום ברעג אָנגעפילט מיט קליידער און וועש. א שטיק נאָך א שטיק האָט ער אַרויסגעוואָרפן אויפן דיל. אפשר איז אויפן דעק געלעגן א בינטל בריוו, וואָס וועלן אים עטוואָס אויפקלערן. אפשר —

וואָס איז דאָס אזוינס?...

ער האָט זיך אָנגעשטויסן אויף א האַרטע זאַך.

מיט א האַסטיקער באַוועגונג האָט ער אַרויסגעוואָרפן די לעצטע קליידער — און אָט — ער האָט נישט געטרויט זיינע אייגענע אויגן — איז פאַר אים געלעגן א פידל-קאַסטן, איבערגעצויגן מיט א לעדערנעם פוטעראַל. און אויפן לעדער זענען געווען אויסגעצייכנט צוויי גרויסע שוואַרצע בוכשטאַבן: „א. ר.“

ער האָט שנעל ווי א בליץ אַרויסגעכאַפּט דעם קאַסטן פון קופער און אים צוגעפּרעסט צו זיך מיט א געפיל פון אכזריותדיקער פרייד. צום ערשטן מאָל נאָך פיל, פיל וואָכן

האָט זיין געזיכט אויף א ווײלע אויפגעלויכטן. די צוויי בוכ-
שטאבן האָבן געווירקט אויף אים ווי א פארכישופטער שפרוך.

— דאָס איז דער ערשטער שפור, — האָט ער געטראכט
און געוואלטיק אָנגעשטרענגט זיין מוח, ווי אזוי זאָל ער ווײ-
טער גיין אויף דעם שפור.

„א. ר.“, האָט ער געפליסטערט.

פון איצט איז אין ביידע אותיות געלעגן דער אינהאלט
פון זיין לעבן.

פלוצלינג האָט זי זיך אויפגעכאפט מיט א טונקעלן גע-
פיל פון מורא.

ווי זי האָט נאָר דערזען דעם פידל-קאסטן אין זיינע
הענט, האָט זי אויפגעצאפלט שטיל און אָן לשון ווי א גע-
טראָפענע חיה.

ער האָט זיך געקוויקט מיט איר שרעק.

— אזוי — האָט ער געזאָגט און זיין פנים האָט אויפ-
געלויכטן מיט א טייוולשער פרייד, — ווי הייסט דיין אוצר?
מיר וועלן באלד געוואויר ווערן לויט די איניציאלן.

און נישט אראָפּלאָזנדיק פון איר אויף א ווײלע דעם
בליק, האָט ער ווייטער גערעדט:

— אפשר אנטאָן?

— ער האָט געוואַרט א ווײלע.

— אָדער אלעקס, אָדער ארטור? אפשר אמאָל אדאָלף?
נאָך נישט געטראָפן? וואָס פאר א פארשאָלטענע נעמען זענען
נאָך פאראן, וואָס הויבן זיך אָן מיט דעם אות? אפשר הייסט
דער הונט אלבערט אדער אדאם, אָדער איז דאָס אפשר דער
שיינער אלפרעד? עפן אויף דאָס מויל, אז נישט צערייס איך
דיך אויף שטיקלעך.

זי האָט נאָר געקוקט אויפן פידל-שייד און דאָס הארץ
האָט איר פארקלעמט.

קיין איין רגע האָט זי נישט געטראכט וועגן דעם,
אז ער זאָל איר עפּעס קענען טון, אָבער מיטן פידל האָט
עפעס געקע[illegible]ען

פאר דעם האָט זי מורא געהאט..

ער האָט אראָפּגענומען פון הענגער דאָס היטל און איז שנעל ארויסגעגאנגען פון צימער, די פידל אונטערן אָרעם.

— וואָס זאָל ער איצט טון? האָט ער זיך געפרעגט, בשעת ער איז געווען אויף דער גאס.

ער איז צוגעגאנגען גלייך צו א פּאָליציאַנט.

— איר וועט נעמען אפשר א ציגאר, סיר? ביטע — סתם אזוי, ס'איז מיר א כבוד. כ'האָב אייך געוואָלט אן עצה פרעגן, סיר. כ'האָב געפונען דעם שפּור פון א הונדוואט, וועלכער האָט מיך באשווינדלט. באשווינדלט איז אפילו נישט דאָס ריכטיקע וואָרט — ס'גייט אָבער איצט נישט אין דעם. צי קענט איר מיר געבן א גוטע עצה, טייערער שכן? דער לומפּ שפּילט פידל, א כלי-זמר — ראשי תיבות א. ר. זעט — דאָ — ער האָט געוויזן אויפן קאסטן. — ווי אזוי זאָל איך אים פּאקן? כ'גיב אן ענגלישן פונט, אויב איר וועט מיר העלפן דערין. אנטשולדיקט, כ'מיין צוואנציק מארק מזומנים אין דייטשן געלט.

— איר האָט ווייזט אויס שוין געמאכט היינט א כוסה? — האָט גוטמוטיק געזאָגט דער פּאָליציאַנט.

— גאָט אין הימל ווייס, אז דאָס איז אמת, האָט פריסלאנדער נישט טראכטנדיק געענטפערט. וואָס זאָל איך אלזאָ טון? האָט ער דערנאָך צוגעגעבן.

— ווייסט איר וואָס — גייט אהין אויף דער מוזיקער-בערזע אויף אלעקסאנדער-שטראסע. דאָס וועט זיין דאָס גלייכסטע; וואָס איר קענט טון.

ער האָט אים געננוי געוויזן דעם וועג.

אויף דער מוזיקער-בערזע האָט מען פריסלאנדערן אויסגעלאכט. די הערן האָבן דערקלערט, אז פון די איניציאלן קאָן מען נאָך גאָרנישט ארויסדרינגען. פון וואנען האָט ער דען איבערהויפּט געוואוסט, אז די פידל, וועלכע איז אין תוך גענומען א גוטער אינסטרומענט, געהערט צו א פּראָפעסיאָנעלן מוזיקער.

דער דאָזיקער געדאנק האָט אים אויף א רגע דער-

שראָקן. דערנאָך האָט ער אָבער געענטפערט: ער האָט דערין גאָר קיין שום ספק נישט.

א יונגער מענטש האָט באקומען אויף אים רחמנות, זע־ענדיק זיין טרויעריק פּנים.

— וועדנעט אייך נאָך אין מוזיקער־פארבאנד,—האָט ער גע־זאָגט—דאָרט וועט איר גיכער ווי אנדערשוואו עפּעס געוואוויר ווערן.

און פריסלאנדער איז באלד אוועק אין ביוראָ פון פאר־באנד, אָבער אויך דאָרטן איז ער גאָרנישט געוואויער געוואָרן. ער האָט געפילט, ווי די מענטשן האָבן אים אָנגעקוקט מיט חשד, אזוי ווי ער וואָלט נישט געוועזן איינגאנצן ביים זינען. ער האָט זיך בייז צעלאכט.

איינמאָל האָט ער שוין געוואָלט ארויסנעמען די פידל פון שייד און צעקלאפּן זי אויף דער גאס.

דעם לעצטן פּרווו האָט ער נאָך געמאכט אין דער קרימינאל־אָפּטיילונג פון קעניגלעכן פּאָליציי־פּרעזידיום. דער באאמטער האָט אים אָפּגעמאָסטן מיט א בליק פון אויבן אראָפּ, ווי א רעקרוט. יאָ, אינמיטן פון געשפּרעך האָט ער אים שארף אָנגעקוקט. אויף וואָס פאר אן אופן ער איז גע־קומען צו דער פידל — האָט ער דווקא געוואָלט וויסן.

דער רודערמאן האָט געענטפערט, אז דאָס איז א פּריי־וואטער ענין.

מיט פּריוואטע ענינים קאָן זיך די פּרייסישע מלוכה נישט פארנעמען. ער מוז האָבן קלאָרע ידיעות, איידער ער וועט אָננעמען, וועלכע עס איז שריט.

אין א שלעכטער שטימונג איז פריסלאנדער צוריק אהיימ־געגאנגען. ער האָט געפילט, ווי ער האָט פארלוירן אונטער זיך דעם באָדן.

באָטש נעם און קלאפּ זיך קאָפּ אָן וואנט.

הארט נעבן זיין הויז־טיר האָט ער דערזען א יונגנמאן, זיין נישט־אויסגעשלאָפן פּנים האָט זיך אים געוואָרפן אין אויגן.

זייערע בליקן האָבן זיך געטראָפן.

א קורצע ווײַלע האָט זיך אים אויסגעוויזן: דאָס איז דער און נישט קיין אנדערער.

אז ער האָט אָבער פון דער נאָענט באַטראַכט די אָפּגע־לעבטע, גראָבע אויסזען פון זײַן פּנים, איז דער חשד זײַנער פאַרשוואונדן.

דער יונגערמאַן האָט זיך פּאָרזיכטיק דערנענטערט צו אים. פריסלאַנדער האָט אים אָפּגעמאָסטן מיט א קאַלטן בליק. דער מענטש איז צו צו אים. א ווײַלע האָבן זיי זיך שטום אָנ־געקוקט.

— וואָס ווילט איר פון מיר?—האָט ער אים געפרעגט.

דער אומבאַקאַנטער האָט געקווײַנקלט. ענדלעך האָט ער געזאָגט:

— איר זענט דער רודערמאַן פריסלאַנדער?

— איך בין עס!

— מײַן נאָמען איז וויליאַם — קורק וויליאַם, דער טאַנגאַ־טענצער פון עקסצעלזיאָר־באַר. איצט ווייסט איר שוין, אין וואָס עס האַנדלט זיך?

— ניין—האָט פריסלאַנדער געענטפערט, איך ווייס גאָרנישט.

— אויב אַזוי איז נישטאָ וואָס צו ריידן.

דער יונגער מענטש האָט געוואָלט אוועק, אבער דער רודערמאַן האָט אים פעסט אָנגעכאַפּט פאַרן אָרבל.

— איר בלייבט דאָ—האָט ער קאָמאַנדירט.—וואָס מאַכט איר מיך צום נאַרן?

— ס׳איז נישטאָ וואָס צו ריידן,—האָט יענער געענט־פערט.—איך האָב געמיינט, אז איך קען זיך בײַ אײַך וועגן עפּעס דערוויסן.

— וועמען זוכט איר? האָט פריסלאַנדער געפרעגט אוי־דאָס בלוט האָט אין אים אָנגעהויבן צו קאָכן.

— דעם זעלבן, וואָס איר.

דער רודערמאַן האָט אויסגעגלאָצט אויף אים די אויגן.

דער טאַנגאַ־טענצער האָט פאַרקרימט זײַן פּנים און הייטער גערעדט:

— דער לומפ נארט אונז ביידן אָפּ? ביי מיר האָט ער אָפּגעשלאָגן מיין געליבטע, און מיט אייער פרוי שלעפט ער זיך ארום. א שיינער פויגל!

— צום טייוול! — האָט פריסלאנדער געענטפערט, און נישט אָפּגעבנדיק זיך ווייטער מיט דער געשיכטע, האָט ער שטיל געפרעגט:

— ווי הייסט ער? וואו וואוינט ער?

— וועגן דעם טאקע בין איך צו אייך געקומען.

דער רודערמאן האָט שיר נישט אויפגעשריגן פאר כעס.

— אייער אדרעס, מיין הער? אויב איך וועל עפעס געוואר ווערן, וועל איך אייך צו וויסן געבן. מאָלצייט!

און פריסלאנדער האָט צוגעלייגט די האנט צום היטל גרי־סנדיק און האָט זיך אויסגעדרייט.

— אויף איין רגע׳לע נאָך, מיין הער. דאָ איז פאראן אן אלטע רייפורקע, וועלכע וויים אפשר עפעס. איך קאָן פון איר גאָרנישט ארויסבאקומען, זי האָט מיר נאָר אויסגעזאָגט אייער נאָמען און אייער געשיכטע. אפשר וועט איר האָבן מער גליק. זי וואוינט ביי ליזא לערדא, מאָצשטראסע 43. כ׳האָב דעם כבוד, מיין הער.

— גוט,—האָט פריסלאנדער געענטפערט. און מיט אן אומגעשיקטער האנט האָט ער פארצייכנט: ליזא לערדא, מאָצ־שטראסע 43. מיר זענען מיט א שריט ווייטער

— דער בחור איז אלזאָ געווען א פידלער ! האָט ער געפרעגט, ארייננקומענדיק אין דער וואוינונג.

זי האָט שווייגנדיק געוויזן אויף א דעפעשע, וועלכע איז צו אים אָנגעקומען.

ער האָט אוועקגעלייגט דעם קאסטן מיטן פידל און גע־וואוינן די דעפעשע אין זיינע הענט, אזוי ווי זי וואָלט אים געבראכט עפעס אזוינס, וואָס זיין שווערער גורל האָט פאר אים אָנגעשריבן און באשערט.

— א פידלער איז ער, — האָט ער נאָך אמאָל געזאָגט. דערנאָך האָט ער שנעל אויפגעריסן די דעפעשע.

זי איז געווען פון דער האמבורג-אמעריקע-ליניע און אין איר איז געשטאנען קורץ און שארף:

— אומבאדינגט קומען נאָך האמבורג. ביין אזייגער פרי זיין אין ביוראָ. גענעראל-דירעקציע.

ער האָט זיך דערמאָנט, אז ער האָט זיך צומאָל נישט געמאָלדן אין ביוראָ. ער האָט אפילו נישט אָפּגענומען זיין לעצטע פּענסיע. דעם קאפּיטאן האָט ער געזאָגט, אז עס גייט אויף לעבן און טויט; מיטן נאָנטסטן צוג מוז ער אָפּפאָרן קיין בערלין.

וואָס איז אים נאָך אָנגעגאנגען די האמבורג-אמעריקע-ליניע!

ער האָט נאָכאמאָל איבערגעלייענט די דעפּעשע; ער האָט זי געלייענט אות באות.

זאָל ער פאָרן!?

ווייסט זי, וואס אין איר שטייט?

פול מיט חשד האָט ער זי אָנגעקוקט. ער האָט געוואָלט אריינדרינגען ביז אין דער טיפעניש פון איר נשמה...

אויב ער זאָל נישט פאָרן, וועט ער אויסגעמעקט ווערן פון דער ליסטע, אין האמבורג וועט מען נישט מאכן קיין שפּאס, דאָס איז זיכער, און דער גענעראל-דירעקטאָר האָט אים געהאָלפן אין זיין נויט, האָט אים אויף זיין ביטע געגעבן די מעגלעכקייט פריער אהיים צו פארן; עס איז נישט געבליבן עפּעס אנדערש, צי ער וויל, צי ער וויל נישט — פארן מוז ער. אָפּפאָרן דריי אזייגער, אין אָוונט טרינקען אין סען פאולי גראָג מיט זיינע חברים, אויף א פּאָר שעה פארגעסן אלע זאָרגן, צו מאָרגנס אָפּפטרן אלע געשעפטן און נאָכמיטאָג זיין ווידער אין בערלין.

— גאָדדאם, ס׳גייט נישט אנדערש,—האָט ער געמורמלט.

ער האָט אריינגערוקט די דעפּעשע אין זיין הויזן-קעשענע און ארויסגעצויגן א נאָטיץ-ביכל.

— דאָ שטייט אלץ, — האָט ער געזאָגט און זיינע אויגן האָבן אויפגעבליצט.

ער האָט געקוקט אויף איר מיט אן עקשנותדיקן און דורכדרינגנדיקן בליק און צוגעגעבן מיט א שפּלותנדיקן שמייכל:

— אויב די רעדסט דיך איַין, אז נאָר דו איינע ביסט מיט דעם פויגל געלעגן אין בעט, האָסטו א גראָבן טעות. ליזא לערדאָ, מאָצשטראסע 43,—האָט ער געלעזן און באטאָנט יעדן אות.—איצט האָבן מיר אים, אויסגעשלאָסן, אז ער זאָל זיך ארויסקריגן. גאָט זאָל זיך דערבאַרמען איבער אים.

זי איז געוואָרן טויטבלאס. הגם זי האָט זיך זיינע רמזים נישט פארשטאנען, האָט זי געהאט אַ פאָרגעפיל, אז עס רוקט זיך אויף איר עפּעס פינסטערעס און שרעקלעכעס.

— דו ביזט ביי אים געווען נאָר א צוגאָב,—האָט ער ארויסגעזייט פון צווישן די ציין,—עפּעס אזוינס ווי א נעבן—פארגעניגן; פארשטאנען, מאַדאַם?

ער האָט זי אָנגעכאפּט פאַר דער האנט.

— און מיט אזעלכן האָסטו דיך ארײנגעלאָזן. פּע, צו אלדי רוחות!

ער האָט אויסגעשפּיגן אייניקע מאָל, אזוי ווי ס'וואָלט אים נישט-גוט געוואָרן, אין מויל.

זי האָט זיך נישט גערירט.

— היינט נאָכמיטאג פאָר איך אָפּ קיין האמבורג,—האָט ער פּלוצלינג געזאָגט. ער האָט ארויסגעצויגן דעם זייגער.

— ביז מיין צוריקקער זאָלסטו מיר נישט ארויסגיין פון וואוינונג, הערסט?

זי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— זאָלסט מיר דייטלעך ענטפערן, האָט ער געשריגן,—אויב דו האָסט געהערט?

—יאָ,—האָט זי געענטפערט ציטערנדיק מיטן גאנצן קערפּער, און דאָס הארץ האָט איר שטארק געקלאפּט.

ער האָט איבערגעריסן, א לאנגע צייט זיך איבערגעלייגט, און זיין שטערן האָט זיך צוזאמענגעצויגן אין פיל קנייטשן.

— זאָג מיר נאָך: איך שווער.

— איך שווער.

— ביים לעבן פון מיין קינד.

— ביים לעבן פון מיין קינד.

— ביים לעבן פון מיין מוטער.

— ביים לעבן פון מיין מוטער.

— ביי אונזער האר און גואל.

— ביי אונזער האר און גואל.

— אז איך וועל נישט פארלאָזן דאָס דאָזיקע צימער פאר דיין צוריקקער.

— אז איך וועל נישט פארלאָזן דאָס דאָזיקע צימער פאר דיין צוריקקער.

— ווערסט האלטן די שבועה?

— יאָ, — האָט זי געענטפערט עטעמענדיק שווער און האָט אויסגעהאלטן זיין בליק.

— ווארט א ווײַלע.

ער איז אריין אין דער קיך.

— פרוי,—האָט ער געזאָגט—ווייל דאָס וואָרט „מוטער" האָט נישט געקאָנט מער קומען איבער זיינע ליפּן,—אין א פאָר שעה ארום פאָר איך אָפּ אויף א נאכט. אויב איינער פון אייך וועט כאָטש אויף א מינוט פארלאָזן די וואוינונג, כאַפּ איך די דאָזיקע האק און כ'וועל מאכן א סוף. זי האָט מיר געמוזט שווערן.

בשעת ער האָט גערעדט מיט דער מוטער, איז קאטא־רינע צוגעגאנגען צום פענסטער און צוגעפּרעסט איר שטערן צו דער שויב, און ווידער האָט דאָס לעבן אריינגעשטראָמט אין איר הארץ, א געוואלטיקע פרייד האָט זי באהערשט, גאָט איז געווען מיט איר,„ זאָל זיין, וואָס עס וועט זיין, זי וועט ברעכן די שבועה, זי וועט געפינען דעם וועג צו אנדרעאס רעלנאָוו, און ווען עס זאָל איר אויסקומען צו שפּרינגען אפילו דורכן פענסטער, וועט זי גיין צו אים.

דער רודערמאן האט איינגעפּאקט אין האנט־קופער זיין זונטאג־אנצוג.

— נישט נויטיק,– האָט ער זי אָפּגעשטויסן, בעת זי האָט איצט געוואָלט העלפן. איך דארף דיך נישט מער.

נאָכמיטאָג איז ער אוועקגעפאָרן. אין איין האנט האָט ער געהאלטן דעם קליינעם קופער, אין דער אנדערער דעם פידל-קאסטן.

א פערטל שעה שפּעטער איז זי געווען גרייט ארויס-צוגיין. זי האָט שוין געהאט בדעה צו פאַרלאָזן דאָס צימער, בעת די מוטער האָט זיך באוויזן אין דער טיר.

— יעזוס מאריא, וואָס טוסטו? האָט די אלטע פרוי אויסגעשריגן און די קני האָבן זיך איר געבויגן.

— מוטער, רעד נישט קיין וואָרט— — ער וויל— — ער וויל אים דערהרג'ענען. הערסט, ער וויל אים דערהרג'ע-נען מוטער!

די פרוי האָט זי אָנגעקוקט מיט אן אָפן מויל. א גרויל איז געלעגן אויף איר פנים.

— ווען וועסטו ווידער זיין? האָט זי געפרעגט.

— אין א שעה ארום, מוטער!

זי איז אראָפּגעלאָפן פון די טרעפּ און גענומען א דראָזשקע. קיין איין מינוט צייט האָט זי נישט געהאט צו פארלירן.

איין איינציקער געדאנק האָט אין איר געלעבט:

— איך וועל אים ווידערזען.—און פאר פרייד האָט זיך איר אויסגעמאגערט געזיכט אינגאנצן פאררויטלט. אלעליידן און יסורים פון די לעצטע טעג זענען פארגעסן געוואָרן. אין איר נשמה איז געווען יום-טוב.

זי האָט ארויפגעשיקט צו אים א קליין יונגל.

א פּאָר מינוט שפּעטער איז ער געווען אונטן.

— מאריעלע, זיס מאריעלע.–ער האָט צארט געגלעט איר האנט, קוים אָנרירענדיק זי.

— איך האָב דיר אזוי פיל צו דערציילן,—האָט זי גע-פליסטערט און האָט זיך מער נישט געקאָנט איינהאלטן. גרוי-סע טרערן האָבן גערינען איבער אירע באקן.

— וואָס איז געשען?—האָט ער געפרעגט טיף באזאָרגט.
זי האָט אים גענומען פאר דער האנט.
— ווארט א ווײַלע, ס׳איז שוין פארביי.
לאָמיר פארקירעווען: דאָרט איז א קאָנדיטאָריי, אין וועלכער מיר וועלן קענען זיצן נישט געשטערט.
זיי זענען געגאנגען, האלטנדיק זיך פאר די הענט.
הינטער זיי האָט זיך נאָכגעשלעפּט אן אלטע פרוי. זיי האָבן זי נישט באמערקט, ווייל זיי זענען באשעפטיקט נאָר מיט זיך.
— איך מוז צוריקקומען אין א שעה ארום, אז נישט וועט די מוטער אויסגיין פון שרעק. ער איז אָפּגעפאָרן אויף א נאכט-האָט זי צוגעגעבן.
אינמיטן גאס איז ער געבליבן שטיין.
— ווילסט מיר זאָלן היינט אָוונט פארברענגען צוזא-מען—איך בענק אזוי נאָך דיר.
— כ׳וויל,—האָט זי אנטשלאָסן געענטפערט.
און ווידער האָט זי געפילט, אז זיין נאָנט צו אים איז פאר איר א גליק, וואָס לאָזט זיך נישט ארויסזאָגן מיט ווערטער.
— גוט, איך וועל דיך קומען אָפּנעמען א זייגער האלב ניין.
— זיי זענען ווייטער געגאנגען, און אין דער זעלבער סעקונדע איז די אלטע פארשוואונדן.
דאָס צימער, אין וועלכן זיי זענען אריינגעקומען, איז געווען ענג און קליין, זיי זענען געווען די איינציקע געסט.
שטאמלענדיק האָט זי אנגעהויבן צו דערציילן. זי האָט אָבער מיט א וואָרט נישט דערמאנט וועגן אירע ליידן. זי האָט זיך אויך נישט געקלאָגט אויפן מאן. זי האָט פארגעסן אלע זיינע אכזריות׳ן, איר צאָרן און איר האס האָט זי טיף באגראָבן אין זיך.
רעלנאָוו האָט זיך אָנגעשטרענגט צוגעהערט צו אירע רייד.
— אזוי קאָן ווייטער נישט גיין, ס׳מוז נעמען א סוף דערמיט.

— איך מיין אויך אזוי; — האָט זי געענטפערט.

— איך האָב מיך ביז איצט אונטערגעגעבן דיין ווילן, — האָט ער ווייטער גערעדט — איצט מוזטו מיך לאָזן האנדלען.

זי האָט צוגעשטימט און דערביי געשמייכלט אויף א געהיימניספולן אופן.

— מאָרגן, זאָגסטו, קומט ער צוריק. אלזאָ איבערמאָרגן וועל איך מיך שטעלן פאר אים.

זי האָט לייכט אויפגעצאפלט. ער האָט עס געקאָנט אָננעמען אלס א צייכן פון איר אומרו.

— האָב נישט קיין מורא, געליבטע, געליבטע. ס'וועט גאָרנישט געשען. זיין צאָרן וועט אוועק מיטן רויך, באלד ווי איך וועל מיך שטעלן פאר אים. איך פארשטיי גאנץ גוט, אז ער וויל אלץ וויסן. ס'דריקט אים א פינסטערע אומזיכערקייט. איך וועל רעדן מיט אים גאנץ אָפן. און אויב ער וועט דיר ווייטער אָנטון יסורים, וועלן מיר ווייטער זען, וואָס מיר האָבן צו טון.

זי האָט אים אָנגעקוקט מיט באוואונדערונג. זי האָט נישט געקענט באגרייפן זיין זיכערקייט און רואיקייט. צי איז ער דען געווען בלינד און נישט געשפירט, אז עס גייט וועגן זיין לעבן? ניין, ס'איז שוין נישט געגאנגען מער וועגן זיין לעבן; דאָס האָבן געוואוסט גאָט און זי.

— ווער איז ליזא לערדא? האָט זי פלוצלינג א פרעג געטון און אַראָפּגעבויגן דערביי דעם קאָפּ

ער האָט געשוויגן איבערראשט.

— מוזט נישט ריידן וועגן דעם, אויב עס מאכט דיר עגמת-נפש — האָט זי געזאָגט הכנעהדיק.

— איך האָב קיין עגמת-נפש נישט, — האָט ער געענטפערט און דערביי געשמייכלט. — דאָס איז א פרוי, וועלכע טאנצט וואונדערשיין און מיט וועלכער עס פארבינדן מיך נאָר אייניקע קורצע שעהן.

— האָסטו זי ליב? האָט זי נישט דרייסט געפרעגט נאָך א ווײַלע.

— אָ, ניין...

— כ׳דאנק דיר.

— וועגן ליזא לערדא איז שוין מער קיין וואָרט נישט גערעדט געוואָרן צווישן זיי. באלד דערנאָך זענען זיי ארויס־געגאנגען.

— אלזא ארום האלב ניין, — האָט ע־ געזאָגט, זעגנענ־דיק זיך און געקושט איר די האנט.

— ארום האלב ניין — האָט זי איבערגעחזרט.

## נײַנטער קאַפּיטל.

אַז רעלנאָוו האָט זיך פון איר אָפּגעשיידט, האָט ער זיך טיף פארטראכט.

ווי פיל־פארביק זיין לעבן איז פלוצלינג געוואָרן!

לוציע טרענקוויץ, קאטארינא־מאריא פריסלאנדער, ליזא לערדא, וואו זענען געלעגן די וואָרצלען פון זיין לעבן, און וואו זענען געווען זיינע נויטווענדיקייטן; איטלעכע האָט אים געוואָלט, יעדע האָט געפאָדערט איר רעכט אויף אים, און מיט וואָס פאר אן אימפעט. דאָס, אפנים, איז געווען דער גרונט־אונטערשייד צווישן מאן און ווייב: די פרוי האָט געשטעלט אין קאָן איר גאנצע עקזיסטענץ אויפן מאן ביז צו דער לעצ־טער מאָנאָמאניע, און דער מאן, ווייניקסטנס דער דיפערענ־צירטער מאן האָט אין איר געפינען נישט מער ווי אַ ווערט צווישן אנדערע ווערטן, און אפשר אויך נישט דעם העכסטן ווערט. ער האָט זי גענומען אין איר בלי־צייט, האָט איינגע־זויגן אין זיך דעם זיסן ריח פון איר שיינקייט און איז גע־גאנגען ווייטער זיין וועג.

ווייל ער האָט געזען פאר זיך א לאנגן וועג, אויף וועלכן די פרויען זענען געווען סטאציעס. ווי צו יענע, וואָס האָבן אים אויפגעהאלטן אויף זיין וואנדער־וועג און אים געצוואונגען גרוי־זאם צו טרעטן איבער זייערע קערפּערס.

וואו איז געלעגן די סיבה דערפון? צי איז די פרוי געווען דער בעסערער, זיכערער טייל, די דערהאלטערין פון

דער ראסע, וואָס בויט אויף דעם נעסט. און היט אים אָפּ? אפשר. ווייל אין דער באַלעבאַטישקייט פון דער נאטור האָט זיך די שעפערישע קראפט פון מאן נישט באגרענעצט בלויז אויף דער פארפלאנצונג פון מין. אים האָט דער געבאָט פארזאָגט: דו זאָלסט נישט נאָר באפרוכטפערן, דו זאָלסט אויך אויפשטעלן דאָס ווערק.

ער האָט זיך הויך צעלאכט.

און אז איינער זעט פאר זיך נישט קיין ווערק... וואָס האָט יענער צו טון?

ער איז נאָכגעלאָפן נאָך די פרויען, ווייל אים האָט זיך געדוכט, אז דאָ וועט ער קומען אויפן שפור פון דעם לעבנס-סוד.

און צי האָט ער נישט געפונען ביי זיי נעבן דער תאוה אזוי פיל גוטסקייט און צארטקייט...

ווידער זענען די דריי געשטאַנען פאר אים.

ער האָט פאר זיך געזען לוציעס בייזע בליקן, ער האָט אין געדאנק געלייענט לערדא׳ס הילפלאָזע בריוו, וועלכע האָט אים נישט געוואָלט אָפּלאָזן, און ער האָט געהערט די ווייכע שטימע פון פרוי פריסלאנדער.

אומעטום צוזאמענהאנגען, אָבער אין ערגעץ נישט קיין איינהייט — סטאציעס — אָבער אָן א תכלית.

ער האָט עס דייטלעך געפילט.

— כ׳לאָז מיין שיפל אויף גאָטס באראָט, — האָט ער געטראכט, — ס׳מוז איינמאָל קומען צום ברעג. און אויב דאָס וואסער וועט פארפלייצן דאָס שיפל, איז ווייזט אויס אַזוי מן השמים. נאָר נישט בלייבן שטעקן אויף דער יבשה...

— הער רעלנאָוו —

ער האָט זיך אָפּגעקערט.

קיינער האָט אים נישט גערופן.

און ער האָט אָבער פאָרט געהערט זיין נאָמען.

צי איז דאָס געווען א סיגנאל?

ער האָט געצויגן מיט די אקסלען

דאָס בלאסע געזיכט פון מאריא פריסלאנדער האָט זיך באוויזן פאר אים און איר גאנץ וועזן איז אים מיט אמאָל אויסגעקומען פרעמד און אויסטערליש. אירע באוועגונגען האָבן געהאט אין זיך עפּעס שרעקעוודיקעס, און דער קלאנג פון איר שטים איז געווען עפּעס אן אנדערער ווי שטענדיק. און אפשר שטעלט ער זיך דאָס אלץ פאָר נאָר אין זיין זכרון? האָט ער געהערט נעבן זיך עפּעס שאָרכנדיק, האָט ער געזען געזיכטער? האָבן זיינע נערוון רעאגירט דערויף?

ווער עס האָט פיינע אויערן, פארנעמט א סך.

און מיט שארפע אויגן קוקט מען ביזן גרונט פון וואסער.

אן אינערלעכע אומרו האָט אים באהערשט. זיין געזיכט איז געוואָרן ערנסט.

ער האָט ארויסגעצויגן דעם זייגער און האָט אָנגעהויבן שנעלער צו גיין. ס׳האָט אים ארומגענומען א טיפע בענקשאפט נאָך מאריען.

אויף די טרעפּ האָט ער באגעגנט א שליח מיט א דעפּעשע.

— האָסט באקומען א דעפּעשע? האָט ער געפרעגט לו־ציע, וועלכע האָט אויף אים, ווי ער האָט דאָס באמערקט, — זייער מאָדנע געקוקט.

— מיט די בייזע אויגן פון א קרימינאל־באאמטן, — האָט ער שטיל פאר זיך צוגעגעבן.

— איך? — האָט זי געענטפערט — אָ ניין. ווער קען דען צו מיך שיקן א דעפּעשע?

איר שטים האָט געקלינגען הארט און שניידנדיק.

— עס קען דאָך אָבער יאָ געמאָלט זיין...

— אודאי — אמאָל טרעפט, אז דאָס וואָס קומט עמעצן פאר אוממעגלעך, איז גאנץ מעגלעך.

א רגע האָט ער זי אָנגעקוקט. איר געזיכט איז געווען נישט דורכצודרינגען. נאָר אויף אירע באקן האָבן געפלאמט רויטע פלעקן.

— גייסט היינט אין אָוונט אוועק? — האָט זי געפרעגט!

א ווײַלע האָט ער זיך פאַרהאַלטן, אײדער ער האָט געענטפערט:

— אודאי — איך דאַרף מיך טרעפן מיט עמעצן האַלב נײַן אַזײגער:

— הם, — האָט זי אַ ברום געטון. דערנאָך האָט זי זיך אַוועקגעדרײט, ווײַל ס'האָט איר פאַרכאַפּט דער אָטעם.

א ווײַלע איז ער געבליבן שטײן אינמיטן זײַן צימער.

פאַרוואָס האָט זי אים אַזוי מאָדנע געפרעגט?

— נאַרישקײט! — האָט ער הויך פאַר זיך געזאָגט. — אַן אויסדוכטעניש... הײַנט אָוונט עס איך צוזאַמען מיט מאַריאַ פּריסלאַנדער... און מאָרגן שטעל איך מיך פאָר איר מאַן... באַסטאַ!

דער דאָזיקער געדאַנק האָט געהאַט עפּעס צופֿרידנדיקעס און האָט אים לגמרי נישט געשראָקן.

— מיר וועלן זען — האָט ער געמורמלט און מתינות־דיק פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס.

# צענטער קאַפּיטל.

די אַלטע פרוי האָט ארומגעכאפּט אירע קני מיט די הענט און אויף איר געזיכט, וואָס איז פאר די לעצטע וואָכן צעקנייטשט און חרוב געוואָרן, איז געלעגן א טויט-שרעק.

— גיי נישט מער ארויס, פאָלג איינמאָל דיין מוטער! דו האָסט אים געשוואוירן — מוזטו האלטן דיין שבועה.

זי האָט אָנגעקוקט די מוטער א נישט-ארויסצוזאָגנדיקער ליבע.

דאָס הארץ האָט איר וויי געטון, און דאָך האָט זי געוואוסט, אז זי האָט איר גאָרנישט געקאָנט העלפן, אז זי מוז איר נאָך אָנטון גרעסערע יסורים.

אָבער באלד האָט זי געענטפערט און איר שטים האָט נעקלינגען אויסערגעוויינלעך הארט:

— איך ברעך די שבועה צום צווייטן מאָל — מאמע ס'קאָן נישט אנדערש זיין.

— אויב אזוי לאָמיר פארפאקן אונזער ביסל האָב און אנטלויפן נאָך היינט ביי נאכט.

— אוממעגלעך, מאמע — כ'מוז בלייבן.

דער אלטערס פנים האָט אָנגענומען אן אויסדרוק פון אימה.

— דו וועסט זען — האָט זי געשעפּטשעט — ער וועט אונז אלע אומברענגען, דיך, דאָס קינד און מיך. אויף מיר איז קיין רחמנות נישט, איך האָב שוין נישט לאנג צו לעבן. אָבער דו און דאָס קליינע ווערעמל!

זי האָט אָנגעהויבּן בּיטער צו וויינען.

— צו וואָס איז דער מענטש צו אונז געקומען און האָט אויף אונז געבּראכט דעם גאנצן אומגליק! איך האָבּ עס געוואוסט פון ערשטן אויגנבּליק אָן.

— שעלט אים נישט, מאמע. ער איז פאר מיר געווען די גרעסטע פרייד אין לעבּן. און ווען איך וואָלט היינט געקאָנט צוריקנעמען דאָס, וואָס איך האָבּ געטון, וואָלט איך געזאָגט ניין! און דריימאָל ניין!

די פרוי האָט אויפגעהערט צו וויינען. זי האָט געקוקט אויף דער טאָכטער ווי א פּרעמדע.

איז זי איר פלייש און בּלוט?

פון וועמען האָט געשטאמט די דאָזיקע הארטנעקיקייט און העזה, וואָס איז געווען נאָענט צו פארבּרעכן? פון איר נישט. און פון איר פארשטאָרבּענעם מאן אודאי נישט.

פרוי פריסלאנדער האָט זיך אויפגעהערט צו גריבּלען.

— מאמע, הער מיך אויס גאנץ רואיק, און אויבּ עס טוט דיר ווי, פארבּייס די ליפּן. איינמאָל מוזטו עס געוואויר ווערן: איך וועל שוין לאנג נישט אויסהאלטן — רייס מיר איצט נישט איבּער אין גאָטס נאָמען, מאמע, דו ווייסט, איך בּין נישט לאנג געווען בּיים דאָקטאָר. מיט מיר איז שלעכט, כ׳האָבּ קראנקע לונגען. מאך נישט אזא שרעקלעך געזיכט, קיינעם מיידט נישט אויס דעם טויט. עס האנדלט זיך איצט אויך נישט אין דעם, עס גייט וועגן קינד. העלף מיין קינד, אויבּ איך וועל שוין מער נישט זיין אויף דער וועלט, מאמע. דאָס איז דאָס לעצטע, וואָס איך בּעט דיך.

זי האָט זי פלוצלינג ארומגענומען ארום האלז.

— איך האָבּ דיר געמאכט אזוי פיל דאגה און זאָרג, דו אָרעמע אלטע פרוי. און איצט, מאמע, לאָז מיך איבּער אליין.

שווער, ווי א צעבּראָכענער מענטש האָט זיך פרוי ריכטער אויפגעהויבּן.

קאטארינא האָט געווארט נאָך א ווײלע. דערנאָך האָט זי־

אויסגעטון דעם שלאָפראָק און צעלאָזן די האָר. זיי זענען שווער געפאלן איבער איר שמאָלן רוקן.

— בין איך דאָס? — האָט זי זיך געפרעגט פארוואונ־דערט, בשעת זי האָט געקוקט אין שפיגל און באמערקט דאָרט איר דינעם, ווייסן האלז, בלויע אָדערן, אירע קליינע, מיידלשע בריסטן, אירע מאָגערע אָרעמס און איר טויט־ערנסט געזיכט.

— דאָס בין איך.

פאמעלעך האָט זי ארויסגענומען פון שאנק א קלייד, וואָס זי האָט געטראָגן נאָר אין יום טובדיקע טעג. דערנאָך האָט זי זיך ווידער געזעצט ביים שפיגל, קעמענדיק און צו־רעכט מאכנדיק זיך די האָר.

— נאָך איינמאָל וויל איך פריילעך זיין — האָט זי גע־טראכט, און איר געזיכט־ליניעס זענען געוואָרן קלאָר און שיין.

און בעת זי האָט זיך אָנגעטון, זענען אירע געדאנקען געווען ביי רעלנאָוון און איר הארץ האָט זיך געהויבן פאר גליק און פרייד.

איין מינוט פאר האלב ניין איז זי ארויס פון שטוב.

און א מינוט שפעטער איז נעבן איר געגאנגען רעלנאָוו, וועלכער האָט זי גענומען צארט אונטערן אָרעם און צוגעפירט זי צום פיאקר וואָס איז געפארן א פאָר שריט ווייטער.

— צו שטיינערט און האנזען אויפן קורפירשטנדאם, — האָט ער געזאָגט צום קוטשער.

ער האָט נישט געזען, ווי אין זעלבן אויגנבליק האָט זיך פון אָרט גערירט אן אנדער פיאקר, וואָס איז געשטאנען קעגנאיבער אויף דער אנדערער זייט.

אינעווייניק איז געזעסן זיין פרוי, וועלכע האָט לייכט א געשריי געטון, בעת אינמיטן פאָרן האָט דער קוטשער פאר־האלטן דעם פיאקר אויף א סעקונדע, דאָס טירל האָט זיך געעפנט און צו איר האָט זיך איינגעזעצט א שלאנקע פערזאָן. איידער זי האָט נאָך געהאט צייט צו קומען צו זיך, האָט זיך די אומבאקאנטע אָנגערופן:

— שרעקט אייך נישט, גנעדיקע פרוי, ס'וועט אייך גאָר-נישט געשעןָ, איך וועל אייך באלד אלץ אויפקלערן.

און אָן שום איבערגאנג האָט זי צוגעגעבן:

— די דעפעשע, וועלכע איר האָט באקומען היינט נאָכמיטאָג איז געווען פון מיר.

— יאָ, אָבער ווער זענט איר דען? האָט לוציע גע-שטאמלט ווי א פארכאפטע און האָט געפילט, ווי זי ציטערט אויף אינגאנצן.

— כ'בעט אייך, רעגט אייך נאָר נישט אויף און זייט נישט בייז אויף מיר. איר וועט באלד אלץ געוואויר ווערן. איך בין די טענצערין ליזא לערדא און זינט עטלעכע וואָכן האָב איך געהייסן נאָכשפירן אייער מאן אויף יעדן שריט און טרים.

— יאָ, אָבער וואָס פאר א רעכט האָט איר דערצו? האָט לוציע שטיל געפרעגט און עס האָט איר אָנגעהויבן צו שווינ-דלען פאר די אויגן.

— איר וועט נישט זיין אין כעס?

לוציע האָט געוואָלט הויך אויסשרייען, אזוי שטארק האָט זי זיך געשראָקן פאר דעם, וואָס זי האָט געזאָלט הערן, אזוי דערווידער איז איר פאָרגעקומען די פערזאָן, וואָס איז פלוצלינג אויסגעוואקסן פאר איר ווי פון אונטער דער ערד און אריינגעריסן זיך אין איר לעבן. זי וואָלט גערן געהייסן דעם קוטשער בלייבן שטיין און מיט א הויכמוטיקן זשעסט אויפגעפאָדערט די טענצערין צו פארלאָזן דעם פיאקר.

עס האָט איר אָבער אָפגעהאלטן דערפון א טונקעלער פארלאנג געוואויר צו ווערן איר גאנצן אומגליק.

— איך הייס נאָכשפירן אייער מאן, — האָט די טענ-צערין ווייטער געזאָגט, — ווייל ער איז צו מיר אזוי פאלש ווי צו אייך. יאָ, מיין גנעדיקע פרוי, מיך האָט אויך גע-טראָפן דער זעלבער גורל. אין גאָטס נאָמען, איר זאָלט נאָר נישט מיינען, מיין גנעדיקסטע, — האָט זי צוגעגעבן איילנדיק און באַרימעריש. — אז איך בין עפעס סתם אבי-ווער. איך

בין אן אָנשטענדיקע פּערזאָן. איך הייס ליזא לערדא אין טאַנץ יעדן אָוונט אין באר עקסצעלזיאָר. אין דער צייטונג איז וועגן מיר געשטאַנען א גרויסער ארטיקל.

זי האָט ארויסגענומען א פּאָרטמאָנע פון טאַש, ארויסגעצויגן פון דאָרט א צעקנייטשט פּאַפּיר און האָט זיך גאַנץ ערנסט געגרייט פאָרצולייענען דעם ארטיקל, וועלכן זי האָט געקענט אויף אויסווייניק.

לוציע האָט א מאַך געטון אומגעדולדיק מיטן האַנט.

— איך גלויב אייך אלץ, מיין פרײלין. פריער רעדט אָבער ווייטער.

— גוט, איך באַליידיק זיך נישט.

די טענצערין האָט באַהאַלטן דעם פּאָרטמאָנע.

— אַלזאָ, איך האָב מיך אין אים פארליבט, נישט צוליב שפּעקולאַציע, גנעדיקע פרוי, איך האָב דאָס נישט נויטיק, איך פארדין יעדן אָוונט דרייסיק מארק, שוין נישט רעדנדיק דערפון, וואָס נעבן מיר דרייען זיך ארום באַראָנען און גראַפן. ווען איך טאַנץ טאַנגאָ, איר מעגט אמאָל זען, ס׳א״ז כדאי, שטייט דער גאַנצער זאַל ווי היפּנאָטיזירט, די מענטשן זענען ווי משוגע, בעת איך טאַנץ טאַנגאָ. קיינער וועט מיר דאָס אזוי לייכט נישט נאָכמאַכן.

— ווייטער, ווייטער! — האָט איר לוציע איבערגעהאַקט די רייד און איר טאָן איז געווען אזוי באַפעלעריש־העפטיק, אז די טענצערין איז גלייך אריבער צום ענין גופא.

— ער האָט זיך מיט מיר אַלזאָ באַקאַנט אין עקסצעלזיאָר־באר, און אפילו א וואָרט נישט געזאָגט, אז ער האָט א פרוי. ער זעט טאַקע אויך נישט אויס צו זיין א באַווייבטער. ערשט שפּעטער בין איך דערפון געוואויר געוואָרן. איך בין דאָך אויך נישט אבי ווער; איר קאָנט זיך פאָרשטעלן מיין שרעק.

און ער האָט געוואוסט, מיט וועמען ער האָט געהאַט צו טון. נו, איך וואָלט מיך צום סוף צוגעוואוינט צו דעם, און איר אפשר אויך. איך ווייס, אז די פיינע דאַמען קוקן

דערויף דורך די פינגער. דאָס איז אפילו אין דער מאָדע. אַלזאָ אין גאָטס נאָמען, מיט אייך וואָלט איך זיך געטיילט... אָבער מיט יענער דאָרט, קיינמאָל נישט! איצט ווייסט איר שוין אַלץ. איך בין אַן אָנשטענדיקע פרוי, כ'האָב נישט קיין שום געהיימניסן.

— און ווי אזוי האָט איר זיך דאָס אַלץ דערוואוסט? — האָט לוציע געשטאמלט.

— איך האָב עס אייך דאָך שוין געזאָגט. מיין עקאָנאָמקע האָט טאָג און נאכט געלויערט אויף דער גאס און נישט אראָפּגעלאָזט אים פון אויג. שטעלט אייך פאָר, ווי דער מענטש האָט מיך אָפּגענארט: ער איז א באלעט-טענצער, האָט ער מיר געזאָגט! שטעלט אייך נאָר פאָר אזא העזה! איך בין דאָך אויך נישט קיין נאר, און דאָך האָב איך מיך געלאָזט ארייננארן. באלעט-טענצער!

זי האָט מיט אמאָל אָנגעהויבן שטארק צו לאכן.

— זאָגט אליין, איז דאָס נישט קאָמיש? נו, איך וועל אים שוין אָנלערנען!

— ווער איז די דאמע? — האָט לוציע ציטערנדיק געפרעגט.

— א פיינע דאמע, דאָס איז א גאנץ דורכגעריבענע פארשוינטע. גיט נאָר א טראכט: ביז נישט לאנג, פלעגט ער אָפּ-צוזיצן ביי איר גאנצע טעג. איצט קומט דאָס ערגסטע: די פארשוינטע האָט א מאן, און נאָך ווי אזוי, — א מאן מיט א קינד. אזא שפלות! מ'האָט געדארפט אויף איר אין פאָליציי אָנווייזן. דערנאָך איז דער מאן צוריקגעקומען — פון דעמאָלט אָן היטן זיי זיך.

— און איר האָט דאָס אַלץ פעסטגעשטעלט?

— נאטירלעך! איך בין געטויפט מיטן וואסער פון דער שפרעע. אייגנטלעך הייס איך אידא פולקע. ליזא לערדא איז אזוי צו זאָגן מיין קינסטלער-נאָמען, איך לאָז מיט זיך נישט שפאסן. מיט מיר שפילט מען זיך נישט — האָט זי געענדיקט אין אַן ערנסטן טאָן.

רעלנאָווס קארעטע האָט זיך אָפּגעשטעלט פאר שטיינערט און האנזען. ביים ארויסגיין האָט רעלנאָוו געהאָלפן קאטארינע פריסלאנדער.

— גיט נאר א קוק, וואָס דאָ טוט זיך! — האָט לערדא געזאָגט.

לוציע האָט זיך קוים געקענט האלטן אויף די פיס.

— אין גאָטס נאָמען, וואָס איז אייך? האָט די טענצע־רין געפרעגט, אונטערהאלטנדיק זי – שטארקט אייך. אייערע כּוחות וועלן אייך נאָך צונוץ קומען. איר מיינט, אז מיר גייט דאָס נישט אָן? קומט, מיר וועלן ארייגיין אין קאַפע־הויז „וועסטן" און אויסטרינקען א קאָניאַק. לאָזט זיי דאָרט צוערשט איינזעצן זיך. זיי וועלן פון אונז נישט אנטלויפן.

און זי האָט לוציען לייכט מיטגעצויגן נאָך זיך.

— דאָס איז שוין איינמאָל א פויגעלע! זי קען די אר־בעט, זאָג איך אייך — זעט פלומרשט אויס ווי אן אומשול־דיק לעמעלע. אָט די מיט די אויגן פון א טויב זענען די גע־פערלעכסטע! אָט אזוי — דערוואַרעמט אייך אביסל. ביי אייך זענען די הענט קאלט ווי אייז.

זי האָט איר אָנגעגאָסן קאָניאק און זי גענויט צום טרינקען. זי האָט דאָס געטון אומגעשטערט פון די ארומיקע געסט, בעת לוציע איז דערביי אויסגעשטאנען די שרעקלעכסטע יסורים און פיבערדיק געציטערט.

ווען זי האָט שפּעטער געטראכט וועגן דעם מאָמענט, איז זי בשום אופן נישט געווען בכּוח אָפּצוגעבן זיך א דין־וחשבון, וואָס איז דעמאָלט געשען מיט איר.

זי האָט זיך טונקל דערמאָנט, ווי די טענצערין האָט איר פסדר אָנגעפילט דאָס גלאָז און זי האָט גלייכצייטיק איר געפאָלגט מעכאניש, אָן ווילן, אזוי ווי זי וואָלט געווען גע־צוואונגען צו דערפילן לערדאס פאדערונג. ווי איר איז פאמע־לעך אריין דאָס בלוט אין קאָפּ און איר אָרעמען מוח האָט

באהערשט נאר איין-איינציקער געדאנק: נקמה נעמען פאר דעם, וואָס ער האָט איר אָנגעטון.

— איר דארפט אים אזוי אָנלערנען, אז ער זאָל דאָס מויל עפענען פאר חידושים. — דאָס זענען געווען דער טעני-צערינס לעצטע ווערטער, בעת זיי האָבן נאָך א קנאפער שעה פארלאָזן דאָס קאפע-הויז...

## עלפטער קאפיטל

ביתו לבינו זענען זיי רואיק געזעסן ביי שטיינערט און האנזען און רעלנאָוו האָט נישט געקאָנט אָפּרייסן זיינע אויגן פון מאריעס ליבן געזיכט, אזוי ווי ער וואָלט צום ערשטן מאָל אנטדעקט דעם חן, וואָס איז אויף אים אויסגעשטראלט. דערביי איז זי אים אויסגעקומען ניי, מאָדנע און פרעמד. זי איז אפשר געווען א גאנץ אנדערע, ווי יענע, וועלכע ער האָט געקענט ביז איצט.

ער האָט זי באהאנדלט ווי א חשובער דאמע — פאָרזיכטיק און מיט גרויס יראת הכבוד. זי איז געזעסן נעבן אים און האָט זיך געהאלטן מיט א זעלטענע זעלבסט-ווירדע.

דער ווייַן האָט לייכט פאררויטלט איר בלאס פנים און אירע אויגן, וועלכע האָבן געקוקט אויף אים מיט גרויס ליבע, האָבן סודותדיק געפינקלט.

זי איז געווען פארנומען מיט איין געדאנק: צי האָט ווען עס איז א מענטש געפייערט מיט אזא פרייד ווי זי, זיין לעצטע מאָלצייט?

— וועגן וואָס טראכסטו איצט? — האָט ער געפרעגט.

מיט א קינדיש-הארציקן אויסדרוק האָט זי אים געבעטן, אז ער זאל איר פארשפאָרן דעם ענטפער.

— גוט — ער וויל זי נישט צווינגען.

— זי האָט זיך שטארק דערשראָקן און אים געפרעגט, צי ער איז נישט בייז.

ער וואָלט דאָס קיינמאָל נישט געקאָנט זיין, האָט ער געענטפערט און לייכט אָנגערירט איר האנט.

זי האָט גיריק אויפגעכאַפּט דאָס וואָרט. מיינט ער עס ערנסט?

פולשטענדיק ערנסט!

צי איז דאָס באמת זיין טיפסטע מיינונג?

ער האָט דאָך איר קיינמאָל נישט געגעבן קיין גרונד צו צווייפלען אין זיינע רייד.

ניין, קיינמאָל נישט, אין גאָטס נאָמען, זאָל ער אזוי נישט קלערן פון איר. עס האָט דאָך אָבער געקאָנט געמאלט זיין, אז איינמאָל אין א טאָג, ווען זיי וועלן שוין אפשר נישט זיין צוזאמען, וועט ער געוואויר ווערן וועגן איר שלעכטס און דעמאָלט וועט ער ענדערן זיין מיינונג.

אזא פאל איז אויסגעשלאָסן.

אפילו דעמאָלט, ווען זי וואַלט נישט געהאט די מעגלעכקייט זיך צו פארטיידיקן?

אפילו דעמאָלט!

זי האָט טיף אָפּגעטעמט.

אירע פראגן האָבן רעלנאָוון צעמישט די געדאנקען. ער האָט נענטער צוגערוקט זיין שטול, גענומען איר האנט און געזאָגט אין א שטילן, דורכדרינגדיקן טאָן — ווייל עס האָט זיך אים געדאכט, אז איינע געסט אָבסערווירן זיי:

— צי וועסטו מיר אויף איין פראגע ענטפערן דעם אמת, אפילו ווען דיר וועט עס זיין נישט צום הארצן?

— יאָ.

— ליידסטו א סך; באעוולט ער דיך?

צו זיין העכסטער פארוואונדערונג האָט זי אזוי מאָדנע א שמייכל געטון, און דער דאָזיקער שמייכל האָט איר צוגעגעבן אזוי פיל חן, אז ער האָט אויפגעציטערט.

— ער קוועלט מיך, אָבער מיך ארט עס ווייניק.

ווען ער האָט זי אָנגעקוקט מיט א פרעגנדיקן בליק, האָט זי ווייטער גערעדט:

— איך בין דערגאנגען, אז מען קאָן מאטערן א מענטשן־ נישט פארשאפנדיק אים דערביי קיין שום יסורים.

— איך פארשטיי דאָס נישט.

— דאָס איז דאָך אזוי פשוט: דעם מענטשן, וואָס איז גליקלעך, קאָן אויך זיין פייניקער גאָרנישט טון — ער קאָן דאָך נישט אריינדרינגען אין די געדאנקען, וועלכע געהערן נאָר צו אים אליין. און אפילו דער אומגליקלעכסטער בלייבט נאָך אלץ דערביי פריי — האָט זי צוגעגעבן פארטראכט, — ווייל קיינער קאָן אָט דעם אייגנס ביי אים נישט אוועקנעמען.

איר ענטפער האָט אים גערירט פארן הארצן. ער האָט אויף א רגע געהאט א געפיל, אז אין פארגלייך מיט איר איז ער אָן א שיער פוסט און לעכערלעך הויכמוטיק.

— ביסטו דען גליקלעך? האָט ער שטיל געפרעגט.

— יאָ, — האָט זי געענטפערט פון גאנצן הארץ.

— דו ביסט א הייליקע, מיין ליב, זיס מאריעלע.

— איך בעט דיך, רעד נישט אזוי, — האָט זי זיך נישט דרייסט געווערט.

— גוט, גוט — צי ווייסטו אָבער, אז דו האָסט ארויס־ געזאָגט עפעס וואונדער־שיינעס? איך גלויב אויך, אז די אומ־ גליקלעכסטע מענטשן זענען אין זייער טיפסטן הארצן נאָך געווען גליקלעך, ווייל קיינער האָט נישט געקענט אריינדרינ־ גען אין זייערע מחשבות, און ווייל אין דער ערגסטער צרה איז נאָך אלץ מעגלעך דאָס אנטלויפן צו זיך אליין.

— דאָס האָב איך טאקע געמיינט.

— כ׳ווייס.

זיי האָבן געשוויגן און זייערע אויגן זענען פארזונקען אין זיך...

אין דער סעקונדע זענען לוציע און ליזא לערדע, וועל־ כע האָט זיך געהאלטן פון הינטן, אריין אין רעסטאָראן.

אינסטינקטיוו האָט לוציעס בליק באלד דערשפירט דאָס פאָרל.

זי האָט געקוקט מיט פארשטארטע אויגן אויף ביידע

און האָט געזען אויף זייערע געזיכטער א גלאַנץ, א זעלבסט־פארגעסנקייט, און איבערערדישן אויסדרוק, וועלכער האָט איר פארשפאַרט דעם אָטעם אין ברוסט. ס'האָט זיך איר געדאכט, אז איר הארץ האָט מיטאמאָל אויפגעהערט צו קלאפן.

ס'איז איר פינסטער געוואָרן פאר די אויגן.

פלוצלינג האָט זי דערשפירט מיט א מאָדנער זיכערקייט, אז זי האָט אים פארלוירן אויף אייביק...

אויפשרייען — — הויך אויפשרייען — — —

זי האָט עס געפרוווט צו טון, אָבער קיין שום קלאנג איז נישט ארויס פון קעל – די צונג איז געווען ווי צוגע־קלעבט צום גומען. ס'האָט זיך איר אויסגעוויזן, אז זי וועט אויסגיין פון דורשט.

זי האָט זיך געווענדעט צו לערדא.

— גיט מיר עפעס צו טרינקען,—האָט זי געוואָלט זאָגן, אָבער דאָס וואָרט איז איר געבליבן שטעקן אין האלז.

זי האָט נאָר געזען די פינקלענדע אויגן פון דער טענצערין.

א בלינדער, ברענענדיקער האס האָט זי באהערשט. און גלייכצייטיק א געפיל, אז זי וועט זיך דערשטיקן, אויב זי וועט באלד נישט אָפּכאפּן דעם אָטעם, אז זי וועט פאלן אין חלשות, אויב עס וועט איצט נישט געשען עפּעס גוואלדיקעס.

און עפּעס אן אומגעזעענע קראַפט האָט זי געשטויסן, באהאלטענע פעדעם האָבן זי געצויגן. זי האָט מער נישט גע־וואוסט, וואָס עס טוט זיך מיט איר, זי האָט מער נישט געהאט קיין ווילן, זי האָט נאָר געפילט א טעמפּן, שטעכנדיקן שמערץ אין הינטערשטן טייל פון קאָפּ.

און אָט שטייט זי פאר רעלנאָוון.

און אָט הויבט זי איר האנט און דערלאנגט אים א פּאטש אין פּנים.

דאָס אלץ איז געשען בליץ־שנעל, די געסט זענען אלע אויפגעשפּרונגען.

קאטארינא פריסלאנדער האָט ארויסגעלאָזן פון זיך א גאנץ שטילן וויי־געשריי.

רעלנאָוו האָט זיך א ווײַלע נישט גערירט, ער האָט אויס־

געזען ווי פארשטיינערט, ער איז געווען בלאס ווי ד'ער טויט.

אָבער דערנאָך האָבן זיינע ליפּן אויפגעציטערט און א מאָדנער שמייכל האָט געבלאָנדזשעט איבער זיין געזיכט, א שמייכל, וואָס האָט גערעדט, אז דער מענטש איז בכח אַלץ צו פארשטיין און צו וויסן. אַ שמייכל, וואָס איז געגאנגען פון דער טיפעניש פון זיין נשמה.

קיינער פון די דערבייאיקע, וואָס זענען געשטאנען שוויינגנדיקע, האָט קיינמאָל נישט געקאָנט פארגעסן דעם שמייכל.

א סעקונדע שפּעטער האָט ער ארויסגענומען פון קעשענע א פּאָר גאָלדענע מטבעות, אנידערגעלייגט זיי אויפן טיש, האָט דערלאנגט קאטארינען מיט אן עלעגאנטער באוועגונג דעם אָרעם און האלטנדיק הויך דעם קאָפּ, ארויסגעגאנגען פון לאָ-קאל.

אין דער טיר האָט ער שיער נישט אומגעוואָרפן א פרוי, וועלכע איז ווי א משוגענע ארויסגעפלויגן.

ער האָט זיך געוואָלט אנטשולדיקן, ער האָט שוין אָבער נישט באוויזן דאָס צו טון, ווייל זי איז שוין נישט געווען.

קאטארינע האָט געזיפצט קוים צו הערן, דאָך האָט ער פארנומען יעדן ריר פון איר שטים. און גלייכצייטיק האָט זיך זיין פאנטאזיע מאָדנע צעשפּילט.

ער האָט געוואוסט, אז ער האָט צום לעצטן מאָל אין זיין לעבן געזען לוציע טרענקוויץ. אָבער אז דאָס זאָל אויך זיין די לעצטע נאכט מיט דעם טרויעריקן מענטשן, די לעצטע נאכט פון קאטארינא פריטלאנדער, ווען דעם האָט אנדרעאס רעלנאָוו קוים אן אנונג געהאט.

## צוועלפטער קאפיטל

ס׳האָט שוין אָנגעהויבן צו טאָגן, בעת די יונגע פרוי פריסלאנדער איז א היים געקומען.

זי איז צוגעגאנגען צום קינדס בעטל און האָט עס באַ־טראכט מיט ווייטאָג, און איר געזיכט האָט באקומען א פאר־ביטערטן אויסדרוק.

דערנאָך האָט זי זיך געזעצט צום טיש און געשריבן:

— מיין טייערגעליבטער מאן; ווייל אזעלכער ביסטו דאָך געוועזן. איך קום איצט צו גיין פון דיר, און דאָס זענען די לעצטע ווערטער, מיט וועלכע איך ווענד מיך צו דיר. טראכט וועגן מיר צום גוטן און זיי נישט בייז אויף מיר. דאָס, וואָס איך גיי איצט טון, איז עפעס מוראדיקס, און ווען איך טראכט דערפון, ווערט מיר דאָס בלוט אין די אָדערן געפרוירן. א מענטש האָט דאָס רעכט איבער זיין אייגענעם לעבן, ער האָט אָבער נישט דאָס רעכט איבערן לעבן פון אן אנדער מענטשן, קיינמאָל האָט ער דערצו קיין רעכט נישט. ווען פריסלאנדער וואָלט גענומען א האק און מיך דערהרגעט, וואָלט איך געגאנגען דעם טויט אנטקעגן, נישט ארויסגעבנדיק פון זיך קיין קלאנג. ער פארמעסט זיך אָבער, מיין געליבטער אויף דיין לעבן, און קעגן דעם מוז איך מיך ווערן. און איצט וויל איך מער קיין וואָרט נישט רעדן וועגן דאָס שרעק־לעכע, וואָס מוז קומען. איך קוק דעם טויט גלייך אין פנים, און אין מיין לעצטער שעה קלער איך נישט וועגן גאָט —

איך טראכט װעגן דיר. איך קוש דיך נאָך אַ מאָל פֿון מײַן גאַנצן האַרצן. איך בין איצט בײַ דיר און אױף אײביק. דײַן מאַריאַ.

דעם דאָזיקן בריװ האָט זי שױן מער נישט איבערגע־לײענט. זי האָט אים אַרײַנגעלײגט אין אַ קאָנװערט און האָט אָנגעשריבן זײַן נאָמען און אַדרעס, האָטעל פּירשט ביסמאַרק, שאַרלאָטענבורג.

דערנאָך האָט זי גענומען אַן אַנדער בלעטל, אױף װעלכן זי האָט האַסטיק אָנגעשריבן די פֿאָלגנדע װערטער:

— מײַן אָרעמע, געליבטע מוטער. צי קאָנסטו מוחל זײַן און פֿאַרשטײן, אַז איך מוז דיר פֿאַרשאַפֿן נאָך דעם לעצטן װײטאָג? אַ דאַנק דיר פֿאַר אַלץ אין לעבן, האָב אױף מיר רחמנות און זאָרג פֿאַר מײַן קינד. דעם בײגעלײגטן בריװ זאָלסטו אַװעקשיקן באַלד צו אַנדרעאַס רעלנאָװ. צום לעצטן מאָל קושט דיך דײַן קאַטאַרינע.

זי האָט זיך פּאַמעלעך אױסגעטון.

אַז זי איז געװען אין נאַכטהעמד, האָט זי אַרױסגענומען דאָס קינד פֿון װיג און געלײגט עס נעבן זיך.

אַ טיפֿע רו האָט זי אַרומגענומען.

זי איז געשטאַנען פֿאַר עפּעס אַזױנס אימהדיקס אומפֿאַר־מײַדלעכעס, אָבער זי האָט זיך אַפֿילו אַ האָר נישט געקװענקלט.

דו האָסט מיך געשטױסן דערצו, האָסט עס געװאָלט, פּריסלאַנדער; ס'איז נישט מײַן שולד.

זי איז נאָך אַמאָל אױפֿגעשטאַנען און האָט אַװעקגעלײגט דעם רעװאָלװער אונטערן קישן.

זי איז באַלד אײַנגעשלאָפֿן, צודריקנדיק צו זיך שטאַרק דאָס קינד.

און געחלומט האָט זיך איר אַ מאָדנער חלום: עס איז מער נישט געװען קײן שום פּריסלאַנדער. זי האָט געװױנט ערגעץ אין אַ פֿאָרשטעטל — זי האָט געװױנט אין פּאַרטער. אַרום דער װױנונג איז געװען אַ קלײנער גאָרטן מיט אַ שמאָלן גראָזפּלאַץ און אַ פּאָר דאַרע בײמלעך. אָט ערשט איז

אָנגעקומען מיט א יינגל, וועלכער איז געווען רעלנאָווס זון. אָבער רעלנאָוו האָט נישט געלעבט צוזאמען מיט איר. זי איז געלעגן אָפּגעצערט, טיף אויסגעמאטערט אויף איר בעט און ארום איר איז געווען אזוי שטיל. אויך דאָס קינד האָט זיך נישט גערירט. מיט אמאָל האָט זי דערהערט טריט און געוואוסט, אז רעלנאָוו קומט אָן, און ווי נאָר ער האָט זיך באוויזן אין טיר, האָט זי זיך אויפגעהויבן מיט מי און אויסגעשטרעקט צו אים די אָרעמס. ער האָט זיך געמוזט זעצן אויפן ראנד פון איר בעט, און זי האָט אים ליידנשאפטלעך געקושט. דערנאָך האָט זי זיך אויפגעהויבן, נישט קוקנדיק אויף זיין שטארקן ווידערשטאנד, האָט איבערגעוואָרפן א דין טוך איבערן נאקעטן קערפער און געאיילט אין קיך אריין. באָרוועס און ציטערנדיק פאר קעלט איז זי געשטאנען אויף די קאלטע שטיינער און האָט זיך געפּאָרעט ביים אויוון. זי האָט אנידערגעשטעלט די פאַן אויפן פייער און מיט א הייליקער ערנסטקייט האָט זי אים צוגעגרייט דאָס עסן, דערנאָך האָט זי אים אריינגעטראָגן דעם אָמלעט, און ער האָט אים געמוזט אויפעסן פאר איר אין די אויגן. זי האָט נישט אראָפּגענומען די אויגן פון אים און האָט געשפּירט א שטארקע פרייד. מיין ליבער מאן דארף נישט הונגערן, האָט זי געזאָגט. דו ביסט דאָך מיין ליבער מאן, נישט אמת? און איצט האָט זי געפילט, ווי זי איז אויסערגעווענלעך שוואַך—און איר מוח איז געווען פוסט. זי האָט נאָך געזען רעלנאָווס דערשראָקן פנים, זי איז אנידערגעפאלן און האָט פארלוירן דעם זינען. לאנג... לאנג האָט זי געמוזט אזוי ליגן, דערנאָך האָט זי נאָך איין מאָל געעפנט די אויגן, האָט נאָך אמאָל אָנגעקוקט רעלנאָוון מיט א לאנגן, אומבאשרייבלעכן בליק און איז אויסגעגאנגען. דער דאָקטאָר האָט ארויפגעלייגט די האנט אויף רעלנאָווס פלייצעס און געזאָגט: זי איז צו פרי אויפגעשטאנען, דאָ ליגט די סיבה. רעלנאָוו האָט צערודערט געשאָקלט מיטן קאָפּ. און דעמאָלט איז אין צימער אריין פריסלאנדער און רעלנאָוו האָט אים בייז אָנגעקוקט, האָט גענומען זיין קינד פארן אָרעם און איז ארויסגעגאנגען...

דאָ האָט זי זיך אויפגעכאפט, ווייל דאָס קליינע, וואָס איז נעבן איר געלעגן האָט יאָמערלעך געקרעכצט.

זי האָט זיך אויסגעריבן די אויגן און קוים מיט מי זיך געקאָנט דערמאנען די געשעעענישען פון דער לעצטער נאכט.

מיט א שרעקעדיקן בליק האָט זי זיך איבערצייגט, אַז דער רעוואָלווער ליגט נאָך אונטער איר קישן.

ערשט דעמאָלט האָט זי א קוק געטון אויפ׳ן זייגער און צו איר שרעק באמערקט, אז ס׳איז שוין פיר אזייגער נאָכ־מיטאָג.

זי האָט אריינגערופן די מוטער און זי געפרעגט, אויב ער איז ביז איצט געשלאָפן אָן א הפסק.

—יאָ,—האָט פרוי ריכטער געענטפערט, און דאָס קינד האָט דערווייל שוין אויך געגעסן, דערנאָך האָב איך עס ווי־דער געלייגט צו דיר.

זי האָט זיך אויפגעהויבן, פארלייגט די הענט און לאנג געקוקט פאר זיך מיט א שטארן בליק.

— מאמע, — האָט זי ענדלעך געזאָגט, — גיי ארויס מיטן קינד אויף דער פרישער לופט, ער וועט אוודאי באלד קומען, און איך וויל זיין מיט אים אליין, ווייל כ׳מוז מיט אים רעדן.

די אלטע פרוי האָט זי אַנגעקוקט מיט אומצוטרוי און א פאָרשנדיקן בליק.

— זאָרג דיך נישט, מאמע, — האָט זי זי בארואיקט, — דאָס איז די איינציקע מעגלעכקייט צו קומען מיט אים צו א הסכם. אנדערש קאָן באמת נישט זיין, גלויב מיר.

אז פרוי ריכטער האָט געוואָלט עפעס זאָגן, האָט דאָס געזיכט פון דער טאָכטער באקומען אזא טרויעריקן און צע־טראָגענעם אויסדרוק, אז די אלטע פרוי האָט שוין מער מויל נישט געעפנט. זי האָט שווייגנדיק אָנגעטון דאָס קינד און האָט געוואָלט אוועקגיין.

— זיי נישט בייז אויף מיר, מאמע, — האָט זי אויס־געשריגן.

די אלטע פרוי איז צו איר נאָנט צוגעגאנגען.

— גיב מיר נאָך איין קוש, מאמע, איידער דו גייסט

פרוי ריכטער האָט זיך איבערגעבויגן איבער דער טאָכ־טער. א ווײַלע האָט זי זי געהאַלטן אין אירע אָרעמס — און אויך דאָס קינד האָט זי נאָך איין מאָל געקושט...

— איצט גיי — האָט זי האסטיק געזאָגט.

זי האָט נאָך געהערט, ווי די מוטער האט א ווײַלע זיך געפּאָרעט אין קיך, טעלער און גלעזער האָבן געקלינגען.

זי האָט זיך צוגעהערט מיט אן איינגעהאַלטענעם אָטעם. ארום איר האָט געהערשט א טויטע שטילקייט.

די טונקלקייט האָט זי אריינגעצויגן אין זיך און איינ־געהילט.

זי האָט שוין גאָרנישט געקאָנט אונטערשיידן.

רוים און צייט האָבן זיך צוזאמענגעגאָסן און זי איז געווען ווייט פון אלץ, וואָס האָט געהאט א שייכות מיט דער ערד.

מים אן אויפגעהויבענעם קאָפּ און א פארשטיינערט גע־זיכט איז זי געזעסן אויף איר בעט און געוואַרט אויף פּריס־לאַנדערס צוריקקער...

## ערשטער קאַפּיטל.

עס איז פאַר אים געקומען א צייט פון טיפע זעלישע יסורים און דער שמייכל איז פארשוואונדן פון זיין פנים.

אין דעם זעלבן נאָכמיטאָג, אין וועלכן עס האָט פאסירט די שרעקלעכע קאטאסטראָפע מיט קאטארינא פריסלאנדער, איז אין זיין האָטעל-צימער אריינגעקומען א קרימינאל-באאמטער און אים אויפגעפאָדערט צו גיין מיט אים צום אויספאָרשונגס-ריכטער.

— יאָ, אָבער צוליב וואָס דען? — האָט רעלנאָוו געפרעגט, ווי אראָפגעפאלן פון הימל. כ'וויל כאָטש וויסן דעם גרונד, צוליב וועלכן איך ווער באאומרואיקט.

דער באאמטער האָט געצויגן מיט די אקסלען.

— דער אויספאָרשונגס-ריכטער וועט עס אייך פערזענלעך זאָגן. ביטע איצט מיט מיר צו גיין.

רעלנאָוו איז אריין מיטן באאמטן אין א געשלאָסענעם וואָגן. אונטערוועגנס האָט ער נישט גערעדט קיין וואָרט.

אים האָט אויפגענומען דער אויספאָרשונגס - ריכטער, א מאן מיט אן ערנסטן געזיכט. הינטער די גאָלדענעברילן, א פאָר שארפע קלוגע אויגן.

נאָכן פאָרשטעלן זיינע פערזענלעכע דאָקומענטן, האָט ער אים געפרעגט, אין וואָס פאר א באציאונגען ער איז געווען מיט קאטארינא פריסלאנדער.

ער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו ענטפערן.

דער אויפּאָרשונגס-ריכטער האָט אים אָנגעקוקט מיט דורכדרינגענדע אויגן:

— איר מוזט ענטפערן, — האָט ער רואיק געזאָגט.

— ווער קאָן מיך צווינגען דערצו?

ער האָט מיט פאראכטונג געהויבן די אַקסלען.

— דאָס געזעץ.

— און ווען איך וועל מיך אָפּזאָגן?

— אויב אזוי וועט איר מוזן נעמען אויף זיך די קאָנ-סעקווענצן.

— און וואָס באשטייען זיי?

— אין אזא פאל וואָלט איך גענויטיקט געווען אייך אזוי לאנג צו האלטן אין אויפּאָרשונגס-ארעסט, ביז איר וועט חרטה האָבן.

— דאָס איז מיר זייער נישט צום הארצן, דאָס קען מיך אָבער פאָרט נישט אָפּהאלטן צו שווייגן וועגן מיינע פּריוואט-ענינים. איך אנערקען נישט דאָס רעכט פון דער מלוכה ארייננצומישן זיך אין מיינע פּערזענלעכע סודות.

ס'איז אנטשטאנען א קורצע פּויזע, בעת וועלכער דער אויספּאָרשונגס-ריכטער האָט גענוי באטראכט רעלנאָוון.

רעלנאָוו האָט שיר נישט אויסגערופן:

איך פּראָטעסטיר קעגן אזא אומפארשעמטן אָנקוקן מיך. ער האָט זיך אָבער איינגעהאלטן און געשוויגן. צו וואָס סתם פארלענגערן די פּראָצעדור?

— אפשר קענט איר מיר אינפאָרמירן, אין וואָס פאר א שייכות איר שטייט צום מאָרד פון דער פארהייראטער פרוי פריסלאנדער?

פאר זיינע אויגן האָט אָנגעהויבן צו שווינדלען. ער האָט געפילט, ווי זיינע גלידער זענען אים מיט אמאָל שטייף גע-וואָרן.

— וואָס פאר א מאָרד? — האָט ער געשטאמלט.

דער אויספּאָרשונגס-ריכטער האָט נישט אראָפּגעלאָזן פון אים דעם בליק.

— צי איז אייך אומבאקאנט, אז מיט אייניקע שעה צו־
ריק האָט פרוי פריסלאנדער דערשאָסן זיך און איר מאן?

— וו—אָ—אָ—אָס?

ער האָט זיך געקלאַמערט אין טיש. ער האָט מורא גע־
האָט נישט אומצופאלן. דאָס גאנצע בלוט איז אים אָפּגעפאלן
פון זיין געזיכט. און איצט איז אים באמת באפאַלן א מורא־
דיקע שלאפקייט.

— טרינקט? — האָט געזאָגט דער אויספאָרשונגס-ריכ־
טער און האָט אים צוגעטראָגן אַ גלאָז וואַסער.

— ניין, ניין, כ׳דאַנק, — האָט ער זיך געווערט מיט
בלייכע ליפן. און זיין האנט האָט בלינד געטאַפּט אין דער
לופטן. ער האָט צוזאַמענגענומען זיינע כוחות.

— צי איז דען דאָס מעגלעך? — האָט ער געפרעגט
מיט שרעק.

מיט אַמאָל האָט פון זיינע אויגן אָנגעהויבן צו שטראָ־
מען א קוואַל מיט טרערן. ער איז געפאַלן א געבראָכענער
אויף אַ שטול און געוויינט. ער האָט פארגעסן אינגאנצן, וואו
ער האָט זיך געפונען.

דער ריכטער האָט געוואַרט. דערנאָך האָט ער זיך אָנ־
גערופן אין אַ מענטשלעכן טאָן?

— איר ווערט ווירקלעך געוואויר וועגן דעם ערשט אין
דער דאָזיקער מינוט?

רעלנאָוו האָט אים אָנגעקוקט מיט גרויסע אויגן, אזוי
ווי ער וואָלט אים נישט פארשטאַנען. — אין גאָטס נאָמען,
איז עס אויף אן אמת וואָר?

— יאָ!

דער ריכטער האָט געמאכט א יאָמערלעכן אויסדרוק, איי־
דער ער האָט ווייטער גערעדט:

— עס ליגט אין אייער אייגענעם אינטערעס, אז איר
זאָלט מיר ענטפערן אויף אַ פּאָר פראגן.

— פרעגט.

— איר זענט געווען אין אינטימע באציאונגען מיט פרוי פריסלאַנדער?

ער האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

— צי האָט דער מאַן געוואוסט דערפון?

— כ׳בין משער.

— צי איז צווישן אייךביידן — איך מיין צווישן דעם מאַן פון פרוי פריסלאַנדער און אייך — נישט געקומען אין די טעג צו א סיכסוך?

— איך האָב אים איבערהויפּט נישט געקאָנט.

— המ, איר האָט אים נישט געקאָנט?

— ניין.

— ווען זענט איר דאָס לעצטע מאָל געווען צוזאַמען מיט פרוי פריסלאנדער?

— איך האָב נעכטן געגעסן מיט איר אָוונטברויט.

— וואו איז דאָס געווען?

— אין וויין-רעסטאָראַן פון שטיינערט און האנזען.

— ס׳זענען פאראן פארשידענע לאָקאלן אונטערן זעלבן נאָמען.

— אויפן קורפירשטנדאם.

— ווי לאנג זענט איר דאָרט געווען?

— ביז צען אזייגער.

— צי האָט פרוי פריסלאנדער דערמאָנט עפּעס וועגן אירע מאָרד-געדאַנקען?

— ניין!

— וואו זענט איר דעמאָלט געווען?

— מוז איך אויף דערויף ענטפערן?

— אומבאדינגט.

— זי האָט מיך באגלייט אין מיין האָטעל, — האָט ער געענטפערט און פאַרביסן די ציין.

— אין האָטעל פירשט ביסמארק?

— יאָ.

— איר זענט פארהייראט?

— יאָ.

— איז דאָס אייער רעגולערע צייט-קוואַרטיר?

דאָס בלוט איז אים געקומען אין קאָפּ אריין.

— איך בין געווען אין דעם האָטעל צום ערשטן מאָל.

— ווען האָט פרוי פריסלאנדער פארלאָזן דעם האָטעל?

— פארטאָג ארום פינף אזייגער.

— צי האָט איר געוואוסט, אז איר מאן איז מיט א טאָג צוריק אָפּגעפאָרן קיין האַמבורג?

— כ'האָב עס געוואוסט.

— זינט ווי לאַנג זענט איר געווען מיר איר אין באַציאונגען?

— זינט פיר חדשים.

— צי איז אייך באקאנט, אז צווישן פרוי פריסלאנדער און איר מאן איז אין די לעצטע טעג געקומען צו שטורמישע סצענעס?

— איך בין געוואויר געוואָרן דערפון פון פרוי פריסלאנדער. איך בין געווען אנטשלאָסן צו שטעלן זיך פאר איר מאן און כ'האָב איר איבערגעגעבן מיין באשלוס.

— אַזוי — האָט דער אויספאָרשונגס-ריכטער געזאָגט און האָט אויף א ווײַלע איבערגעריסן — און ווי אזוי האָט עס אָנגענומען פרוי פריסלאנדער?

— להיפוך, ווי ס'איז געווען פריער, האָט זי מסכים געווען.

דער אויספאָרשונגס-ריכטער האָט ארויסגענומען פון דער טעקע א בריוו.

— דער בריוו איז געשריבן צו אייך. ער איז געוואָרן קאָנפיסקירט דורך דער פראָקוראַטור. איך האָב נישט קעגן דעם, אז איר זאָלט אים איבערלייענען.

רעלנאָוו האָט א שאָקל געטון מיטן קאָפּ. ער האָט געוואָרפן א בליק אויף דער האנדשריפט פון קאטארינא פריסלאנדער און האָט ווידער געפילט, אז ער פארלירט דאָס באוואוסטזיין.

— איך בין נישט בכוח צו לייענען פאר אייך אין די

אויגן. געהערט דער דאָזיקער בריוו צו מיר אָדער נישט?
— ער וועט געהערן צו אייך, ווי באַלד דער ענין וועט ווערן דערליידיקט. איבריקנס, לאָז איך אייך איבער אויף א ווײַלע אליין. איר קאָנט רואיק לייענען דעם בריוו.

רעלנאָוו האָט געלייענט און דאָס הארץ האָט זיך צוזאַמענגעדריקט. דערנאָך האָט אים אָנגעכאפּט א שטארקע אויפרעגונג און זיין פּנים איז ווידער פארשטארט געוואָרן. וואָס האָט דער פרעמדער מענטש פאר א שייכות מיט זיינע יסורים?

אז דער אויספאָרשונגס-ריכטער איז אריינגעקומען, איז רעלנאָוו צוריקגעקומען צו זיין אוסערלעכער רו.

— צי בלייב איך איצט אין ארעסט? האָט ער געפרעגט.

— ניין. איר דארפט נאָר אונטערשרייבן דעם פּראָטאָקאָל, דערנאָך זענט איר פריי.

מיט עקל האָט רעלנאָוו דורכגעלייענט די פראגן און די ענטפערס און האָט זיך געחתמעט אונטערן פּראָטאָקאָל.

— איך בעט אייך אָפּצושיקן מיר דעם בריוו, אזוי גיך ווי עס וועט נאָר מעגלעך זיין, — האָט ער געזאָגט ביים ארויסגיין.

אויף דער גאַס האָט ער געמוזט א לענגערע צייט זיך אָנשפּארן אין א מויער. ער איז געווען אינגאנצן באַטויבט און איז נאָך אלץ נישט אימשטאנד געווען צו תּופס זיין דאָס אלץ, וואָס ער האָט געהערט.

— מאריעלע — מאריעלע — האָט ער געמורמלט אָן אויפהער.

צום סוף האָט ער גענומען א פיאקר און איז געפאָרן דירעקט צו איר וואוינונג.

די אלטע פרוי האָט אויפגעשריגן ביי זיין אָנבליק.

— ניין — קאטארינען וועט ער נישט קענען זען. ביידע טויטע קערפּערס זענען פארחתמעט און צוגענומען פון דער וואוינונג.

— פרוי ריכטער — האָט ער געקרעכצט — איך קאָן דאָס נאָך נישט באַגרייפן.

די אלטע פרוי האָט זיך אָנגעלענט אָן אים ווי א צע־בראָכענע.

— איך פארשטיי עס אויך נישט, — האָט זי געענטפערט, און פלוצלינג איז זי געוואָרן ווייס ווי קרייד און געזאָגט:

— דעם אמת זאָגנדיק, דארף איך אייך א שפיי טון אין פנים, איך קאָן עס אָבער נישט, וואָרום אייך אליין האָט מיין קינד געליבט.

— יאָ, יאָ, — האָט ער געענטפערט, נישט זייענדיק ביים זינען. ער האָט ווייזט אויס נישט דערהערט דעם ערשטן זאץ. די פרוי איז ארויסגעגאנגען.

אין עטלעכע מינוט ארום איז זי ווידער אריינגעקומען.

— דאָ האָט איר אייער פידל און דאָ איז א רינג, וועלכן זי האָט געטראָגן זינט איר קאָנפירמאציע. איך גלויב, אז איך בין מקיים דעם ווילן פון דער פארשטאָרבענער. און איצט בעט איך אייך, איר זאָלט דאָ מער נישט קומען. גאָט איז מיין עדות, אז איר זענט שולדיק אין אלעמען. איר האָט איבריקנס א גליק — קאטארינע וואָלט אייך שוין מער נישט ארויסגעלאָזן. זי האָט זיך פארליבט אין אייך ביזן טויט.

ביי די ווערטער האָט זי אים ארויסגעשטופט פון דער טיר.

אין איין האנט האָט ער געהאלטן דעם פידל־קעסטל, אין דער צווייטער דעם שמאָלן גאָלדענעם רייף און אומאויפ־הערלעך געשאָקלט מיטן קאָפּ, אזוי ווי ער וואָלט דאָס אלץ געוואָלט נאָך אמאָל באשטעטיקן. פון דער ערשטער באגעגעניש ביז צו דער לעצטער נאכט, וועלכע האָט געהערט צו זיי ביידע.

ווען איז אין איר רייף געוואָרן דער דאָזיקער שרעק־לעכער באשלוס?

צי זאָל דערצו האָבן גורם געווען די נעכטיקע קא־טאסטראָפע? עס לייגט זיך נישט אויפן שכל.

אָבער פלוצלינג זענען אים אויפן זכרון געקומען געווי־סע אָנצוהערענישן, וואָס זענען געפאלן צווישן זיי, איידער לוציע איז נאָך אריין אין רעסטאָראן. זי איז אלזאָ געקומען

צו אים מיטן באשלוט צו שטארבן. זי האָט מיט אים געגעסן און איז געווען פריילעך און גוט. זי האָט נישט קוקנדיק אויף דער פיינלעכער סצענע מיט לוציע איבערגעגעבן זיך אים פול מיט ליבע. און דאָס אלץ האָט זי געטון מיטן באַוואוסטזיין, אז אין איניקע שעה שפעטער וועט זי אויסהויכן איר לעצטן אָטעם!

און דאָס אָרעמע קינד האָט געגלויבט, אז פון זיינעט־וועגן מוז זי צוגרונט גיין.

ער האָט אויפגעשוידערט פון קעלט.

און אינגאנצן אָן וואָסער עס איז צוזאמענהאנג איז אויפגעשוואומען פאר אים די פראגע: ווי אזוי איז לוציע געקומען אין לאָקאל?

ווי אין א נעפל האָט ער זיך דערמאָנט אָן דעם שליח, וועלכן ער האָט געטראָפן אויף די טרעפ.

אָבער ווער האָט איר געקענט מודיע זיין? וועגן דעם האָט דאָך קיינער נישט געוואוסט.

און מאריא פריסלאנדער איז געווען טויט — אויסגעלאָשן אויף אייביק.

אפשר וואָלטן זיי זיך אינגיכן פאנאנדערגעגאנגען. זי האָט וויניקסטנס אלע מאָל וועגן דעם גערעדט מיט א שמערצלעכער רואיקייט, ווי וועגן אן אומפארמיידלעכער זאך. זי האָט כסדר געהאלטן, אז ער קען זיך אָן איר באגיין.

וואָס איז דאָס אזוינס געווען, וואָס האָט אים פארבונדן מיט איר?

איצט, אז זי איז שוין מער נישט געווען, האָט ער דערפילט אזא מוראדיקע פוסטקייט און גלייכצייטיק אן אומבאגרענעצטע בושה.

ער האָט פארשניטן די יאָרן פון א מענטשן, וואָס האָט נישט טראכטנדיק אלץ אָפגעגעבן.

און וואָס האָט זי דערפאר באקומען? אפילו נישט קיין פולקאָמע ליידנשאפט. און דאָך האָט זי אויפגעבליט און פאר־

בליט פאר אים. און איר לעבן איז איר טויט איז אויפגעגאנגען אין איין פלאם פון ליבע צו אים.

דערין האָט געמוזט זיין עפּעס שיינעס, עפּעס אזוינס וואָס לאָזט זיך נישט באגרייפן, וואָס איז געקומען פון גאָטס פארהוילענעם סוד. — ווער האָט געקענט האָבן די העזה אָנרירן עס מיט זיין האנט?

אָבער פאר זיך אליין איז ער געווען א רעטעניש.

זיינע לונגען האָבן געארבעט.

זיינע אויגן האָבן געזען. זיינע אויערן האָבן געהערט. נאָך אלעם, וואָס איז געשען, איז ער נאָך אלץ געשטאנען אויף ביידע פיס.

עס האָט אים אָנגעכאפּט אן אימה און א קלעמעניש. —

און מיט לוציע טרענקוויץ האָט ער זיך געשיידט אויף אייביק... די קייטן זענען אראָפּגעפאלן, אָבער אין זיין פרייהייט איז ער געבליבן א געפאנגענער, וואָס האָט נישט געוואגט צו עטעמען.

דעמאָלט, ווען ער האָט באגאנגען א גובה, האָט ער זיך געפילט לייכט און האָט נישט מורא געהאט. און איצט הענגען אויף זיין קערפּער שווערע געוויכטער, וואָס דערדריקן אים מיט זייער משא.

— טראָגט ער אויף זיך די שולד?

— ניין, ניין, דאָס ווארף איך אפּ — איך ווארף עס אָפּ אין תּוך. — האָט ער הויך פאר זיך געשריגן, אז די מענטשן אויף דער גאס האָבן זיך אומגעקוקט און געהאלטן אים פאר א משוגענעם.

מיט האַסטיקע טריט איז ער אנטלאָפן פון דאָרט, ווי געיאָגט פון הינט. און באָדנדיק זיך אין שווייס האָט ער דערגרייכט דעם האָטעל.

ער האָט זיך געהייסן ארויפברענגען קאָניאק, אריינגעגאָסן אים אין א גרויסן גלאָז און האָט עס אויסגעטרונקען ביז צום דנאָ, נאָכאמאָל אָנגעפילט און ווידער אויסגעטרונקען.

דערנאָך האָט ער פארמאכט די לאָדנס, פאריגלט די

טיר און אין די שיך און קליידער, אזוי ווי ער איז געווען, זיך ארויפגעוואָרפן אויפן בעט.

ער איז פארזונקען אין א טיפן שלאָף.

עס האָט שוין געמוזט זיין לערך צען א זייגער פרי, בעת מ׳האָט געוואלטיק אָנגעקלאפט אין זיין טיר.

א לענגערע צייט האָט געדויערט, איידער ער האָט זיך אויפגעכאפט.

א באקאנטע שטימע האָט גערופן פון דרויסן

— אויפמאכן... אין גאָטס נאָמען, אויפמאכן!

א ווײַלע האָט ער זיך נישט גערירט פון אָרט, געקוקט ארום זיך מיט גלעזערנע אויגן, און האָט געשפירט אין די גלידער א בלייערנע משא. די קליידער זענען צעקנייטשטע געהאָנגען אויף אים, זיינע פיס זענען געווען ווי אָפגענומען. זיין געזיכט האָט געהאט א צעטראָגן אויסזען. פאמעלעך, גאנץ פאמעלעך איז ער געקומען צום זינען.

— אימהדיק—אימהדיק—האָט ער געמורמלט.

אין דרויסן האָט מען אויפסניי אָנגעהויבן צו קלאפן:

— מאך אויף—מאך אויף—כ׳בעט דיך.

ער האָט זיך צוגעשלעפט צו דער טיר.

— דו ביסט עס,—האָט ער אויסגערופן פארוואונדערט.

ס׳איז געווען לערדא, וועלכע איז געשטאנען פאר אים א דערשראָקענע.

— וואָס ווילסטו פון מיר?

זי האָט אזוי האסטיק צוגעמאכט הינטער זיך די טיר, אז ער האָט אויפגעציטערט. דערנאָך האָט זי בדעה געהאט עפענען די פענסטער.

— דו וועסט דאָך דערשטיקט ווערן אין אזא לופט!

— לאָז מיך צורו! האָט ער א געשריי געטון, צערייצט,

— גוט, גוט, ווי דו ווילסט.

זי האָט זיך דערינענטערט צו אים.

— נאטירלעך בלייבן די פענסטער צו, אויב דו ווילסט אזוי. אָ גאָט, ווי דו מוזט ליידן!

איר שטים איז געווען נאָנט צום וויינען. ער האָט זי פלוצלינג אָנגעקוקט פארחידושט, נישט זאָגנדיק קיין וואָרט.

— וואָס האָסטו דאָ? האָט ער צום סוף געזאָגט און גע־וויזן אויף א צייטונג, וואָס זי האָט פארקראמפט געהאלטן אין דער האנט.

— גאָרנישט, גאָרנישט,—האָט זי האסטיק געענטפערט און האָט געוואָלט פארבאָרגן פאר אים דאָס בלאט.

— דו ווילסט מיך שוינען? — די ווערטער זענען שארף ווי א מעסער ארויס פון זיין מויל.

און נישט פרעגנדיק זיך האָט ער ביי איר ארויסגעריסן די צייטונג, צוגעגאנגען צום פענסטער און מיט כח אויפגע־עפנט די לאָדנס.

ער האָט געלייענט גאנץ פאמעלעך—וואָרט ביי וואָרט.

זיין געזיכט איז פינסטער געוואָרן. מען האָט אים גאָר־נישט געשוינט.

אז ער איז געווען דער זון פון געהיימראט רעלנאָוו— געהאט פאר א פרוי א געבוירענע טרענקוויץ, די טאָכטער פון באקאנטן גרויסאינדוסטריעלער און געפינט זיך אונטער פארדאכט, אז ער האָט אראנזשירט דעם מאָרד—די סצענע מיטן פאטש ביי שטיינערט און האנזען, זיין אנטלויפן אין האָטעל פירשט ביסמארק... אלץ איז געווען באשריבן ביז צו די קלענסטע פרטים.—שרעקלעכער מאָרד און זעלבסטמאָרד אויף לעוועטאָוו-שטראסע—אזוי איז געווען דאָס קעפל פון ארטיקל.

ער האָט ארייגגעשטעקט דאָס בלאט אין קעשענע און איז פארזונקען אין זיינע געדאנקען. לערדא האָט א פאָר מינוט געשוויגן, דערנאָך אָבער האָט זי זיך אָנגענומען מיט מוט און געזאָגט מיט גרויס אנטשיידנקייט:

— דו קאָנסט דאָ אויף קיין שום פאל ווייטער נישט פארבלייבן — עס האָט אויך נישט קיין זין, זיך אזוי צו פייניקן. די טויטע וועלן דורך דעם נישט אויפשטיין. דו מוזט איצט אומבאדינגט טראכטן וועגן זיך. קום, אונטן ווארט א פיאקר.

— וואָס האָסטו געזאָגט?

זי האָט איבערגעחזרט וואָרט ביי וואָרט. ווידער האָט ער נישט געקאָנט באגרייפן דעם זין פון אירע ווערטער, ער איז געשטאנען מיט א פוסטן אויסדרוק אויפן פנים.

— נו, ריר דיך שוין אמאָל! — האָט זי פארצווייפלט געשריען, — ווילסטו אינגאנצן פון זיך א תל מאכן?

זי האָט אים דערלאנגט דעם הוט און מאנטל און מיט געוואלט ארויסגעשלעפט פון צימער.

אויף די טרעפ איז ער געבליבן שטיין.

— פון וואנען האָט לוציע געוואוסט — אז איך בין דאָרט געווען, — האָט ער געמורמלט פאר זיך אָן א צוזאמענהאנג.

לעדראס געזיכט האָט לייכט אויפגעציקט.

— יאָ, וואָס זאָגסטו צו דער פארשוין? האָט זי זיך אָנגערופן. — דאָס רופט זיך א דאמע און מאכט אזא סקאנדאל — ווען אונזער איינע וואָלט דאָס געטון — נו, וואָלט זיך געקאָכט א ביסל!

זי האָט אים ארייגעשטופט אין פיאקר.

— וואו פאָרן מיר אייגנטלעך? — האָט ער נערוועזיש געפרעגט.

— נאטירלעך צו מיר. דו קאָנסט דאָך דערווייל וואוינען ביי מיר.

— דו מיינסט עס נישט אוודאי ערנסט, — האָט ער זיך צעביינזערט.

— אויב דו ווילסט נישט — קאָן איך דיך נישט צווינגען — — כ'האָב נאָר געמיינט...

— פאר ווען האלסטו מיך? — האָט ער זי איבערגעהאקט. — האָסט אפשר געמיינט, אז איך וואָלט געוואוינט אין דער וואוינונג פון דיין ליבהאָבער. —

זיין געזיכט איז געוואָרן רויט ביז צו די שלייפן.

זי האָט געהאט א שארפן ענטפער אויף דער צונג, אָבער זי האָט זיך באהערשט.

— הער — כ׳פארזיכער דיר אויף מיין וואָרט, אז באַ-ראָן גינסקי איז קיינמאָל נישט געווען מיין ליבהאָבער. אויב דאָס איז ליגן, האָב איך קיינמאָל נישט געזאגט קיין אמת וואָרט.

— ווער איז ער דען?

זיין טאָן איז געווען מיד און גלייכגילטיק.

— ער איז מיין פריינט — כ׳ברויך נישט מאכן דערפון קיין געהיימניש — ער האָט מיך גענומען פון דער גאס און אויסגעבילדעט מיך פאר א טענצערין. איבריקנס, האלט איך אים אין צוים. אזוי — מיר זענען שוין אָנגעקומען. דו וועסט עסן פרישטיק ביי מיר, וועסט דיך אויסרוען — און דערנאָך ווי לן מיר גיין זוכן א וואוינונג.

ער האָט זי אָפּגעמאָסטן מיט א בליק, אז ס׳האָט איר אזש וויי געטון. אזוי שרעקלעך אומגליקלעך האָט ער אויס-געזען.

שטום און פארטיפט אין זיך איז ער ארויף מיט איר אויף די טרעפּ. זי האָט ארויסגענומען א שליסל פון איר קליין האנטבייטעלע און געעפנט די טיר.

— גרייט צו פרישטיק — האָט זי באפוילן דער דינע-רין — און ווענדענדיק זיך צו רעלנאָוון. — אזוי, דאָ איז דאָס באָדצימער, מאך דיר באקוועם — און מיט א ברייטער גוטסקייט, וועלכע האָט אייגנטלעך נישט געפאסט צו איר, האָט זי צוגעגעבן: כ׳בעט דיך פון גאנצן הארצן, טראכט איצט א ביסל וועגן זיך. גיי, נעם א באָד — עס וועט דיר באַ-רואיקן.

נישט ווילנדיק האט ער געמוזט שמייכלען. זי האלט מיך פאר א קליין, שוואך קינד — אזוי ווי מען וואָלט מיר געקאָנט העלפן מיט ווערטער. אבער הויך האט ער געענטפערט:

— גוט — לאז מיך איצט איבער אליין.

## צווייטער קאַפּיטל

ער האָט נישט באַדאַרפט צו זוכן קיין וואוינונג. אַז ער איז נאָכמיטאָג געקומען אין האָטעל פּירשט ביסמאַרק, כדי אָפּצורעכענען זיך און אָפּנעמען די פידל האָט ער געפונען אַ דעפּעשע, אין וועלכער טרענקוויץ האָט אים מיטגעטיילט קורץ און שאַרף, אַז ער האָט מיטגענומען לוציען קיין דיסל־דאָרף און באַלד אָנגענומען די נויטיקע שריט פאַר א גט,

רעלנאָוו האָט פעסט צוגעדריקט צו זיך דעם פידל־קאַסטן, אַזוי ווי ער וואָלט געווען זיין לעצטע רעטונג. ער איז געגאַנגען גלייך אין זיין וואוינונג אַריין.

ער האָט זיך מיישב געווען, צי זאָל ער נישט פאַרלאָזן די וואוינונג און דינגען זיך אַן אָרעמע סטודענטן־בוידעם — אויסמעקן אַלע ערינערונגען — אָנהויבן צו לעבן פון דאָס ניי.

ס׳האָט זיך אים אָנגעהויבן צו שווינדלען אין קאָפּ. וואָס איז מיט אים לעצטנס פאָרגעקומען? ער האָט זיך קוים גע־האַלטן אויף די פיס. ס׳איז אים באַפאַלן א גרענצלאָזע שוואַכקייט.

מיט גרויס מי האָט ער זיך צוגעשלעפּט צום נאָנטסטן פיאַקר און אַהיימגעפאָרן.

מיט די לעצטע כחות איז ער אַרויף אויף די טרעפּ.

דאָס דינסטמיידל האָט אים אָנגעקוקט מיט שרעק, זי האָט גראָד געהאַט בדעה איינצופּאַקן אירע זאַכן.

— אָ מיין גאָט, ווי איר זעט אויס, — האָט זי ארויס-געשטאמלט, דערזעענדיק אים.

— די שטשורעס פארלאָזן די שיף, — האָט ער גע-טראכט און האָט מיט א פאראכנדיקן און הויכמוטיקן שמייכל געקוקט אויפן האלבגעפאקטן קופער און אויף די קליידער, וואָס זענען געלעגן צעוואָרפן אויפן דיל.

דערביי האָט ער געפילט א שטעכנדיקן ווייטאָג איןביי-דע שלעפן.

— ווען ווילט איר אוועקגיין ?

— היינט אין אָוונט האָב איך געוואָלט אוועקגיין צו מיין מומען, אָבער ווען דער הער — —

— ניין ! איילט אייך צו, איידער ס׳ווערט טונקל — און זאָל אייך וואויל גיין.

ער האָט איר גלייכצייטיק א מאך געטון מיט דער האנט צום אָפשייד און איז אריין אין שלאָפצימער : ער האָט זיך קוים געהאלטן אויף די פיס.

וואָס פאר א מיאוסע ארבעט דאָס איז אויסצוטון פון לייב די קליידער — ענדלעך – — — ער איז געלעגן אין בעט און האָט צוגעצויגן די קני צום קערפער — ער האָט מורא געהאט אויסצוציען די פיס און נישט קוקנדיק אויף זיין אויסגעמאטערטקייט האָט ער געמוזט שמייכלען פון דער דאָזיקער מורא.

מיט א שנעלער, אנטשלאָסענער באוועגונג האָט ער ארויפגעלאָזט די קני און האָט איבערגעצויגן די דעק ביז איבערן האלז. ער האָט שטארק געציטערט —— זיינע ציין האָבן געקלאפט ווי אין פיבער.

— כ׳וויל נישט,—האָט ער געזאָגט צו זיך און באמיט זיך מיט אלע כוחות צו באהערשן די שוואכקייט.

פאמעלעך איז אים ווארעם געווארן— – — ער האָט געהערט, ווי די טיר האָט זיך פארקלאפט אויפן שלאָס און האָט דערפון ארויסגעדרונגען, אז דאָס מיידל האָט פארלאָזן די וואוינונג.

ער האָט לייכטער אָפּגעטעמט. געלויבט צו גאָט, איצט איז ער געווען אייבער צליין אין זיינע פיר ווענט. טיף אויס-נעמאטערט האָט ער צוגעמאכט די אויגן.

אויף זיין בעט האָט זיך נאָכאמאָל אנידערגעזעצט פרוי פריסלאנדער. ער האָט גענומען איר צארטע האנט, געגלעט און געקושט זי. — זעסטו, מאריעלע, אזוי האָב איך מיר נישט פארגעשטעלט אונזער צעשיידונג. גאָט איז מיין עדות! איך האָב געטראכט, מיר וועלן נאָך גיין צוזאמען א גוטן מהלך וועג, איידער מיר וועלן זיך אָנקוקן טיף אין די אויגן און זיך געזעגענען, דו האָסט אנדערש געוואָלט. איך האָב נישט געטראכט וועגן צובינדן דיך צו זיך, כ'האָב נישט געקענט טראכטן דערפון, איך בין א מענטש, ווען עס פעלט אויס אָטעם, ווי ער דערהערט נאָר דאָס קלינגען פון קייטן. דו האָסט דאָס פארשטאנען, ווי קיין מענטש ביז איצט און דו האָסט עס ארויסגעזאָגט מיט מוט. און איך האָב דיך צוגע-הערט און נישט פארלייקנט. אָבער פארוואס ביסטו אוועק און פארוואָס האָסטו נישט דערלאָזן יענעם אָפּצורעכענען זיך מיט מיר? דאָס איז נישט שיין געווען פון דיין זייט. צי גלייבסטו באמת, אז איך הענג אזוי אין לעבן, אז עס פעלט מיר אויס כחות — צו שטארבן? האָסט א טעות, מאריעלע, א שווערן טעות. קוש מיך נאָך אמאל. מאריעלע, און האב א רואיקן שלאָף.

די באראָנעסע זיידליץ האָט זיך באוויזן אין טיר. זי האָט אויסגעזען וואונדערשיין, אויף דער ברוסט האָט זי גע-טראָגן רויטע נעלקן. אירע אויגן האָבן איבערנאטירלעך גע-שטראַלט. — זייט מיר מוחל, אויב איך שטער אייך, באַראָן גינסדאָרף, איך האַלט אייך אויף נאָר א מינוט. איר דאַרפט נישט בייז זיין אויף לוציע טרענקוויץ. צו טיף האָט זי גע-ליטן, הער באַראָן.

ס'איז מיין זאך, גנעדיקסטע.

פרייליין זיידליץ איז שטארק רויט געוואָרן און זיך פארנייגט, און אויפן אָרט וואו זי איז געשטאנען, איז איצט געווען לוציע טרענקוויץ. ער האָט זיך בעסער גע-

מאכט די קיזנס. — אויב איינער פאטשט דיך אויף דער רעכטער באק, שטעל אים אונטער די לינקע. – ער האָט העפלעך געשמייכלט. — כ'בין גאָרנישט בייז אויף דיר. דער פאפא איז באמת געקערט. איידער דער ערשטער שניי וועט ארויספאלן, וועסטו פארטיק זיין מיט מיר. קיין שום פאָר־וואורף, מיין קינד, באמת נישט. און איבער א יאָר וועל איך זיין אן עדות פון דיין חתונה. וועסט ווערן א באבע. גוטע נאכט, לוציעלע... טאנגאָ זאָל איך טאנצן, מיט פארגעניגן, ווען איך וואָלט נאָר נישט געווען אזוי טויטמיד...

דאָס ליגט ביי די גינסדאָרפס אין בלוט, דאָ קאָן מען גאָרנישט מאכן, ליבער מעדיצינאלראַט... גייען מיר אין א גע־וועט — ניין, זינט יענער צייט נישט מער... פראָקוראָר פלעק האלט די באשולדיקונגס־רעדע... כ'האָב מיך געקייקלט פאר געלעכטער. גוטע מענטשן די געשוואוירענע —— פרייגעשפראָכן — פראָקוראָר פלעק... ס'נעמט אָן ביים הארצן צו קוקן אויף אים... ניין, איך האָב שוין קיינעם מער נישט געזען — סיי דעם גראף לוגוויץ, ווי אויך נישט דעם פירשט שוימבורג־ליפפע. פון וואנען איך לעב? כ'שפיל אין נאכטלאָקאלן... כ'מאך קאמערמוזיק — פידל.

ער האָט צעעפנט די אויגן און איז מיט איין שפרונג ארויס פון בעט.

אייז־קאלט וואסער איבערן קאָפ, איבערן נאקן און רוקן. חלומות זענען פוסטע מעשות...

און ווייט פון אים איז אוועק נישט נאָר דער בייזער, פארפלאָנטעטער חלום פון דער נאכט. צעריסענע קייטן, אויפ־געקניפטע שטריק — ער האָט אָפגעשפילט זיין ראָל פון א באוויבטן.

האָסט געמוזט אָפגיין מיט בלוט־אָרעם מאריעלע — ביסט געווען דער קרבן...

בין איך ווערט דעם קרבן?

א סוף צו די אומגעלומפערטע פראגן!

דאָס לעבן רוישט — מיין אויער פארנעמט דאָס קלאפּן
פון זיינע כוואליעס — ווי עס ברויזט ביים ברעג.

און רעלנאוו האָט זיך אויסגעגלייכט. זיין געזיכט אויס־דרוק איז ווידער שטייף געוואָרן — זיין קערפּער איז געוואָרן פּלאַסטיש.

— אוואנטי — האָט ער שטיל פאר זיך געזאָגט.

## דריטער קאַפּיטל.

אז ער איז מיט איניקע וואָכן שפּעטער געקומען צו לערדא, האָט אים געעפענט א פרעמדע פרוי, און אן אומבע-קאנטע מענערשטים האָט צו אים דערגרייכט פון צימער.

וואָס קומט דאָ פאָר, — האָט ער געטראכט און געוואלט זיך באלד דערוויטערן.

אָבער אין זעלבן אויגנבליק איז לערדא אריין אין פּאָדערהויז.

— מיר האָבן גערעדט וועגן דיר. דער באראָן איז שטארק נייגעריק — קום אריין.

— איידער ער האָט זיך ארומגעקוקט, איז ער געשטאנען פאר א קליינעם, באוועגלעכן הערן, וועלכער האָט געטראָגן א העלן אנצוג אין פאסן מיט אומגעווייגלעך ברייטע הויזן. ער איז געווען גלאט ראזירט — עטוואָס גרוי ביי די שלייפן, גע-האט זייער שיטערע האָר אויפן קאָפּ און א שטערן פון א טרוי-מער. זיינע קליינע אויגן זענען געווען קלוג און האָבן געהאט א טרויעריקן אויסדרוק. לויטן אויסזען האָט ער געמאכט דעם איינדרוק פון א צעטראָגענעם און אומרואיקן. ער האט גערעדט מיט א מערקווירדיקער שנעלקייט און מיט א קוויטשענדיקער, הויכער שטים.

— ס׳פרייט מיך זייער, מיין ליבער, ס׳פרייט מיך זייער זעצט אייך. ליזעלע, מאך אונז קאפע, פארשטייסט, ליזעלע — אזא, וואָס מען זאָל קענען אויסטרינקען.

ער האט ארויסגענומען א פּאָרטסיגאר, פּאָרגעלייגט רעל-נאָוון און גלייכצייטיק זיך אליין באדינט.

לערדא האָט באטראכט אירעביידע געסט מיט גרויס נייגעריקייט. גינסקי האָט נישט געקענט קיין מינוט רואיק זיצן: ער האָט כסדר געשפּרייזט איבערן צימער, אריינגעשטעקט דעם פּאפּיראָס אין מויל און האָט אומאויפהערלעך גערעדט אין אָפּגעריסענע זאצן. ער האָט נישט געלאָזט קיינעם קומען צום וואָרט.

— איר זעט, איך פארברענג זייער גערן אין בערלין — בערלין האָט אין זיך שוואונג — איז אָנגעלאָדן מיט עלעקטרי. ווין איז לאנגווייליק, פּאריז איז צופיל איבערגעזעטיקט מיט קולטור — און אין לאָנדאָן כאפּ איך איטלעכס מאָל א קאטאר. איצט טראָג דיך אָפּ, ליזעלע, איך וואָלט געוואָלט שפּייזן אליין מיטן הער רעלנאוו.

— איר ווייסט נאָך גאָרנישט, הער באראָן, אויב ער האָט חשק, ער איז דאָך געקומען צו מיר.

באראָן גינסקי האָט געמאכט א פארוואונדערט געזיכט.

— פּארדאָן, איך וואָלט אין גאָטס נאָמען נישט געוואָלט שטערן. אויב איר האָט חשק צו בלייבן צוזאמען מיט דער ראָצערין, אָדער עפּעס אנדערש אין זינען:

— אויף מיר דארפט איר נישט לייגן קיין אכט, — האָט אים לערדא איבערגעהאקט. איך מוז סיי ווי נאָך אהיימגיין, איידער איך וועל טאנצן. ווייסט איר וואָס? קומט היינט ביי-נאכט אין עקסצעלזיאָר-באר.

רעלנאוו האט געשאָקלט מיטן קאָפּ, און גינסקי האָט קורץ געזאָגט:

— דאָס וועלן מיר זיך נאָך איבערלייגן. זעלבסטפאר-שטענדלעך. אויב דאָס איז אייך ניחא, הער רעלנאָוו.

— גערן, — האָט יענער געענטפערט; ווייל ס׳האָט אים עפּעס געצויגן צום דאָזיקן וואונדערלעכן מענטשן, וועגן וועלכן ער האָט זיך נישט געקענט אָפּגעבן א קלאָרן דין וחשבון.

הער פאָן גינסקי האָט געפּאטשט אין די הענט.

— איצט טראָג דיך אָבער אָפּ, ליזעלע, אז נישט וועל איך ווערן ברוטאל.

זי איז שוין געווען אין דער טיר און האָט א וואונק געטון צו רעלנאוון.

איך וואוין נישט מער דאָ, — האָט זי שטיל געזאָגט, — ער האָט דאָס נישט ליב, ער וויל אלעמאל זיין אליין, היט דיך פאר אים, ער איז אביסל נישט אינגאנצן ביים זינען; דו ווערסט עס שוין באמערקן.

זי האָט זיך צעלאכט.

— צו מיר אין וואוינונג קאָנסטו אויך נישט קומען, ווייל מ'איז נישט זיכער פאר דעם פּארשוין — דו ווייסט שוין — מאָרגן אָדער איבערמאָרגן בין איך ביי דיר.

זי האָט נישט געוואַרט אויף זיין ענטפער, האָט אים שנעל א קוש געטון און איז אוועק.

אז רעלנאוו איז ווידער אריינגעקומען אין צימער, איז דער באראן געשטאנען ביים פענסטער און ארויסגעקוקט. ווייזט אויס, ער האָט אינגאנצן פארגעסן אָן זיין גאסט. מיט האָט ער זיך אומגעדרייט און געזאָגט:

— דאָס איז א פריילעך מיידל, אָבער ווען מען פאר-ברענגט מיט איר לאנג, ווירקט זי אויף די נערוון.

ער האָט אויפגעדרייט דאָס עלעקטרישע ליכט, פאַרצויגן דאָס מויל און ארויסגעלאָזן אַ פייף ענלעך צו א סיגנאל.

די פרוי, וועלכע האָט רעלנאָוון געעפנט, האָט זיך באוויזן אין דער טיר.

— מאך אן אָנשטענדיקן אָוונט-ברויט — פאר אונז ביידע. האָסט געהערט? אומעטום נעם איך מיט מיין קעכין. כ'קאָן נישט ליידן די רעסטאָראן-מאכלים, — האָט ער גלייכ-צייטיק דערקלערט.

— וואוינט איר אויך ערגעץ אנדערש, אחוץ בערלין און ווין? — האָט רעלנאָוו געפרעגט מיט א פאו חידושטן שמייכל.

— אין פאריז און אין לאָנדאָן האָב איך אויך א קליינע קוואַרטיר.

— איר פירט, ווייזט אויס, א ברייט לעבן!

— נישט אזוי שרעקלעך. פריער אפשר. איצט אינטערע־סיר איך מיך נאָר מיט בערלין — ס׳איז דאָ א גרונד דערצו! ווי קומט איר אייגנטלעך צו ליזן?

רעלנאוו האט עס אים קורץ דערציילט.

באראָן גינסקי האָט פאררויכערט נאָך א פאפיראָס און א ווײַלע געפּיפּקעט פאַר זיך.

— היט אייך פאר איר. איך קען מיך א ביסל אויף די ווייבער: כ׳בין קיינמאָל מיט איר נאָענט נישט געווען. צוערשט, ווען כ׳האָב זי געלאָזן אויסבילדן, האָב איך דאָס געהאט אין זינען. שפּעטער איז אָבער געוואָרן אנדערש. א פארפלוכטע געשיכטע. — לאָמיר בעסער וועגן דעם נישט ריידן.

— צי האָט איר א וואָסער עס איז גרונט צו וואָרענען מיך פאר לערדא?

גינסקי האָט געהויבן די אקסלען.

— קיין שום ליידנשאפט בינדט מיך צו איר נישט צו. איך האלט זי פאר א גוטן חבר און רוק יעדע שעה פון איר אוועקגיין.

— דאָס גלויב איך, אָבער לערדא וועט נישט גיין. זי האלט פעסט און לאָזט נישט אָפּ אזוי לייכט. כ׳קאָן נישט פארשטיין. טיילמאל פרעג איך מיך, צי איז זי אן אנשטענ־דיקע פרוי, אָדער אן אויסוואורף. מיר דאכט זיך גיכער: זי איז א לאָדער.

רענלאָוו האָט זיך צוגעהאָרכט. ער האָט זיך פארטראכט.

— וואָס איז אייך? — האָט געפרעגט גינסקי, וואָס האָט דאָס באלד באמערקט.

— נישט ווילנדיק האָב איך זיך דערמאָנט א סיטואַציע, בעת וועלכער איך האָב געשטעלט פונקט אזא פראַגע. — ער האָט א רגע געקוקט פאר זיך און דערנאָך ווײַטער גערעדט:

— די פרוי, צו וועלכער די פראגע איז געווען געווענדעט, האָט מיר געגעבן א משונהדיקן ענטפער, אז איר גאנץ לעבן איז אָפּהענגיק פון מיר! דעמאָלט האָב איך געלאכט דערפון איצט דענק איך אנדערש.

יאָ, מיר, מאנסבילן, טרעפן כמעט אלעמאָל אָן אויף דעם נידעריקן טיפּ. און ווען מיר טרעפן די ריכטיקע פרוי איז שוין צו שפּעט.

— איך האָב א ביסל אן אנדערע מיינונג. ווען לערדאָ טאנצט, איז איז זי פול מיט שיינער באוועגונג, און דעמאָלט פאַלט פון איר אָפּ דאָס, וואָס איר רופט אָן דאָס נידעריקע.

גינסקי האָט ארויסגענומען פון וועסטעל-קעשענע א מאָ-נאָקל און האָט אים ארויפגעזעצט אויפן רעכטן אויג.

— כ'בין אייך מקנא צוליב אייער יוגנט, אמאָל האָב איך אויך אין יעדער אנגעשמירטער מיידל געזוכט אַ נס.

ער האָט זיך פלוצלינג א כאפּ אויף געטון און ארויס-גענומען דעם זייגער.

— איצט האָט זיך דאָס גראָד אָנגעהויבן, – האָט ער געזאָגט קוים וואָס מען האָט געהערט. — איך פיל דאָס בחוש.

עס האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן, ווי ער איז אומ-רואיק, ער האָט צוגעלייגט די האנט צו זיין אויער, איבערגע-בויגן זיין קערפּער און האָט אָנגעשטרענגט צוגעהאָרכט. דאָס מענטשל האָט אין דאָזיקן מאָמענט געהאט א מאָדנע משונה'דיקן אויסזען.

— געטלעך, געטלעך.

אויף זיין געזיכט איז געלעגן א פארקלערטע פשטות.

— דאָס טרעפט מען נישט קיין צווייטן מאָל אויף דער וועלט. שא, — האָט ער געשעפּטשעט און ווידער זיך צוגע-האָרכט. דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן צו פאטשן מיט די הענט, ווי א מטורף.

— צי איז דער דאָזיקער מענטש ביים זינען? האָט דענלאָוו זיך געפרעגט.

גינסקיס שפּאַנונג איז פאַרביי.

— עס פריים מיך זייער, וואָס ליזעלע קאָן טאַנצן, ס׳פריים מיך גוואַלטיק.

די קעכין האָט אַריינגעפירט אַ קליין טישל אויף רעדלעך, אויף וועלכן ס׳איז געווען גרייט דאָס עסן.

— קומט, מיר וועלן שפּייזן.

נאָכן ערשטן ביסן האָט רעלנאַוו אַוועקגעלייגט מעסער און גאָפּל און האָט געזאָגט:

— דאָס איז פונדעסטוועגן מאָדנע: פאַרוואָס האָט איר מיך פאַרבעטן צום טיש, הער פאָן גינסקי? און פאַרוואָס האָב איך אָנגענומען די איינלאַדונג? צי קענען מיר זיך דען? געפינט איר דאָס נישט אַלס אייגנטימלעך?

— מיר זענען שוין באַקאַנט.

רעלנאַוו האָט געמאַכט אַ פאַרוואונדערט פּנים.

— לערדאַ האָט מיר געשריבן וועגן אייך.

— פיינלעך,—האָט רעלנאַוו געטראַכט, און זיין געזיכט האָט זיך פאַרפינסטערט.

— ביטע שיין, נעמט עפּעס אין מויל אַריין. די מיידלעך שרייבן צו מיר פון צייט צו צייט. און לערדאַ האָט געוועקט אין מיר דעם אינטערעס צו אייך. זענט איר בייז צוליב דעם, הער רעלנאַוו?

— אָ ניין – ס׳שטימט אַפילו: מ׳איז אין דער זעלבער צייט אין ווין און אין קאַלקוטאַ.

גינסקי האָט צוגעשטימט. אַזוי ווי רעלנאַוו וואָלט געזאָגט די זעלבסטפאַרשטענדלעכסטע זאַך אויף דער וועלט. דערנאָך איז ער צוגעגאַנגען צום פענסטער און אַרויסגעקוקט אין דער פינסטערניש.

— יואָס פאַר אַ נעפּל – ווי האַרבסטיק – ווי קאַלט!

ער האָט שנעל צוגעמאַכט דאָס פענסטער און געריבן זיך די הענט, אַזוי ווי ער וואָלט זיך געוואָלט אָנוואַרעמען.

— טרינקט מיט מיר, הער רעלאָוו – לאָמיר זיין לוסטיק! ער האָט אָנגעפילט די גלעזער.

— איר דייטשן האָט דאָך אַ ידיעה אין ענין טרינקען. די גלעזער האָבן געקלונגען.

— הערט-הערט,-האָט ער פלוצלינג געהיימניספול געזאָגט, ברייט געעפנט די אויגן, און זיינע שמאָלע, לאנגע אויערן האָבן זיך באוועגט צום טאקט.

די דאָזיקע באוועגונג איז געווען אַזוי משוגע קאָמיש, אַז רעלנאוו האָט זיך הויך צעלאכט.

גינסקין האָט דאָס א האָר נישט געארט. ער האָט געטשמאקעט מיט דער צונג, ווידער אַ קוק געטון אויפן זייגער און צוגעהאָרכט.

— פראים,—האָט ער געזאָגט בייז ווערנדיק. לאָזט זי צורו! איר זעט דען נישט, אַז זי איז שוין מער נישט בכּוח?! — אויף ביז? אַ פייג! אויסרוען, הארצלעבן, נישט אָנשטרענגען זיך צופיל! - אַזוי רעלנאוו, איצט איז די גרויסע פויזע. נעמט עפּעס אין מויל אַריין. כ׳וואָלט געוואָלט זען אזעלכע, וואָס וועט זינגען בראמס, אזוי ווי זי! — האָט ער געזאָגט ווי מיט אַ טריאומף.

— פאר אייער געזונט, הער פאָן גינסקי. איך האָב אייך די גאנצע צייט מקנא געווען. דאָס מוז זיין אַ פענאָמענאלע שטים. איר האָט פשוט געטרינקען די טענער.

— אזא שטים איז גאָרנישט בנמצא און אזא פערזאן אויך נישט. אַך, מיין ליבער, אזוי ווייט האָט איר נאָך נישט דער-גרייכט.—ער האָט געמאכט מיטן פינגער א סקעפּטישן רמז. — איר זענט נאָך ביי דער לערדא, האָט מיר נישט פאראיבל!

— ווען איך וואָלט נאָר געוואוסט; וואו איך בין,—האָט רעלנאוו געענטפערט און אוועקגערוקט פון זיך די טעלערס.

זיין טאָן האָט עטוואָס איראָניש געקלינגען.

— פארדאָן, כ׳האָב אייך נישט געוואָלט באליידיקן. מיך מוז מען ליב האָבן. מיר גייט נעמלעך גאָר נישט גוט,—האָט ער צוגעגעבן און איז אויפגעשפרונגען פון זיין שטול.—הערט, איצט הייבט זיך אָן דער צווייטער טייל. טשאיקאָווסקיס סימ-פאָניע. גראנדיעז!

מיט דער ו'עכטער האנט האָט ער צוגעקלאפּט דעם טאקט, אזוי ווי ער וואָלט געהאט אונטער זיך דעם אָרקעס־טער, און האָט איבערגעריסן ערשט דעמאָלט, ווען ער האָט באמערקט, אז רעלנאוו האָט לייכט אויפגעציטערט.

— זייט נישט בייז, כ'בין היינט אביסל אין אַ נארישער שטימונג. מיין גאָט, פארוואָס זאל איך עס אייך נישט דער־ציילן. איך ווייס אזוי פיל וועגן אייך, מסתמא האָט אייך לערדא דערציילט אויך וועגן מיר.

— ניין,—האָט אים רעלנאוו איבערגעריסן,—מיר האָבן אייגנטלעך קיינמאָל נישט גערעדט וועגן אייך.

גינסקי האָט אים אָנגעקוקט מיט אומצוטרוי.

— וואָס ווייסט איר דען וועגן מיר? האָט רעלנאָוו נישט זיכער געפרעגט.

— דאָס, וואָס די צייטונגען האָבן געפּלוידערט. און וואָס ליזע האָט נאָך צוגעטראכט,

— זי זאָגט אלזאָ ליגן?

— און גאָרנישט שלעכט. איר דארפט די געשיכטע זיך נישט נעמען איבריק צום הארצן. אן אנת: פלאָג מיט די ווייבער.

רעלנאָוו האָט געמוזט לאכן פון קליינעם באראָן, וועל־כער האָט מיט אמאָל אים אָנגעהויבן צו באטראכטן מיט אַ פארדאגהטער און פארקלערטער מינע.

— גוט, איך וועל אייך מיטנעמען, — האָט ער גע־זאָגט אינגאנצן אָן א צוזאמענהאנג, אָננעמענדיק פּלוצלינג א באשלוס.

— אין א שעה ארום וועט זיך דער קאָנצערט ענדיקן. איר וועט זי באקענען.

— אן אנדערש מאָל, — האָט רעלנאָוו זיך אָנגערופן.

— איך וועל דאָך נישט באפאלן אין מיטן נאכט א מענטשן, וועלכער האָט זיך אָנגעמאטערט אין אָוונט. וואָס וועט זאָגן דערויף די דאמע.

— דאָס איז שוין מיין דאגה. די דאמע ווייסט, אז איך

בין נישט אינגאנצןביים זינען. — און דערזועענדיק רעל-נאָווס פארחידושטן בליק, האָט ער געזאָגט: — איך בין באמת נישט אינגאנצן ביים זינען. איך צוויי חדשים ארום ברעכט ביי מיר ווידער אויס. איר ברויכט אייך נישט צו שרעקן, הער רעלנאָוו, ס'איז נישט אזוי שרעקלעך. יעדעס יאָר, בעת די נאטור שטארבט אָפּ, דעמאָלט ווער איך מרהשהורהדיק, פונקט ווי איך וואָלט באמת קראנק געווען; פיר, פינף וואָכן דויערט עס אלעמאָל. און ווייל איך מוז קומען צוליב איר קיין בערלין לאָז איך מיך אויך דאָ באהאנדלען.

— צוליב איר? — האָט רעלנאָוו אריינגעוואָרפן.

— נו יאָ, איך האָב עס שוין געזאָגט. היינט אָוונט וועלן מיר זען די דאמע. ווייסט איר, וואָס מיין בערלינער פראָפעסאָר — זייער א קלוגער מענטש — זאָגט צו מיר כסדר: איר וואָלט געקאָנט אינגאנצן געזונט ווערן, ווען די דאמע וואָלט געהאט פאר אייך מער פארשטענדניש. די שוטים אין ווין זענען נישט געפאלן דערויף. אָבער די דאמע האָט פאר מיר נישט קיין שום פארשטענדניש, ביז איצט ווייניקסטנס נישט.

— האָט איר זי אזוי שטארק ליב? — האָט רעלנאָוו געפרעגט.

באראָן גינסקי האָט אים אָנגעקוקט מיט גרויס בטול.

— דערפון קאָן מען גאָרנישט רעדן,—האָט ער טרויעריק געזאָגט, — דאָס איז א קאפיטל פאר זיך — — יעזוס, — האָט ער א דערשראָקענער איבערגעריסן, — גראָד האָט זיך דער קאָנצערט געענדיקט. איצט איז די עקסטע צייט.

ער האָט ווידער א פייף געטון און האָט געזאָגט צו דער אריינקומענדיקער ווירטין:

— ברענגט מיר שנעל אן אויטאָ... ווי די מענטשן אפלאָדירן דאָרט אָט א ביסל!

ער האָט אָנגעשפיצט די אוירן. רעלנאָוו איז געווען צעמישט.

— יאָ, הערט איר דאָס אלץ באמת, אָדער דאָס איז בײ אײך נאָר א האלוצינאציע?

— דאָס איז אזא נארישע פראגע, אז נאָר א דאָקטאָר װאָלט זי געקאָנט שטעלן. איך הער מײלן װײט — אין דעם אנטפלעקט זיך טאקע מײן זשעני. איר װעט זען, װי איך װעל זאָגן מאָרגען פּונקט אױפן האָר, װאָסער ליד זי האָט געזונגען צום שענסטן — און װאו דאָס פּובליקום האָט צום שטארקסטן אפּלאָדירט. װאָס קוקט איר מיך אזױ אָן, הער רעלנאָװ? מ'קאָן נישט ארײנקוקן אין דעם מענטשנס נשמה, מען קאָן הערן װי דאָס גראָז װאקסט — מען קאָן דאָס אָבער נישט זען. דאָס איז א צארטער אונטערשיד.

דערבײ האָט ער זיך אזױ משונהדיק צעלאכט, אז רעל־נאָװ האָט זיך דערשראָקן — אזױ בײז האָט געקלינגען דאָס געלעכטער.

אז זײ זענען געשטאנען אונטן פארן אױטאָ, האָט ער געזאָגט:

— עס פּאסט אפשר גאָר גאָרנישט, כ'האָב מורא מיטצו־פאָרן, איר װעט מיר די דאמע אן אנדערש מאָל פאָרשטעלן.

אָבער גינסקי האָט געענטפערט:

— אָן שום תירוצים, איר פאָרט מיט.

דער אױטאָ האָט זיך גערירט פון ארט, און רעלנאָװן האָט זיך געמישט אין קאָפּ פון אלערלײ געדאנקען. דער מענטש, װאָס איז לעבן אים געזעסן, איז עפּעס אזא אױסטערלישער פּארשױן.

דער אױטאא איז געפלױגן, — דאָס איז געװען א רײזע מיט אן אװאנטורע.

א שטילע, אומפארשטענדלעכע שרעק האט אים אָנגע־כאפּט.

— פארװאָס זענט איר אײגנטלעך נישט געגאנגען אױפן קאָנצערט? — האָט ער מיט אמאָל געפרעגט. ער האָט זיך װידער געװאָלט צוריק־קערן צו דער װירקלעכקײט.

— װײל איך קאָן נישט אײנזיצן שטיל. װײל ס'רײסט

און הויבט מיך אויף פון אָרט הויך מיטצווזיינגען און קלאפּן צום טאקט און ווייל דעמאָלט וואַרפט מען מיך ארויס. איך הער אַזוי אויך אַלץ.

דער אויטאָ האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַר אַן אַלט הויז, געבויט אין גאָטישן סטיל אויף דער בענדלער גאַס.

ווען זיי זענען אַרויף אויפן צווייטן שטאָק, האָבן זיך צו זיי דערטראָגן אויפגערעגטע קולות פון דער העלבאַלויכטענער וואוינונג.

— דאָ איז אוודאי א גרויסע געזעלשאַפט? — האָט רעלנאָוו געזאָגט אַן אומצופרידענער — איך וואָלט מיך גערן צוריקגעקערט.

— בשום אופן נישט.

— גינסקי האָט אָנגעקלונגען, און א מינוט שפּעטער זענען זיי ביידע געשטאַנען אין מוזיק-צימער פון מאָרלענע ריסט.

קיין שום איבעריקע מעבל: א גרויסער שטיינוויי-קלאַוויר, א שאַנק מיט נאָטן, בעטהאָווענס בילד און א ריי הויכע שטולן פון לואי דעם פופצענטנס צייט.

רעלנאָוו האָט זיך פאַרבויגן פאַר מאַרלענע ריסט.

זי איז נאָך געווען אין איר קאָנצערט-טואַלעטע, און אויף איר ערנסטן געזיכט איז נאָך געלעגן יענער גלאַנץ און יענער וואונדערלעכער ציטער פון קינסטלערישן שאַפן.

זי האָט אים געגעבן די האַנט און האָט געזאָגט מיט א שטילן קול:

— עס איז זייער פריינדלעך מצד גינסקין, וואָס ער האָט אייך מיטגעבראַכט.

דער באַראָן, וואָס האָט אָנגערופן רעלנאָווס נאָמען אַזוי אומדייטלעך, אַז קיינער האָט אים נישט פאַרשטאַנען, האָט זיך שוין מער וועגן אים נישט געקימערט. ס'האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער האָט קיינעם אויסער איר נישט געזען. מיט א שטורמדיקן אימפּעט האָט ער אין איר אַריינגערעדט און איבערגעגעבן איר זיין איינדרוק וועגן יעדן ליד, וואָס זי האָט געזונגען.

ער איז געווען גוואלטיק נערוועאיש און האָט אינגאנצן געציטערט.

זי האָט אים באהאנדלט זייער ווייך, פון צייט צו צייט האָט זי געלאכט, און אויך איר געלעכטער האָט סודות־פול געקלונגען אין רעלנאָווס אוירן.

ער האָט זיך אומגעדרייט צו די אנדערע געסט און האָט ארויסגעלאָזן פון זיך א קוים הערנדיקן קלאנג פון איבער־ראשונג.

צווישן די דריי הערן, וועלכע זענען נאָך געווען אין צימער, האָט זיך געפונען דער דיריגענט פון די פילהארמאָנישע קאָנצערטן. און אויך ער, אזוי האָט זיך אים ווייניקסטנס אויסגעוויזן, האָט א ווײַלע געקוקט פאראינטערעסירט.

אז רעלנאָוו האט איצט אָנגערופן זיין נאָמען, איז אין צימער געוואָרן מיט אמאָל טויטשטיל, און מארלענע האָט גע־וואָרפן אויף אים א פארלעגענעם בליק.

— צי האָבן מיר זיך אמאָל ערגעץ וואו שוין נישט געזען? — האָט דער בארימטער מוזיקער נישט אינגאנצן זיכער געפרעגט.

רעלנאוו האָט קוים צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

— בערך — מיט אנדערהאלבן יאר צוריק. איר וועט אייך קוים דערמאָנען, — האָט ער געענטפערט מיט א קוים מערק־לעכן שמייכל. — ס'איז געווען אין קינסטלער־צימער פון דער פילהארמאָניע — יענעם מערקווירדיקן אָוונט, ווען מ'האָט אייך באגנבעט.

— אָ יאָ — איצט דערמאן איך מיך — איר זענט געקו־מען מיט מיינס א באקאנטער דאמע, ער האָט געוואָלט רעדן ווייטער, ער האָט זיך אָבער צוריקגעכאפּט אין דער רעכטער צייט. — דערלויבט, אז איך וועל אייך באקענען מיט די הערן דאָ, — האָט ער געזאגט אין פארלעגנהייט.

און ער האָט אים פאָרגעשטעלט דעם קאָמפּאָזיטאָר שטיינהיגל אן אומגעשיקטן און פליכצוואטן הער, וואָס האָט

גראָד געהאלטן אינמיטן א מוזיקאלישן שמועס און א יונגן מאלער מיטן נאמען טרוי.

רעלנאָוו האט געשפירט, ווי דאָס האָט אלץ אזוי אָנגע-שטרענגט געקלינגען, און גלייכצייטיק איז אים אדורך אין געדאנק, אז אין די אויגן פון די דאָזיקע מענטשן איז ער געווען באפּלעקט מיט זינד.

א טיפע אויפרעגונג האָט אים באהערשט.

אָט אזוי קען מען אומשולדיקערהייט שולדיק ווערן.

א ריי פראגן האבן אויפגעבליצט אין אים:

צי האבן אָט די דא א רעכט אים אָנצוקלאָגן און משפטן? ארויסצוטראגן דעם פסק? אויסקריצן אויף זיין שטערן קינס צייכן?

ער האָט ממש געזען, ווי זיי האָבן מיט א געפיל פון פיינערע מענטשן, זיך אָפּגערוקט פון אים.

עס איז געווען איין רגע, ווען ער האָט געוואָלט הויך דערקלערן: מיינע הערשאפטן, איך האָב נישט דערמאָרדעט די פרוי פריסלאנדער, און איך בין אהער נישט געקומען, כדי אויסצוהערן אייער אורטייל אָדער צו וועקן ביי אייך רחמנות. אייער באנעמען זיך האלט איך פאר העכסט לעכער-לעך און אָן געשמאק.

רעלנאָוו וואָלט דאָס אפשר געזאָגט, ווען מארלענע ריסט וואָלט זיך נישט געווענדעט דירעקט צו אים:

— איז דער באראָן גינסקי נישט א מוסטער פון דעם, אז מ׳קאָן נישט נאָר זען, נאר אויך הערן פון ווייטנס, אָדער אפשר נארט ער אונז אָפּ?

רעלנאָוו האָט זי אָנגעקוקט מיט ברייט צעעפנטע אויגן, און פון זיין פנים האט מען געקאָנט אראָפּלייענען:

— צו וואָס שפילן מיר אזא נארישע קאָמעדיע? איך פיל עס, איר האָט אויף מיר רחמנות און ווילט מיר ארויס-העלפן, אָבער איך ווארף ביידע זאכן פון מיר אָפּ.

עס האָט אויסגעזען ווי די זינגערין וואָלט דערשפירט, וואָס ער טראכט. איר געזיכט האָט זיך באדעקט מיט א לייכ-

טער רויטקייט און איר בליק איז פארווירט געוואָרן.

רעלנאָוו האָט אין דער רגע דערפילט, אז זי איז וואונ-דערלעך שיין און אז זיי פארבינדט עפּעס אן אומגעזעענער פאָדים.

און זיין גאנצער אומעט איז ווי צערינען. ער האָט זיך געפילט פריי און העכער איבער זיי, הגם ער איז אין תוך געבומען געווען פארלעגן.

גינסקי איז צו אים צוגעגאנגען און אים אָנגעקוקט מיט אומצוטרוי, אזוי ווי ער וואלט געשפּירט די סודות, וואָס קומען פאָר אין דער רגע.

רעלנאָוו האָט געזאָגט:

— איך לייקן נישט אָפּ נישט די וויזיע נישט דאָס צווייטע געהער. דער עיקר איז אָבער פאר מיר ארייננצוקוקן אין מענטשן און זאכן, וואָס געפינען זיך אין ווינקל פון מיין ראיה. איבעריקנס איז די וויזיע און דאס צווייטע געהער דער סימן פון אלע גרויסע קינסטלער — זיי זעען און הערן זאכן, נעבן וועלכע אנדערע גייען פארביי בלינד און טויב. זיי איילן פאָרויס מיט זיבנמייליקע שטיוול פון גאון, און מיר פשוטע מענטשן זענען נישט בכוח זיי נאָכצוגיין מיט אונזערע טעמפּע חושים.

— פלאי: פלאים! אויסגעצייכנט! — האָט שטיינהיגל אויסגערופן. — דאָס איז א דעפיניציע, וועלכע איז מיר גע-פעלן. זיבנמייליקע שטיוול פון גאון — מסכים.

און גאנץ נאיוו האָט ער צוגעגעבן:

— היינט רופט מען מיין מוזיק שגעון, און מאָרגן וועלן מיך אלע פושערס באגנבענען, אומגעלומפּערטע קריטיקער מאכן תוזק פון מיר און מיינע נאָכמאכערס וועט מען בא-צייכנען פאר גאונים.

ער האָט אויסגעפּלאצט אין א גראָבן געלעכטער.

— צי באפּרידיקט אייך נישט דאָס באוואוסטזיין, אז איר טרעט אויס א נייעם וועג? — האָט מאָרלענע ריסט געפרעגט.

זיין געזיכט איז געוואָרן טרויעריק.

— ס׳קאָן זיין, אז איך וועל אין מיטן וועג פאלן פאר הונגער און וועל קרעפּירן, — האָט ער שטיל געזאָגט.

— א גאון מוז זיך דערמיט באנוגנען האָט גינסקי זיך אָנגערופן. — ווען עס וואָלט געווען אזוי לייכט צו ווערן אומשטערבלעך, וואָלט זיך יעדער מענטש געקאָנט דערלויבן אזא שפּאס.

— איר זענט א גוטער מענטש, באראָן גינסקי. גייסט־רייך, וויציק און קלוג איך נעם פאר אייך דעם הוט אראָפּ.

— מיין מצב דערלויבט מיר עס.

שטיינהיגל האָט געהאט א שארפן ענטפער אויף דער צונג, אָבער מארלערנע ריסט האָט אים אויסגעכאפּט.

— וואָס טויגן די ביליקע וויצן,—האָט זי געזאָגט — איך באגרייף גאנץ גוט, אז א מענטש, וואָס גיט ארויס פון זיך דאָס גאנצע, וואָס ער פארמאָגט, א מענטש, וואָס איז צו אָרנטלעך, כדי צו גיין אויף פשרות, איז ווערט אנערקענונג. איך זע און דעם נישט קיין שום אייטלקייט. מ׳קען נישט וואקסן אָן זין און ליכט, און פונדעסטוועגן דארפט איר נישט זיין פארביטערט. פארביטערונג פרעסט דעם מענטשן ווי א בייזע געשוויר.

פון אירע ווערטער האָבן געאָטעמט מיט א פשוטע גוטסקייט און ריינקייט.

— איך האָב אייך נישט געוואָלט קרענקען, — האָט גינסקי זיך געווענדעט צו שטיינהיגל.

אלע אין מארלענעס צימער האָבן זיך מיט אמאָל צע־לאכט, נישט וויסנדיק אליין, פארוואָס.

אָבער רעלנאוו האָט געוואוסט.

— איר זענט אויך א מוזיקער? האָט אים ריסט געפרעגט.

ער האָט געקוקט אין אירע טונקעלע אויגן און אויף אירע שווארצע, שימערירענדיקע, גלאט געקעמטע האָר, וועלכע זענען ווייך געפאלן אויף איר ווייסן, איידעלן שטערן.

— איך בין א מיטלמעסיקער מוזיקאנט, — האָט ער געענטפערט — אָבער איך האָב א ווייטן קוק.

זי האָט אויפגעהאָרכט ווי א געטראָפענע פון דער פראגע

— ווילט איר נישט געבן דערמיט אָנצוהערעניש, אז איר זענט אימשטאנד ארייגנצוקוקן אין אונזערע נשמות? דאָס וואלט גאָר נישט גוט געווען פאר אונז. ווער האָט דען נישט קיין סודות?

א ווײַלע האָט ער זי באטראכט מיט פארוואונדערונג.

— אָ, — האָט ער שנעל געענטפערט. — איך פארשטיי גאנץ גוט, אז אין ערשטן אויגנבליק, בעת איר האָט דערהערט מיין נאָמען, זענט איר געווען צעמישט, כ'פארשטיי עס. אָבער דער ענין פריסלאנדער שטעלט זיך באמת אנדערש פאָר... אויב איך האָב איצט עפּעס געזאָגט נישט צו דער זאך, בעט איך מיר מוחל זיין...

— איר דארפט אייך גאָר קיין פארדרוס נישט פארשאפן.

— האָט זי ערנסט געענטפערט, — און קיינער פון אונז האָט אייך נישט געוואָלט פּוגע זיין. ס'איז אמת, אז איין רגע זענען מיר געווען איבערראשט, בעת מיר האָבן געהערט אייער נאָמען, ווייל מיר האָבן דאָ אויך דיסקוטירט וועגן דער אפערע. אָבער קיינער האָט אייך נישט געוואָלט פּוגע זיין. כ'בעט אייך מיר דאָס צו גלויבן.

— כ'גלויב אייך.

זי האָט ווייזט אויס געוואָלט ארויפפירן אויף אן אנדער טעמע און האָט זיך געווענדעט צו שטיינהיגל: — ליבער פריינט, שפּילט אונז עפּעס אויף.

רעלנאוו, האָט זיך אויסגעוויזן אז איר אָוואל-געזיכט איז געוואָרן מיט א ניואַנס בלאסער.

דער קליינער מענטש האָט זיך נישט געלאָזט בעטן און זיך געזעצט צום קלאוויר. זיין העסלעך פּנים האָט זיך פארענדערט נאך די ערשטע טענער, און האָט באקומען אן אויסדרוק פון שטרענגקייט און רוחניות. א פאנאטישע ערנסט־קייט האָט אויפגעלויכטן אין זיינע אויגן.

אויף רעלגאוון האט דאָס געמאכט א שלעכטן איינדרוק. די דאָזיקע מוזיק האָט אים געפייניקט, אָבער גלייכצייטיק האָט זי אים נישט געלאָזן צו רו. ער האָט זיך געמוזט ראנגלען מיט איר און האָט דײַשלעך געפילט, אז ער איז נישט געווען בכוח צו באשליסן וואָס אין איר איז געווען נײַ און וואָס קרענקלעך, ווייל זיינע געדאנקען האָבן זיך פון אים ארויסגעגליטשט און זענען אוועק אויף די שפיצפינגער צו מארלענען. בעת שטיינהיגל האָט געענדיקט דאָס שפילן האָט רעלנאָוו אויפגעהויבן די אויגן צו איר, זייערע בליקן האָבן זיך געטראָפן.

זי האָט זיך ווידער דערנענטערט צו רעלנאָוון.

— וואָס פאר אן איינדרוק האָט אויף אייך געמאכט די מוזיק, און צי הערט איר דאָס ערשטע מאל וועגן שטיינהיגל?

— האט זי שטיל געפרעגט.

– איך קאָן נישט ארויסטראָגן קיין אורטייל, — האָט ער געענטפערט אין זעלבן טאָן. — איך האָב געפרווט אָנגעשטרענגט צוצוהערן, און האָב געמוזט כסדר, — האָט ער צוגעגעבן מיט א הילפלאָזער מינע, — טראכטן וועגן אייערע ווערטער. וועט איר נישט זיין אומבאשיידן, אויב איך וועל אייך בעטן איר זאָלט מיר דערלויבן נאָכאמאָל ארויפקומען צו אייך?

ער האָט געפילט, אז ער האָט געציטערט ביי דער פראגע, הגם ער האָט געוואוסט, אז ער וועט נישט באקומען קיין אפזאָג. ער האָט נישט אראָפגענומען פון איר זיינע העלע, שטראלנדיקע אויגן.

— איך וואָלט אייך באדארפט וועגן דעם בעטן, - האָט זי פשוט געענטפערט. — נאָך אייערע ערשטע ווערטער האָב איך שוין געוואוסט, אז מיר האָבן זיך נאָך עפעס צו זאָגן.

ער האָט זיך שטום פארבויגן.

פון קלאוויר האָבן דערגרייכט צו זיי די טענער פון

טאנגא. דער מאלער טרעי האָט געשפּילט און אינטערפּרעטירט דערביי דעם נייעסטן מאָדע-טאנץ.

ווען מארלענע ריסט איז איצט צוגעגאנגען צו אים, האָט ער געזאָגט:

– האָט איר שוין איינמאָל געזען גוט טאנצן טאנגאָ?

זי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— איר האָט, מיין גנעדיקסטע, פארזוימט עפּעס, וואָס איר דארפט אומבאדינגט זען. איר מוזט גיין אין עקסצעלזיאָר-באַר, וואו לערדא טאנצט. ממש אויף חידושים! שטעלט אייך פאָר א דארע, מיאוסע פערזאָן, וועלכע האָט אזא אומדער-הערטע גראציע, אז בעת זי טאנצט ווערט זי פּלוצלינג שיין און פארכישופט פשוט אלע מענטשן. ס'איז קוים צו גלויבן, אין וואָס פאר א התלהבות דער מענטש פאלט אריין. איך קען מיך דערויף, ווייל איך אַליין בין א גוטער טאנגאָ-טענצער.

— צי איז דאָס יענע לערדא, וועגן וועלכער איר האָט מיר דערציילט, באראָן? האָט זי זיך געווענדעט צו גינסקין.

— די אייגענע.

— העכסט אינטערעסאנט, — האָט זי אויסגערופן. — און אייער מיינונג איז אויך אזא באראָן?

ער האָט געהויבן מיט די אקסלען.

— מיך זאָלט איר נישט פרעגן. פון דער זייט קאָן איך זי נישט. אָבער דער הער רעלנאָוו ווייסט וואָס ער רעדט. ער איז אירער אַ גוטער פריינט.

ער איז ווייזט אויס שטאַרק געווען צופרידן, וואָס אים איז געלונגען ארויסצולפּוידערן די ידיעה. ער האָט בייז גע-שמייכלט.

מארלענע ריסט און אלע איבריקע האָבן איבערראשט אָנגעקוקט רעלנאָוון.

— איך קאָן נאָר באשטעטיקן איטלעכס וואָרט פון הערן טרעי, — האָט ער רואיק געזאָגט.

— זי טאנצט אַזוי טאַנצן האָב איך נאָך קיינמאָל קיינעם נישט געזען.

ס'איז אנטשטאנען א קליינע פויזע. פריילין ריסט האָט זיך א ווײַלע איבערגעלייגט. — עפּעס אַזעלכעס מוז מען אייגנטלעך אמאָל אנקוקן.

דער דיריגענט האָט אויפגעכאפּט אירע ווערטער.

— איך טראָג ארײַן א פאָרשלאָג: לאָמיר נעמען א פּאָר אויטאָס און צופאָרן אהין. מארלענע האָט ענערגיש פּראָטעסטירט:

— ערשטנס בין איך צו מיד נאָכן קאָנצערט, וויכטיקער איז אָבער דאָס, וואָס איך קאָן נישט פארטראָגן דעם מין לאָקאלן. איך האָב מיך א פּאָר מאָל געלאַזט איבעררעדן און בין דערפון קראנק געוואָרן.

דער דיריגענט האָט שפּאָטיש פארצויגן די ליפּן.

— איר האָט א טעות, מיין ליבער, איך בין נישט צניעותדיק. איך וועל מיך לאָזן אָנרעדן אויף אלץ, אָבער נישט צו זיין אן עדות פון די אָרגיעס, וועלכע קומען פאָר אין די דאָזיקע לאָקאלן, ווייל זיי זענען מיאוס און גראָב.

גינסקי האָט א קנאַק געטון מיט די פינגער. — כ'האָב אן אידעע! לערדא וועט טאנצן ביי אייך.

— יאָ, אָבער ווען? — האָט שטיינהיגל געפרעגט. — אזא זאך האָט נאָר דעמאָלט אַ צוועק, ווען עס געשעט באלד אויפן אָרט.

— וואָס האָט איר דען געמיינט. כ'וועל ווארטן ביז דעם טאָג פון הײַליקן מארטין? נאָך היינט אָוונט וועט לערדא טאנצן. זעלבסטפארשטענדלעך, אויב דאָס איז דער פריילײַן מארלען ניחא?

דער מאלער טרעי איז אויפגערעגט אויפגעשפּרונגען פון זיין אָרט. — אָט דאָס וואָלט געווען הערלעך, גנעדיקע פריילײַן, איר וועט עס אויף זיכער נישט באדויערן...

— כ'בעט אייך, הערט אויף צו רעדן! אייער שטים ווירקט מיר אויף די נערוון — האָט גינסקי צערייצט געשריגן.

ער האָט ווייזט אויס אָן שום סיבה פארלוירן דאָס גלייכגעוויכט. פריילײן ריסט האָט א קוק געטון אויף רעלנאָוון, אָבער דער אויסדרוק פון זיין געזיכט איז געבליבן אומבאַוועגלעך.

— איז עס דען איבערהויפּט מעגלעך? — האָט זי זיך געווענדעט צו גינסקי.

— נו, אוודאי — איך דאַרף נאָר טעלעפאָנירן, און ליזע וועט דאָ באלד זיין.

אַז זי האָט מסכים געווען איז ער ארויסגעלאָפן אין קאָרידאָר.

— וואָס איז אים געשען? — האָט שטיינהיגל געפרעגט,— צי איז ער מיט אמאָל חסר־דעה געוואָרן?

פון קאָרידאָר האָט מען געהערט דעם באראָנס קוויטשנדיקע שטימע.

— יאָ, דאָ רעדט באראָן גינסקי — רופט צו די פריילן לערדא. — סערוואוס, ליזע! — ניין, ניין, גאָרנישט פּאַסירט. ווילסט מיר אָנטון א פארגעניגן? יאָ, יאָ, כ'ווייס, דו ביסט א וואויל מיידל. נעם אלזא גלייך אן אויטאָ און קום צו פאָרן אויף דער בענדער גאס 17 — פארשטייסט — אַ פּאָר בארימטע לייט ווילן דיך זען טאַנצן — פארשטייסט — צי דו פארשטייסט מיך? יאָ, הער רעלנאָוו איז אויך דאָ. נו יאָ, דו קומסט, כ'האָב נישט געהאט קיין טעות, ביסטו שוין פארטיק?

ער האָט זיך הויך צעלאכט פון איר ענטפער און האָט אוועקגעלייגט דאָס הער־טרייבל. און קייכנדיק נאך אלץ פון געלעכטער, איז ער אריין אין צימער.

— איז דאָס א חצופה א ביסל, דאָס מיידל. כ'וואָלט נישט געוואָלט הערן, וואָס זי וועט דאָרט אָנדרייען, כדי וואָס פריער ארויסצוכאפּן זיך פון דאָרט. אלזאָ, אין צען מינוט ארום וועט זי דאָ זיין.

דער באראָן האָט ריכטיק אויסגערעכנט. עס זענען נישט פארביי קיין קנאפּע צען מינוט, און לערדא האָט זיך באוויזן אויפן שוועל אין איר שווארצזיידענעם קלייד.

די הערן האָבן זי באטראכט מיט גרויס אינטערעס, בעת פרייליין ריסט איז איר אַנטקעגנגעגאַנגען און באגריסט. די טענצערין האָט זיך לגמרי נישט פאַרלוירן, זי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ צום באראָן און זיך באלד דערנענטערט צו רעל־נאָוון, און נישט זשענירנדיק זיך האָט זי אים געפרעגט:

— מיט אַ שעה צוריק וואָלט איך נישט געחלומט דיך דאָ צו טרעפן. ביסט שוין לאַנג דאָ?

זי האָט עס געזאָגט אין אַ זייער פאַרטרויִלעכן טאָן און אַזוי הויך, אַז אַלע דערבייאיקע האָבן עס געמוזט הערן.

רעלנאָוו האָט קיינעם נישט געזען — פונדעסטוועגן האָט ער געפילט דעם באהאלטענעם שמייכל, וואָס האָט גע־בלאָנדזשעט אויף אלעמענס פנימער. ער האָט געוואוסט, אז נאָר מארלענע איז פארבליבן ערנסט. ער האָט זיך אפילו אויף א רגע נישט פארלוירן און איר געענטפערט.

— באראָן גינסקי האָט מיך דאָ ארויפגעפירט. אלע ווארטן מיט אומגעדולד אויף דיין טאנץ.

ערשט איצט האָט זי אויפגעהויבן די אויגן אויף די איבעריקע, ווען זי איז פאָרגעשטעלט געוואָרן.

— אייך קען איך שוין לאנג, — האָט זי געזאָגט צום דיריגענט און זיך שטיל צעלאכט. — איר האָט מיך אמאָל אָפּגעשטעלט אויף דער גאס; איך האָב אייך באלד דערקענט אין אייער שרינט.

און ווענדנדיק זיך צו רעלנאָוון, האָט זי צוגעגעבן מיט טריאומף.

— ער האָט אָבער ביי מיר שלעכט אָפּגעשניטן.

ס'איז אויסגעבראָכן א הויך געלעכטער. קיינער האָט נישט גענומען אירע ווערטער פאר אומגוט. די אומגעצוואונ־גענקייט אין איר באנעמונג, איר נאאיווע אָפנהארציקייט, האָבן קיינעם נישט פוגע בכבוד געווען. נאָר גינסקי האָט צו איר געזאָגט מיט א וואָרענענדיקן קול:

— ליזע, מאך מיר נישט קיין בושה און פיר דיך ליי־טיש אויף. דו געפינסט דיך היינט אין א פיינער געזעלשאפט.

דער דיריגענט האָט פּראָטעסטירט:

— איר זענט אינגאנצן גערעכט. רעדט, אזוי ווי איר פארשטייט.

— ווער וועט דען טאנצן מיט מיר? — האָט זי געפרעגט אנשטאָט אן ענטפער.

דער מאָלער טרע האָט זיך אויפגעשטעלט. זי האָט צוזאמענגעצויגן די אויגן און האָט אים באטראכט מיט א פאָרשנדיק אויג.

— די פיס זענען גוט, — האָט זי געזאָגט, — ס'וועט גיין, א שאָד, וואָס דו קענסט נישט קיין טאנגאָ, — האָט זי זיך אָנגערופן צו רעלנאָוון.

די שטולן זענען אוועקגערוקט געוואָרן. לערדא איז צוגעגאנגען מיטן דיריגענט צום קלאוויר און האָט אים שטיל פאָרגעזונגען די מעלאָדיע, וועלכע יענער האָט באלד נאָכגעשפּילט.

— בראוואָ, — האָט זי געזאָגט, — איר האָט א גוט געהער.

ווידער איז אויסגעבראָכן א רוישיק געלעכטער.

— וואָס איז געשען? — האָט זי געפרעגט רעלנאָוון,— איך בין דאָך גאָרנישט אזוי קאָמיש.

דער טאנץ האָט זיך אָנגעהויבן. דער מאָלער טרע, וואָס האָט געקענט אלע אופנים פון איר טאנץ, איז געווען אן אויסגעצייכנטער פארטנער. לערדא האָט דעם דאָזיקן אָוונט פשוט וואונדער באוויזן אין טאנץ. זי איז באהערשט געוואָרן פון א באגער צו באווייזן איר קונסט פאר רעלנאָוון. די צוקוקער זענען געווען אנטציקט און מארלענע האָט זי הארציק געקושט.

— איר זינגט דאָך אזוי שיין, פריילײן, — האָט זיך לערדא אָנגערופן. — גינסקי האָט מיר אזויפיל דערציילט דערפון. איך וואָלט אייך געוואָלט אמאָל הערן.

נישט קווענקלענדיק א ווײלע, האָט זיך פריילײן ריסט געזעצט צום קלאוויר און געזונגען איינס פון בראמס ציגיינער-לידער.

די טענצערין האָט זיך אויפמערקזאם צוגעהערט. גינסקי האָט זיך אָפּגעקערט אין א זייט, כדי צו פארבאָרגן פאר די איבריקע געסט דעם אויסדרוק פון זיין געזיכט.

רעלנאָוו אָבער איז אזוי אויפגעטרייסלט געוואָרן פון קלאנג פון דער דאָזיקער טיפער שטים, אז ער האָט פארגעסן די גאנצע אומגעבונג און באלד, ווי מארלענע האָט אויפגעהערט צו זינגען, האָט ער א טויט-בלאסער פארלאָזן דאָס צימער.

אין דער מינוט האָט ער נישט געקאָנט פארטראָגן קיין שום פרעמדן קלאנג.

בעת ער איז ווידער אריינגעקומען אין צימער, האָט ער נישט ארויסגערעדט קיין וואָרט און האָט אויסגעמיטן צו קוקן אויף מארלענען.

זי האָט זיך אויפגעהויבן פון קלאוויר און איז, ווי עס האָט אויסגעוויזן, געווען פארמאטערט.

— איך מיין, מיינע הערשאפטן, — האָט זי געזאָגט שמייכלענדיק, — אז ס׳איז די העכסטע צייט צו פארענדיקן די היינטיקע זיצונג.

גינסקי האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט, כדי צו פאר-לאָזן די געזעלשאפט:

— זייט וויסן גנעדיקע, אין אזא פאל זאָג איך מיט מיין בארימטן לאנדסמאן נעסטראָי: מיר האָט מען נאָך קיין-מאָל נישט ארויסגעוואָרפן. איך האָב אין דעם א פיינעם טאקט. ווען איך זע, אז איינער פארשארט די ארבל, גיי איך אליין אוועק.

ער האָט איר א קוש געטון אין האנט און איז געשווינד אוועקגעגאנגען.

זיין וויץ האָט געהאט א גוטע ווירקונג. מ׳איז זיך צע-גאנגען אין א פריילעכער שטימונג.

אויף די טרעפ האָט לערדא שטיל זיך אָנגערופן צו רעלנאָוון:

— זע, אז מיר זאָלן פּטור ווערן פון גינסקין, איך וויל היינט זיין מיט דיר אליין.

אָבער רעלנאָוו האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין:

— אוממעגלעך, — האָט ער געזאָגט. — און ביסטו מיר א גוטער חבר, זאָלסטו מער נישט פרעגן.

זי האָט לייכט אויפגעציטערט, זי האָט ארויסגענומען איר האנט פון זיין אָרעם און האָט שטיל געשאָקלט מיטן קאָפּ.

א ווײַלע שפּעטער האָבן זיי זיך צעשיידט.

## פערטער קאַפּיטל

רעלנאָוו איז געגאַנגען דורך דער גאַס און האָט זיך געפילט, אַזוי ווי ער וואָלט געווען אין אַ פרעמדן לאַנד, אַ פרעמדער שטאָט. ער האָט קיינעם נישט געקאָנט, און אַרום איז אים פרעמד געווען די שפּראַך פון די מענטשן, אָבער ער אַליין האָט זיך געפילט וואונדערלעך לייכט. ער האָט נישט געשפּירט די שניידנדיקע קעלט פון דאָזיקן נאָוועמבער-אָוונט. ער איז נישט געגאַנגען איבער האַרטע שטיינער. ער האָט נישט געהערט דעם גערודער פון די דראָזשקעס. ער האָט נישט געזען די אומגליקלעכע פּנימער. פון צייט צו צייט האָט ער זיך שטיל און גליקלעך צעלאַכט.

— בין איך דאָס דער יינגערמאַן, וואָס שפּרייזט דורך דער גאַס? בין איך דאָס אַנדרעאַס רעלנאָוו, וואָס איז אַלט 27 יאָר?

ער איז געבליבן שטיין פאַר אַ העלבאַלויכטענעם שוי-פענסטער.

— זעלטן גוט!... וואונדערלעך!... האָט ער געשעפּטשעט און אויפמערקזאַם באַטראַכט די בלוט-רויטע פּאָמעראַנצן פון מעסינאַ, דעם גרויסן גרויקערנדיקן, רוסישן קאַוויאָר, די געלע אַנאַנאַסן מיטן גרינעם קאָפּ-פּוץ, די אָפּגעפּליקטע עופות, די טייערע איינגעהילטע אין וואַטע קאַלווילן, די סאַמעט-ווייכע פערסיקעס און די פישעלעך, וואָס זענען לוסטיק געשוואומען אין אַ קליינעם באַסיין.

זייער גוט... ער איז געווען אין סאמע מיטן לעבן — און האָט געגאָסן מיט אלע חושים... ער האָט זיך איבערגע־טראָגן אין די ווייטסטע געגנטן — געשפּירט טראָפּישע היצן און אייזיקע קעלטן, וואָס האָבן געשניטן אין די גלידער. און דערביי אין שויפענסטער. וואָס פאר א הערלעכע קאָלירן־רייכקייט!

ער איז געשווינד אריין אין דעם דאָזיקן געשעפט. ער האָט געקויפט מארשאל נילס רויזן און שמעקנדיקע פיאלקעס.

די פארקויפערין האָט געפּאָדערט פופציק מארק און האָט אים אָנגעקוקט מיט אומגלויביקע אויגן.

ער האָט אר'יסגענומען דעם פּאָרטפעל און באצאָלט.

— וויקלט פאָרזיכטיק איין די בלומען, כדי זיי זאָלן מיר נישט פארפרוירן ווערן. און אפשר וועט איר זיין אזוי פריינטלעך און צורופן מיר א פיאקר.

די פארקויפערין האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

ער איז באלד אָפּגעפאָרן א היים.

— גרייט צום טיש פאר צוויי פערזאָן אין מוזיק צי־מער, — האָט ער געזאָגט צום מיידל, — אָבער פיין און אקוראט — דאָס בעסטע טישטוך — און די געשליפענע קריסטאלענע גלעזער — די בלומען וועל איך אנידערשטעלן אויפן טיש. איר דארפט אייך נישט מער צו קימערן און ערשט צוריקקומען, ווען איך וועל אייך רופן.

איצט איז ער אליין געווען אין צימער און געווארט לערך צוויי מינוט. דערנאָך האָט ער פלוצלינג געעפנט די טיר און האָט זיך פארבויגן מיט א טיפן יראת הכבוד.

— איך האָב געוואוסט, אז איר דארפט קומען, — דערביי האָט ער זי אָנגעקוקט מיט אנטציקטע אויגן און גע־האָלפן איר אויסטון דעם פעלץ.

ווי איר שמעקט מיט פרישן ווינטער און ווי שיין איר זעט אויס מיט אייער פאררויטלטן געזיכט. יאָ, די בלומען זענען פאר אייך.

ער האַט זיך אראָפּגעבויגן צו איר און געקושט איר האנט.

— זעצט אייך דאָ, נאָנט נעבן מיר...

דעם גאנצן אָוונט איז זי געווען אין זיינע געדאנקען ביי אים. ער האָט כמעט נישט ארויסגערעדט קיין וואָרט — ווי א פארכישופטער האָט ער זיך צוגעהאָרכט צום טיפן קלאנג פון איר שטימע.

— א גוטע נאכט, גנעדיקע פרײלײן!... ווילט איר נישט, אז איך זאָל אייך באגלייטן; גוט — איך וועל אייך האָרכן, א גוטע נאכט. די בלומען, נעמט איר נאטירלעך מיט זיך, אָ, איך דאנק אייך, כ׳דאנק אייך טויזנטמאָל... קיינ־מאָל וועל איך נישט פארגעסן דעם דאָזיקן אָוונט... איר זענט גערעכט, איך רעד נישט מער קיין וואָרט... אָבער כ׳בעט אייך וויקלט אייך גוט איין אין מאנטל... און פארן שלאָפן גיין טראכט וועגן מיר נאָר איין רגע, וועלכע געהערט צו מיר... איר שמייכלט, אָ, איך ווייס, איר וועט עס טון.

אז זי האָט פארמאכט הינטער זיך די טיר, האָבן זיינע ליפן זיך אומאויפהערלעך באוועגט.

— אָ, דער הימלישער שמייכל, — האָט ער געשעפ־טשעט; א היפשע ווײלע איז ער געשטאנען אומבאוועגלעך אין צימער, דערנאָך האָט ער ארײנגערופן דאָס מיידל:

— איר קענט איצט אָפּרוימען, דאָס עסן איז געווען אויסגעצייכנט, די דאמע איז געווען שטארק צופרידן.

דאָס מיידל האָט אויסגעגלאָצט אויף אים אירע אויגן און האָט אראָפּגענומען פון טיש די נישט באריהרטע טעלער, מעסער און גאָפּל.

ער האָט צעעפנט די פענסטער און זיך טיף ארויסגעבויגן...
א ים מיט בליאונג האָט זיך אויסגעשפרייט פאר זיינע אויגן.

## פינפטער קאַפּיטל.

שפּעטער מיט עטלעכע טעג האָט זי געשריבן, בלויז איייניקע ווערטער, מיט גרויסע, דייטלעכע אותיות:

— פאַרוואָס קומט איר נישט? מ. ר.

ער האָט שטיל צוגעפּייפט אונטער דער נאָז, אַריינ-געלייגט דעם בריוו אין בוזעם-קעשענע און ווידער אים אַרויס-געצויגן. ער איז געווען אַזוי פול מיט אינהאַלט, ווי קיין שום אַנדער בריוו, וואָס ער האָט אַ מאָל אין לעבן דערהאַלטן. עס איז געווען אין אים עפּעס וואונדערלעכעס, אַזוי, אַז ער האָט כסדר פונ׳סנייַ זיך געמוזט איבערצייגן, צי דאָס איז געווען אויפן וואָר, צי אין חלום. ער האָט פּלוצלינג שנעל אַ קוש געטון דאָס פּאַפּיר און מיט אַ לייכט האַרץ האָט ער זיך געלאָזט אין וועג אַריין.

זיין קערפּער האָט ווידער באַקומען יענע שלאַפע, נישט-געצוואונגענע האַלטונג, אין וועלכער ס׳איז געלעגן אַזוי פיל חן.

— מאַרלענע ריסט, — האָט ער געשעפּטשעט, און יעדע באַוועגונג, יעדער אויסדרוק פון איר געזיכט האָט מיט אַמאָל אויפגעלעבט פאַר אים.

מיט אַמאָל איז אים איינגעפאַלן, אַז מאַרלענע באַדייט אייגנטלעך מאַריאַ – העלענע, און אַ לייכטער שוידער איז אַדורך זיין קערפּער. אָבער די מילדע זון פון דאָזיקן נאָכמיטאָג-טאָג האָט פאַריאָגט די ווייטאָגפולע זכרונות. נאָר איין רגע איז אַריבער דאָס בלאַסע פּנימל מיט די אויגן, וואָס

האָבן געלויכטן פאר אים. אין א האלב-פארטונקלטן צושטאנד האָט ער ארויסגעזאָגט קוים צו הערן: „מאריעלע".

פריילײן ריסט האָט גראָד געהאט בדעה ארײנצוזעצן זיך אין א פיאקר, בשעת ער איז צוגעקומען צו איר וואוינונג. זי האָט מיט פרייד געוואונקען צו אים, און ער האָט נישט רעדנדיק קיין וואָרט זיך ארײנגעזעצט צו איר אין פיאקר.

זיי זענען געפאָרן דורכן זאָאָלאָגישן גאָרטן און האָבן אײנגעאָטעמט אין זיך דעם ריח פון פרישער ערד. ער האָט געפילט איר אָטעם, איר נאָנטקייט, און דאָס אלץ איז געווען פאר אים אזוי זעלבסטפארשטענדלעך. זיין גאנץ וועזן האָט דורכגעדרונגען א געפיל פון טיפן, רײנעם גליק.

זיי האָבן נישט גערעדט. מאָדנע, ווי אנדערש זי האָט זיך אים היינט אויסגעוויזן. איר געזיכט האָט געהאט א שמערצלעכן, כמעט א מרה-שחורה׳דיקן אויסדרוק, אזוי ווי עס וואָלט אין זיך געהאט אײנגעקריצט די שפורן פון מורא-דיקע איבערלעבונגען. אָבער פון צייט צו צייט פלעגט איר געזיכט באלויכטן ווערן דורך א לייכטן, וואונדערלעכן שמייכל. ער האָט נאָך קײנמאָל נישט געזען א פנים, וואָס זאָל אויס-דריקן אזוי פיל ערנסט און שײנקייט. ווי עלנט און בלאס איז געווען אנטקעגן דעם זיין דערצײנערונג.

— פארוואָס קומט איר עפּעס נישט? — האָט זי גע-פרעגט.

א רגע האָט אים די דאָזיקע פראגע איבערגעשראָקן, דערנאָך האָט ער הכנעהדיק געענטפערט מיט זיין יינגלשן שמייכל.

— איר זענט שטענדיק געווען ביי מיר. און פאר מיר אַליין האָט איר געזונגען.

— איך בין שטענדיק געוועזן ביי אייך, — האָט זי איבערגעחזרט.

ער האָט נאָר צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. פּלוצלינג האָט ער גאנץ שטיל געזאָגט:

— זענט איר עס ווירקלעך?

און הגם זיין שטים איז געווען איינגעהאַלטן, האָט אין איר געציטערט אזא געוואלטיק געפיל פון גליק, אז זי איז אויפגעציטערט געוואָרן ביז אין די טיפענישן פון איר נשמה.

— יאָ, יאָ, איך בין עס. — און אזוי ווי זי וואָלט אים געוואָלט צוריקברענגען צו דערווירקלעכקייט, האָט זי גע-פרעגט:

— וואָס האָט איר געטון אין משך פון דער גאנצער צייט?

— איך?

א ווײַלע האָט ער זי אָנגעקוקט מיט פרעמדע אויגן.

— איך האָב געטראכט וועגן אייך, — האָט ער פשוט געענטפערט און צוגעגעבן:

בכלל טו איך גאָרנישט. איך בין פון דער נאטור אַ פוילער — א מענטש לגמרי אָן פעאיקייטן. איך האָב קיין שום מעגלעכקייטן נישט. ווייניקסטנס דערווייל נישט, — האָט ער צוגעגעבן געהיימניספול.

— און ווען וועט קומען אייער צייט?

ער האָט עניוותדיק געשמייכלט.

— אפשר אין מיין צווייטן גילגול.

צווישן אירע געדיכטע, שטארק געצייכטע ברעמען האָט זיך אויף אַ ווײַלע געלייגט א טיפער קנייטש. אירע אויגן האָבן זיך עטוואָס צעעפנט, זי האָט אים אָנגעקוקט מיט א פאר-וואונדערטן בליק און גערעדט געלאסן, טיף אויפגערעגט, אַזוי ווי זי וואָלט מיט אמאָל דורכגעדרונגען די געהיימניש פון זיין נשמה.

— איך פארשטיי אייך אזוי גוט — אזוי גוט פארשטיי איך אייך. איר דארפט נישט גיין אין דעם וועג פון אנדערע, וועלכע זענען אָן א שטויס פון דרויסן פוסט, טעמפ און שווער באוועגלעך. — ווייל אין אייך איז פאראן אייביקע באוועגונג, עפּעס א טרייבנדיקע קראפט, די קראפט פון אמת... ביי אונז איז אלץ בלויז אויסערלעכער גלאנץ.

ער האָט פלוצלינג אראָפּגעלאָזט די אויגן. אָבער ווען

ער האָט ווידער אויפגעהויבן זיינע אויגן, האָבן זיי געהאט א שטראלנדיקן גלאנץ.

— איר דארפט נישט קוקן אויף מיר פאלש, ליבע גנע-דיקע פריילין.

אין דאָזיקן מאָמענט האָט ער געהערט רופן זיין נאָמען און האָט באמערקט לערדאן. ער האָט זי געגריסט מיט אַ פרייער, הארציקער האנט-באוועגונג.

— זי איז געווען זייער גליקלעך, וואָס זי איז אייך געפאָלן געוואָרן אין יענעם אָוונט,—האָט ער פריילעך געזאָגט.

— און זי האָט געשמייכלט מיט א שמייכל, וואָס איז פול געווען מיט ערנסט און מיט אַ שפע פון חן.

## זעקסטער קאַפּיטל

דעם זעלבען טאָג נאָכמיטאָג איז לערדא צו אים געקו־מען. זי האָט אָנגעשטעלט א פייערלעכע מינע און האָט זיך באנומען ערנסט, קארג אין ווערטער און פארשלאָסן אין זיך.

ער האָט זי אויפגענומען מיט גרויס פריינטלעכקייט און גוט אויפגעלייגט.

— ווילסט אפשר טיי טרינקען — אָדער שאָקאָלאד — אָדער גאָר קאפע? האָט ער געפרעגט.

— פון ווען אָן שפּאצירסטו דאָס ארום מיט יענער? — האט זי בייז געענטפערט, נישט לייגענדיק קיין אכט אויף זיינע ווערטער.

ער האט פארקנייטשט דעם שטערן.

— דו נעמסט מיך צום ראפּאָרט?

זי האָט זיך פארלוירן און מאָמענטאל געענדערט איר טאקטיק.

— גאָט באהיט, וואָס פאלט דיר איין, — און מיט זייער אן ערנסטער מינע האָט זי צוגעגעבן:

— איך קום צו דיר וועגן זייער א וויכטיקן ענין. שטעל דיר פאָר, אן אמתער גראף איז געקומען צו מיר מיט א פאָר־שלאַג.

— דאָס איז גאָר נישט אזוי מאָדנע!

זי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— דו האָסט א טעות, היינטיקס-מאָל האנדלט זיך וועגן א חתונה-פאָרשלאג.

זי האָט אויסגעשטרעקט צו אים איר האנט און געוויזן א פינקלדיקן רובין. — וואָס זאָגסטו צו דעם?

— חידושים! — ממש חידושים!

— דו מיינסט, אז איך דארף מיט אים חתונה האָבן?

— זעלבסטפארשטענדלעך.

— האָסט א קרומע קאָפּ, אויב איך וועל אמאָל חתונה האָבן מיט עמיצן — וועט עס זיין נאָר מיט דיר.

— אויב אזוי האָב איך מורא, אז דו וועסט בלייבן א פארזעסענע מויד.

— אזוי, דאָס האָב איך טאקע געוואָלט וויסן! אגב האָסטו שוין געהערט? גינסקי האָט חתונה מיט פריילין ריסט. ער שרייבט איר אָפּ זיין גאנץ פארמעגן.

ער האט זי א ווײלע אָנגעקוקט.

— זייער אינטערעסאנט. מזל טוב! ער האָט זיך צע-לאכט אין הארצן.

— הער, איך מאך נישט קיין שפאס, ער האָט דאָס מיר נעכטן בסוד-סודות פארציילט. כ'האָב אים געגעבן מיין וואָרט, אז איך וועל עס האלטן בסוד.

— מ'זעט. דו האָסט עס טאַקע געהאלטן.

— אָ, כ'בעט דיך זייער, דיך האט ער נישט געמיינט.

— צו וואָס אייגנטלעך זאגסטו ליגן, ליזא לערדא.

— איך זאָג ליגן? — זי איז געוואָרן אויסער זיך פאר כעס. — דאָס האָט דיר מסתמא גינסקי אַזוי איינגערעדט. איך זאָג דיר, דאָס איז אַ נאר, פאר וועלכן מען דארף זיך היטן.

— צו וואָס רעגסטו דיך אזוי אויף? — האָט ער גע-פרעגט מעשה חוזק. — אויב גינסקי האָט חתונה, — וועמען קען דאָס ארן?

זי האָט אים אַ ווײלע אָנגעקוקט מיט האלב צוגעמאַכטע אויגן.

מיר קאָן ער פאָרלייגן, וואָס ער וויל. איך נעם אים

נישט מיט אלע זיינע מיליאָנען. אָבער אזא פיינע דאמע רעכנט אנדערש, ווי אן אונזעריקע.

רעלנאווס געזיכט האָט אויפגעציטערט.

— איך בעט דיך, לאָז די פריילין צורו. און צוגעבענ־דיק עטוואס נערוועאיש:

— גינסקי איז דאָך דיין פריינט, פארוואָס פאלסטו אזוי אָן אויף אים?

זי האָט פלוצלינג פעסט צוגעפרעסט די ליפּן, און איר פּנים האָט באקומען אן אומזיכערן אויסדרוק.

— ער איז מיין פריינט? וואָס נאָך! צוליב די נישטיקע פאָר הונדערט מארק זאָל איך אפשר קריכן פאר אים אויף די קני מיין גאנץ לעבן?

זי האָט ארויסגעפּלאַצט מיט א ספּאזמאטישן געלעכטער.

— וואָס איז דיר אין קאָפּ אַריינגעפאלן?

לערדא איז צו אים נאָענט צוגעגאנגען.

— גארנישט, מיין אוצר. ס׳איז שוין כאַ־בײ. מען דארף זיך נישט מאכן שפּל׳דיק. ביסט באמת גערעכט.

רעלנאָוו האָט נישט געוואוסט, וואוהין זי האָט געצילט אירע לעצטע ווערטער.

זי האָט אָבער ווייטער גערעדט מיט פלאמעדיקע אויגן:

— כל־זמן דו האָסט מיך ליב, איז מיר אלץ־איינס; נישט אמת, דו וועסט דיך נישט לאָזן פאנגען פון דער דאָזיקער פארשוינטע — דו זאָגסט עס מיר צו?

ער איז אויפגעשפּרונגען פאר כעס.

— וואָס זענען דאָס פאר אַ נארישע ריידן! באמת — איך וויל דאָס מער נישט הערן.

זי האָט ארויסגענומען איר טאשנטיכל און האָט אָפּגעווישט איר פייכטן שטערן.

— גינסקי האָט מיך געוואָלט אָפּשרעקן, און זי האָט פינ־סטער צוגעגעבן:

— ער האָט מורא, אז דו זאָלסט אים אמאָל נישט שטערן דעם שידוך מיט מארלען.

— ער האָט מורא, — זאָל ער מיך צו רו לאָזן.

— דעם גאנצן טאָג האָט ער מיר קאליע געמאכט, דער נאר! קום, גיב מיר א קוש.

רעלנאָוו האָט זיך אויסגעדרייט. לערדא האט נאָכגעקוקט יעדן קער זיינעם. איר פּנים האָט כּסדר געארבעט. פינ־סטערע כּחות האבן זיך אויף איר פארלייגט.

ער האָט זיך ווידער אויסגעדרייט צו איר.

— באמת גערעדט — דארפסטו חתונה האָבן מיט דיין גראף, — האָט ער זיך אָנגערופן און דערביי מאָדנע גע־שמייכלט.

— וועלכן גראף? האָט זי געפרעגט פארוואונדערט.

— האָסט דאָך מיר אָקאָרשט דערציילט וועגן אים!

— און דו האָסט דיך געלאָזט ארייננאַרן. סאַר אַ תּם דו ביסט! פארשטייט זיך, אז דאָס איז געווען נישט מער ווי א שפּיצל. דער רינג שטאמט פון גינסקין, דערפאר וואָס איך האָב יענעם אָוונט אויבן געטאנצט.

זי האָט זיך פעסט צוגעדריקט צו אים.

— כ'האָב קיינעם נישט אזוי ליב געהאט, ווי דיך. צו־ליב דיר וועל איך זיך פאר קיין זאך נישט אָפּשרעקן...

איר געזיכט האָט מיט אמאָל באקומען א דראָענדיקן און פעסטן אויסדרוק. עס איז אים מיט אמאָל געוואָרן אומעטיק אויפן הארצן. ער האָט נישט געוואוסט, וואָס ער זאָל מיט איר אָנהויבן צו טון.

זי האָט אים נישט געלאָזן קיין צייט צו פארטראכטן זיך. זי האָט פּלוצלינג ווי געוויינלעך גענומען ריידן וועגן כלומרשט וויכטיקע געשעפטן, וואָס לאזן זי נישט ווייטער בלייבן — זי האָט אים נאָכאמאָל פעסט ארומגענומען און איז אוועק.

שאָקלענדיק מיט קאָפּ האָט ער איר נאָכגעקוקט.

## זיבנטער קאַפּיטל

אז לערדא איז אהיימגעקומען, איז איר איילנדיק אנטקעגן געקומען, א שטארק אויפגערעגטע, די אלטע דינערין.

— ווילעם איז דאָ געווען און האָט געמאכט א טומעל,— האָט זי האסטיק דערציילט.—אין א שעה ארום וועט ער צוריקקומען. און אין צימער לויערט אויף דיר דער באראָן. ער רעדט עפּעס מאָדנע רייד און קאָן זיך גאָר נישט בארואיקן. הער נאָר, מיר דאכט זיך,— האָט זי געפּליסטערט,— אז מיט אים האלט נישט גוט.

— איך דארף אים אויף כפּרות. איך בין דאָך נישט זיינס א שפּילצייג, צו שפּילן זיך מיט מיר וויפיל זיין הארץ גליסט. וואָס וויל ער אייגנטלעך פון מיר, דער נאַר?

— שאַ! – האָט די אלטע געשעפּטשעט דערשראָקן,— רעד נישט אזוי הויך, ער קאָן נאָך דאָרט אלץ דערהערן.

— וואָס אַרט עס מיר, זאל ער הערן.

זי האָט אוועקגעלייגט אירע זאכן אין פאָדערצימער און האָט טומלדיק געעפנט די טיר פון צימער.

— וואו שלעפּסטו דיך ארום, ליזענקע. כ׳ווארט שוין אויף דיר אן אייביקייט. דו מיינסט אפשר, אז איך האָב פאר דיר א סך צייט?

דערביי האָט ער נערוועאיש געפינטלט מיט די אויגן און זיך אָן אויפהער געריבן מיט דער האנט דעם שטערן און די רעכטע באַק, אזוי ווי זיי וואָלטן אים פארפרוירן געווען.

די דאָזיקע בעוועגונג איז פון רגע צו רגע געוואָרן אלץ שנעלער.

— גאט אין הימל הערט אויף — האָט לערדא אויסגערופן. — בלויז קוקנדיק אויף אייך קאָן מען קריגן די ים-קרענק.

ער האָט צוגעלייגט דעם ווייז-פינגער צו דער נאָז.

— זעסט, ליזענקע, דאָס נעמט זיך דערפון, וואָס דו האָסט מיך צו לאנג דאָ געלאָזן צאפלען אין דיין נעץ.

זי האָט פארלוירן די געדולד.

— נאָך אמאָל פארדרייט נישט, איך בעט אייך, די זאך, הער באראָן, סוף כל סוף האָב איך אייך אהער נישט פארבעטן. איר האָט מיר פארקאָכט א קאשע מיט רעלנאָוון. עס האָט נישט געפעלט א סך, און צוליב אייער לאַנגער צונג וואָלטן מיר זיך פאנאנדערגעגאנגען.

— ווי רעדסטו צו מיר, ליזענקע, — האָט ער איר איבערגעריסן, און זיין געזיכט האָט זיך אויסגעצויגן. — איך בין דאָך נישט דיין שיך-פוצער.

די טענצערין האָט זיך געשטעלט אין פאסאָן:

— הער באראָן, — האָט זי זיך אָנגערופן אין א מאָדנעם געצירקלטן טאָן — אויב דאָס איז אן אָנצוהערעניש, צאָל איך אייך אויס באלד אייער געלט צוריק ביז צום לעצטן גראשן. און דעם רינג קאָן איך אייך אויך צוריקגעבן.

גינסקי איז ארויס פון די כלים.

— ביסט אינגאנצן אראָפּ פון זינען, ליזענקע. ביז איצט האָב איך געמיינט, אז דאָס איז מיין ספּעציאליטעט.

דערביי האָט ער זי אָנגעקוקט מיט אזא מאָדנע מעלאַנ-כאָלישן שמייכל, אז זי איז בלאס געוואָרן פון בושה.

זי האָט אָנגעכאפּט זיינע שמאָלע פרויען-הענט:

— זייט נישט בייז, באראָן. אָבער איך בין אין אזא שטימונג, אז איך וואָלט געמאכט א תל פון אלץ. און אָפן גערעדט: איר זענט אין תוך געגומען שולדיק. רעלנאָוו חלומט

גאָרנישט וועגן אייער פריינדין, צו וואָס האָט איר מיך אויפ־
געהעצט. ס'איז געווען אינגאנצן איבריק.

גינסקי האָט ארויסגעלאָזט א לאנגן פייף.

— דאָ שטייען מיר פאר א טונקעלן פונקט, מעגסט מיר
גלויבן. כ'האָב קיין סך צייט נישט צו פארלירן. ווייסט, וואָס
מיין פראָפעסאָר האָט מיר היינט געזאָגט? מיט מיר איז שוין
ווידער נישט גלאט, האָט ער געזאָגט, ליזענקע. — ער האָט
זיך געקלאמערט מיט שרעק אין איר, — כ'טאָר איצט נישט
זיין פארלאָזן — איצט נישט, ליזענקע.

אימת־מות איז געלעגן אויף זיין פנים.

— רוק דיך צו נענטער, ליזענקע, — ער האָט זיך
צוגעבויגן צו איר אויער און געפליסטערט:

— דער רעלנאָוו איז א דורכגעטריבענער חברה־מאן —
וועסט נאָך האָבן צו טון מיט אים. איך רעד נישט גלאט
אזוי אין דער וועלט אריין. איך האָב מיינע טעמים. ער האָט
א היפש ביסל חטאים אויף זיין געוויסן.

— ניין, דאָס איז שוין צו פיל, — האָט זי אים אי־
בערגעריסן. — אויב עס וועט ווייטער אזוי גיין, פארליר איך
דאָס לעצט ביסל פארשטאנד.

— ש—ש—שא... — איז ער איר ארייגעפאלן אין די
רייד, —ביידע וועלן מיר ארייגפאלן אין א קאָכיקן קעסל.

— הער באראָן, איצט מוזט איר מיך אויך אויסהערן.
מאכט איינמאָל פאר אלעמאָל אן עק מיט דער מאדאם.
דאָ איז נאָר פאראן איין אויסגאנג אהער אָדער אהין, מיטן
זיפצן וועט איר נישט מאכן א שריט ווייטער.

— איצט וואָלט איך עס געוואָלט וויסן, ווי דו שטעלסט
דיר עס פאָר, ליזענקע.

זי האָט אים באטראכט מיט א פרעגנדיקן בליק און זיך
הויך צעלאכט.

— אויב איך זאָל אייך דאָס ערשט אָנהויבן דערקלערן,
איז די גאנצע געשיכטע נישט ווערט קיין דרייער און איר
מעגט זיך שוין איינפאקן.

גינסקי האָט זיך אויפגעהויבן און דורכגעשפּרייזט מיט פאַרלייגטע הענט אייניקע מאָל דאָס צימער. מיט אמאָל איז ער צו נאָענט צו איר. זיין שטערן האָט זיך פאַקנייטשט אין אומצייליקע, קליינע קנייטשן:

— וואָלט שוין אלץ גוט און שיין געווען, ווען נישט ער — דער טייוול כאַפּט אים דעם פאַרשאָלטענעם חברה-מאַן. און איך אלטער טפש האָב אים נאָך ארויפגעבראַכט צו איר. הער אויס, ליזל, וואָס איך וועל דיר זאָגן. ער וועט זיך דאָרט פעסט אריינזעצן, און אונז וועט ער אויסשטעלן פאַר נאראָנים.

זיין פּנים האָט באַקומען א ווייַנענדיקן פאַרצווייפלטן אויסדרוק.

— אזוי, – איר מיינט, – אז איך וועל זיין דער נאַר— דאָס וועט איר נישט דערלעבן.

א גרויזאמער שמייכל האָט געבלאָנדזשעט ארום איר מויל.

— און איצט וואָלט איך אייך געוואָלט בעטן, מיט מיר צו רעדן קלאָרע דבורים. ווי אזוי זענט איר געקומען אויף דעם חשד?

גינסקי האָט צוזאמענגעצויגן די ליפּן.

— כ'פיל עס בחוש, ליזע, און אויף מיין געפיל קאָן איך מיך פאַרלאָזן.

אין דעם אויגנבליק האָט זיך דערהערט פון דרויסן אן אָנאויפהערלעכע ווילדע קלינגעריי.

ער האָט נערוועז אויפגעציטערט, און אויך לערדאַן איז עפּעס פלוצלינג געוואָרן נישט היימלעך.

א מינוט שפּעטער איז דער טאַנגאָ-טענצער אריין אין צימער. אויפן קאָפּ האָט ער געטראָגן א קליינעם, שטייפן קאַ-פּעלוש, אויפן האלז א העל-רויטן קראוואַט און א גרויסן כריזאַנטעם אין קנאָפּ-לאָך.

— די פריילין האָט ביי זיך א הויכגעשטעלטן גאסט, — האָט ער געזאָגט, — אפשר שטער איך?

ביי די ווערטער האָט ער זיך פארבויגן פארן באַראָן מיט א משונהדיקער תּנועה.

— מאך נישט קיין אָנשטעל און פיר דיך אויף אַנשטענדיק פארן באראָן!

— אָט האָסטו דיר גאר! האָט איר, הער באראָן, באַמערקט ביי מיר עפּעס אזוינס נישט אנשטענדיקעס? — נו, אָט האָסטו. דו רעדסט דיר אפשר איין, אז איך ווייס נישט, פון וועלכן לאך דער ווינט בלאָזט? מיט מיר מאכט מען נישט קיין חוכא-וטלולא'ס.

ער האָט געשמייכלט, און צוליבן שמייכל האָט זיין פּנים באקומען א בייזן אויסזען.

— קוקט איר אָן, כ'בעט אייך, הער באראָן, וואָס פאר א מינע זי דערלויבט זיך צו מאכן אין מיינע פיר ווענט!

— איר זענט געוויס א גרויסער קינסטלער, הער ווילהעלם, אייך קומט א קאָמפּלימענט, ליזעלען טאָרט איר מיר אָבער נישט באַוואַלהען האָט גינסקי ארייגעוואָרפן אין אַ מילדן טאָן.

— איך בין זייער אן אנשטענדיקער מענטש, הער באַראָן, און קיינער קאָן מיר נישט פאָרווארפן קיין שלעכטס. אָבער ווען די גאל גייט מיר איבער, דעמאָלט קען איך נישט ערב זיין פאר גאָרנישט. זינט דער בחור האָט זיך באוויזן, ווייס איך נישט מער פון קיין לעבן...

— איר זענט אפשר גערעכט, הער ווילהעלם, אָבער —

— ס'איז מיר שוין דערעסן די גאנצע געשיכטע!—האָט לערדא אויסגעשריגן.—דאָס האָט נאָך געפעלט, אז איר זאָלט נאָך אים גערעכט געבן!

— ס'פאלט מיר גאָרנישט איין, ליזענקע, וואָס רעגסטו דיך אזוי אויף.

ווילהעלם האָט א קלאפּ געטון מיטן שטייפן קאפּעלוש אין טיש.

— שווייג! זאָג איך דיר, אָדער ס'וועט געשען אַן אומ-

גליק, און דעם דאָזיקן בחור וועל איך צוברעכן דיביינער, אז ער וועט אזש סקאוואיען פאר ווייטאָג.

— פע, צום טייוול! האָט לערדא א געשריי געטון און אויסגעשפיגן. — און מיט אזא געמיינעם פארשוין מוז מען ארבעטן צוזאמען! נו, נו, דו וועסט נאָך זען!

— בארואיקט אייך, קינדער, מאכט נישט קיין ספעקטאקל!—נו, נעמט אַ פאפיראָס, הער ווילהעלם, און קרומט אייך נישט.

— דער באראָן איז זייער פריינטלעך.

ווילהעלם האָט פארויכערט דעם פאפיראָס און ארויסגעלאָזן דעם רויך.

— און ווייסט איר, הער באראָן, וואָס איך קלער?—דערביי האָט ער געוואָרפן א בייזן בליק אויף לערדא, – דעם מענטשן האָט מען שוין לאנג באדארפט פארשליסן אונטערן ריגל. איך ווייס, וואָס איך ווייס. כ'האָב מיך געטראָפן,—האָט ער צוגעגעבן מיט א באזונדערן אקצענט—מיטן דערמאָרדעטן הער פריסלאנדער. וואָס מיר האָבן דעמאָלט גערעדט, איז שוין מיין זאך.

— אויב דו וועסט איצט נאָך איין וואָרט ווייטער רעדן,—האָט לערדא געזאָגט מיט אַ שטילער דראונג אין קול,– האָסטו ביי מיר אויסגעשפילט, מיין שוועל וועסטו שוין מער נישט באטרעטן.

ווילהעלם האָט זיך שפּאָטיש צעלאכט און געכאפּט דעם קאפעלוש.

— איך האָב מיר פארקאכט א פייגע קאשע, — האָט זיך לערדא אָנגערופן, בעת ער האָט פארמאכט הינטער זיך די טיר, און איר געזיכט איז געוואָרן הארט און טרייסטלאָז.

— אָרעמע נשמה, יעדער האָט זיין פעקל צרות. נעם דיר נישט שטארק צום הארצן.

— ס'איז נישט צוליב דעם געמיינעם פארשוין, כ'האָב מורא פאר רעלנאָוון. ס'איז פאראן נאָר איין אויסוועג. – האָט זי האסטיק צוגעגעבן,—איר מוזט וואָס גיכער דערליידיקן דעם

ענין מיט פרײלײן ריסט. בעסער הײנט, װי מאָרגן — אַנדערש קאָן פּאַסירן אַן אומגליק.

—יאָ, יאָ,—האָט גינסקי געמורמלט. מיט אַ מעלאַנכאָ-לישן אויסדרוק.—ס'איז לײכט צו רײדן, ליזע. װען עס װאָלט אָבער נישט אַזוי שװער צוגעגאַנגען...

— װאָס װיל זי דען אײגנטלעך, זי װאַרט אפשר אויף אַ בן-מלך?—האָט לערדאַ אויפגעשריגן אַ גערײצטע.

— ליזעלע, דו פאַרשטײסט דאָס נישט. װאַרט צו, אין עטלעכע טעג אַרום װעט דער ענין אַװעק כשורה.

ער האָט איר דערלאַנגט די האַנט צום אָפּשײד. בײם עפענען די טיר איז ער שיער נישט געפאַלן איבער דער אַלטער.

— ס'איז מיר פונקט צום האַרצן װען אַזאַ אַלטע קלאַװו-טע פאַרשטעלט מיר דעם װעג.

ער האָט זיך אָפּגעטרײסלט און איז שנעל אַװעק.

— האָסט װידער אונטערגעהערט?—האָט לערדאַ אַרויסגע-צישט פון צװישן די צײן.

די פרוי האָט געװאָלט עפּעס ענטפערן, אָבער די טענ-צערין האָט איר פאַרהאַקט די טיר פאַר דער נאָז. אַ װײלע איז זי געשטאַנען אָן באַװעגונג, װי פאַרשטאַרט אינמיטן צימער ביז װאַנען די כוחות האָבן זי פאַרלאָזט און זי האָט אויסגעבראָכן אין אַ ספּאַזמאַטישן געװײן...

# אכטער קאַפּיטל.

זיי זענען געזעסן אין מוזיק-צימער. א הויכע שטיי-לאָמפּ מיט אַ רויטן אבאזשור האט פארשפרייט ארום זיך א געדעמפּטע ליכטיקייט. אויפן קליינעם טישל האָט געקאָכט דאָס טיי-קענדל.

זי האָט אים אָנגעגאָסן.

— אפשר ווילט איר סמעטענע?

– ניין, א דאנק.

— ציטרין אָדער רום?

— א דאנק!

— און צוקער אויך נישט?

— ניין, אויך נישט קיין צוקער. איך בין אַ קעגנער פון יעטוועדער פעלשונג. איטלעכע זאך דארף מען געניסן אין איר ריינער פאָרם.

זי האָט ערנסט געשאָקלט מיטן קאָפּ און זיך געזעצט קעגנאיבער אים.

– כ'דאנק אייך פאר דער איינלאדונג. איך בין אזוי גערן געקומען. די לעצטע צייט האָב איך אזוי געבענקט נאָך אייך. דערביי האָב איך מיך לאנג געשלאָגן מיט דער דעה, איך האָב מיך שוין כמעט אנטשלאָסן, — האָט ער צוגעגעבן מיט א שמייכל, — שרייבן צו אייך. איך בין אָבער נישט אימשטאנד געווען דאָס צו טון.

— פארוואָס האָט איר נישט געוואָלט קומען?

— כ'האָב פאר אייך מורא.

— פאר מיר? אזעלכעס זאָלט איר נישט זאָגן.

— ער האָט זי א ווײַלע אָנגעקוקט, אזוי ווי ער וואָלט נישט געהאט דעם מוט צו ריידן.

— איך דערוועג זיך אפילו נישט צו גלויבן, אז איר זענט צו מיר כאָטש א ביסל גוט געשטימט.

— איך בין צו אייך זייער גוט, נישט אין דעם גע־ווײַנלעכן זין, — אָ, ניין; איך האָב פון אייך נחת.

— רעדט נישט, כ'בעט אייך, ווייטער. איך האָב אן אומפארשטענדלעכע מורא, אז דאָס אלץ קאָן צערינען ווערן אין איין אויגנבליק. דאָס איז פאר מיר א גרויס גליק, מיט וועלכן איך מוז זײַן זייער, זייער אָפּגעהיט, כדי עס זאָל מיר נישט צעבראָכן ווערן אויף שערבעלעך.

זײַנע אויגן האָבן הכנעהדיק געלויכטן.

— גיט אייך אָפּ אינגאנצן אזוי ווי איר זענט, און איך גלויב אין אייך.

— דאָס פײַניקט מיך גראָד,— האָט ער געענטפערט. — איך ווייס נישט, ווער איך בין. און ווען איך קוק מיך אום צוריק, נעמט מיך דורך א גרויל.

ער האָט זי פלוצלינג אָנגענומען פאר דער האנט.

— יעדן מענטשן, וואָס האָט זיך צו מיר דערנענטערט, האָב איך פארשאפן יסורים... ניין, רײַסט מיר איצט נישט איבער. אלץ, וואָס איר האָט געהערט וועגן מיר, אָדער איר וועט הערן, איז וואָר. איך בין אן אוואנטוריסט. איינער, וואָס זעגלט אונטער א פאלשער פלאג, טויג צו גאָרנישט — איינער, וואָס זוכט אייביק און געפינט קיינמאָל גאָרנישט.

— רעדט נישט אזוי, איטלעכס וואָרט אײַערס טוט מיר וויי.

ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— איך וויל פאר אייך גאָרנישט באהאלטן.

— איך זיץ איצט נעבן אייך און קום פון אן אנדע־רער פרוי. און ווען איך וועל אייך פארלאָזן, וועל איך זיך

צוריקקערן צו איר. איז דאָס נישט שרעקלעך? — האָט ער שטיל געענדיקט.

זי איז געוואָרן שטארק בלאַס, און אירע הענט האבן זיך אומזיכער געקלאמערט אין טיש-ברעט.

— דאָס איז אייער רעכט, — האָט זי געענטפערט, — און איר דארפט אייך נישט פארענטפערן. איך האָב אייך קיינ-מאָל נישט געפרעגט וועגן אייער לעבן, און איר פאלט ביי מיר נישט אראָפּ מיט קיין ווידוי נישט, זאָל — — — זי האָט איבערגעהאקט אין מיטן זאץ און האָט אים לאנג אָנגעקוקט, טיף שווייגנדיק, אזוי אז א שטילער וויי און פּחד האט אים אדורכגענומען. די צייט איז אים פאַרגעקומען אָן א סוף... איר ליידנדיקע נשמה האָט זיך געצאפּלט אויף איר געזיכט... מיט דער גרעסטער מי האָט ער אויסגעהאלטן דעם דאָזיקן בליק.

ער האָט געשפּירט, ווי ער הייבט אָן צו פארלירן די גלייכגעוויכט, זיין עלאַסטישע ענערגיע, אין דער דאָזיקער שעה, ווען עס האָט זיך אים געדוכט, אז זי הויבט אָן צו אנטפּלעקן פאר אים דאָס געהיימניש פון איר נשמה און קער-פּער. אָבער גלייכצייטיק איז אים אין דער טיפעניש פון זיין נשמה קלאָר געוואָרן, אז ווען ער וואָלט זי אין דער רגע אָנגערירט מיט נישט קיין אנשטענדיקער באוועגונג, אָדער באליידיקט מיט נישט איידל וואָרט, וואָלט ער זי פארלוירן אויף אייביק.

ער האָט שווער געעטעמט, פּלוצלינג האָט ער זיך אוועקגעדרייט פון איר, איז צוגעגאנגען צום פענסטער און ארויסגעקוקט.

נאָך א קורצער ווײַלע האָט ער זיך ווידער אויסגעדרייט צו איר און קוים מיט מי ארויסגערעדט:

— כ'מוז איצט אוועקגיין, — איך פּיל, אז דאָס איז אין דאָזיקן מאָמענט דאָס בעסטע פאר אונז ביידע.

ער האָט זיך פארבויגן פאר איר טיף און מיט יראת

הכבוד און נישט דערלאַנגנדיק איר די האַנט, פאַרלאָזן דאָס צימער.

אויף די טרעפּ האָט ער זיך אָנגעשטויסן אויף גינסקין.

— זייט מיר מוחל, וואָס איך בין נאָך אויך דאָ אויף דער וועלט, — האָט דער באַראָן בייז אויסגעבראָכן.

רעלנאָוו איז געשטאַנען א פאַרחידושטער.

— אַנטשולדיקט, אין וואָס פאַר א טאָן רעדט איר צו מיר!

גינסקי האָט ווייט אויסגעגלאָצט זיינע קליינע אויגן.

— דאָס לאָזט שוין מיר איבער,— האָט ער געענטפערט און איז ווייטער געגאַנגען, נישט גריסנדיק אים.

— אידיאָט, — האָט רעלנאָוו געמורמלט.

ער איז אָבער געווען אַזוי איבערגעפּולט, אַזוי פאַרכאַפּט פון מאַרלענס בילד, אַז אין זיין נשמה איז נישט געווען קיין אָרט פאַר צאָרן און אומווילן. יאָ, אַז ער איז אריין אין דער טונקלקייט פון דער גאַס, איז אים נישט געווען טונקל— ער איז געשטאַנען אינמיטן פון א שטראַלנדיקן, יום-טובדיקן זאַל, באַלויכטן מיט טויזנטער ליכט. און אין זיך האָט ער געפילט אַזא לייכטקייט און שמחה.

— איך בין צום ערשטן מאָל אויף דער וועלט,— האָט ער געזאָגט צו זיך, — פאַר מיר ליגט אויסגעשפּרייט דאָס לעבן... איך זע... כ'זע...

## ניינטער קאַפּיטל

— גאָט מײַנער, וואָס איז מיט אײַך? — האָט מאַרלענע ריסט א דערשראָקענע געפרעגט, בעת גינסקי איז רויט פאַר כעס ארײַן אין איר צימער.

— ווען איך זע אים נאָר, אָט דעם פּאַרשוין, שטײַגט מיר שוין דאָס בלוט אין קאָפּ ארײַן. איך ווייס שוין דעמאָלט גאָר נישט וואו איך בין אויף דער וועלט.

זי האָט זיך אויפגעשטעלט.

— איך וועל אויף קיין שום פאַל נישט דערלאָזן, אז איר זאָלט אויף אזא אופן אָנפאַלן אויף א מענטשן, וואָס איז מיר נאָענט.

א ווײַלע איז ער געשטאַנען ווי צעדולט.

— נאָענט, — האָט ער געשטאַמלט.

— יאָ, הער באַראָן, רעלנאָוו איז מיר נאָענט.

— יעזוס מאַריא, דאָס איז דאָך אָבער נישט מעגלעך, דאָס קאָן דאָך נישט זײַן!

א ווײַלע האָבן זײַנע אויגן געבלאָנזשעט אָן לעבן, דערנאָך האָט ער זיך געווענדט צו איר:

— כ'האָב געוואָלט ס'מויל האַלטן. אצינד וואָלט עס אָבער שוין געווען א זינד. וויסן זאָלט איר, פרײַלין מאַרלען. אז ער איז א מנוול. ער גיט זיך אָפּ מיט יעדער נקבה. ער האָט דרײַ מיט אמאָל. און מיט לערדא געפינט ער זיך אין

א רעגלמעסיק פארהעלטניש, נישט נאָר סתם אין גוט-פריינט-שאפט

זי האָט אים שטום אויסגעהערט. אז ער האָט געענדיקט, האָט זי אים שטיל געפרעגט.

— צי גלויבט איר באמת, אז איר האָט מיר דערציילט א נייעס?

גינסקי האָט אויסגעגלאָצט אויף איר זיינע אויגן, אין וועלכע עס האָט זיך אָפגעשפיגלט מורא, פארלוירנקייט און פארצווייפלונג.

— איך האָב אים ליב, צי באגרייפט איר דאָס נישט?

— כ׳האָב אים ליב, — האָט זי נאָכאמאָל איבערגעחזרט און אירע אויגן האָבן אויפגעלויכטן.

אז זי האָט ארויסגעזאָגט די ווערטער, האָט גינסקי אָנגעהויבן פלוצלינג צו וויינען, אזוי אויפגעטרייסלט האָט אים איר ווידוי. ער האָט געוויינט אָן אויפהער, ווי א קליין קינד. דערנאָך האָט ער זיך שווער אויפגעהויבן און געפרוווט צו ריידן. דאס זענען אָבער נאָר געווען נישט פארשטענדלעכע קלאנגען.

ער האָט געכאפט דעם קאפעלוש. אין דער טיר איז ער נאָך געבליבן א רגע שטיין און געקוקט אויף איר מיט פארשלאָסענע אויגן, און איינגעבויגענערהייט זיך ארויסגערוקט פון צימער.

## צענטער קאַפּיטל

אנטשולדיקט מיר, פרייליין לערדא, וואָס כ'האָב אייך געלאָזט רופן, אָבער זעט איר, איר מוזט אייך וועגן דעם דערוויסן. זעצט אייך איצט צו, איך וועל אייך דערווייל מאכן קאפע, ווינער קאפע.

ביי די ווערטער האָט גינסקיס באַלעבאָסטע ארויסגערוקט זיך פון צימער, בעת לערדא האָט זיך אויסגעטון א ביסל אומרואיק.

עס האָט געדויערט קוים צען מינוט און די הויזווירטין איז צוריק אריינגעקומען מיט קאָכנדיקן קאַפע. אויפן טעלער איז געלעגן א בארג מיט קיכלעך, אזוי ווי א גרויסע גאַזעלשאפט וואלט זיך געדארפט זעצן צום קאפע.

— מאכט אייך באקוועם; — האָט זי געזאָגט און אָנגעגאָסן דעם קאפע.

— און דאָ האָט איר שמעטאנקע, — האָט זי צוגעגעבן, — איצט וועלן מיר געמיטלעך טרינקען.

זי האָט זיך אראָפּגעלאָזט אין א פאָטעל, בעת פרייליין לערדא האט זיך אנידערגעזעצט אויף דער סאָפע.

א קורצע ווײַלע האָבן זיי זיך פארהאלטן גאנץ שטיל. מען האָט נאָר געהערט דעם קלאנג פון די לעפל און טעפלעך.

— יעזוסל, פרייליין לערדא, ס'איז פשוט נישט צו דערציילן, וואָס איך האָב דורכגעמאכט אין במשך פון דעם לעצטן מעת-לעת. אזוי ווי ער איז נאָר אריינגעקומען — האָט ער אויף

אייך אזוי מאָדנע געקוקט, אז ס׳האָט אזש א ריס געטון ביים הארצן. און דער קאפעלוש איז אים געזעסן טיף אויפן געזיכט, אזוי ווי איינער וואלט אים מיט כוח ארויפגעזעצט. און ווייס איז ער געווען ווי קרייד. הייליקע אננא, וואָס איז אייך געשען, הער בּאראָן, האָבּ איך גלייך א געשריי געטון. „ש-ש-ש-א" זאָגט ער און לייגט דעם פינגער אויפן מויל. כ׳האָבּ אים אָבער נישט געלאָזט צו רו און געפרעגט און געפרעגט: רעדט, הער באראָן, וואָס איז אייך געשען, און ער האָט אויסגעגלאָצט די אויגן אין דער לופטן, און זאָגט מיט אמאָל אזוי שטיל, אז איך האב קוים געקענט הערן: אויס, אינגאנצן אויס. יאָ, אבער וואָס? פרעג איך. און איצט, פריילין לערדא, שטעלט אייך פאָר, — ער כאפט א שטול און גיט עס א טראסק אין דר׳ערד, אז ס׳צעפאלט זיך אויף שטיקלעך און מיט איין פוס פון שטול גייט ער אויף מיר, ווי ער וואָלט מיך געוואָלט דערהרגענען.

נו, האב איך דאָך גלייך פארשטאנען, אז דער אומגליקלעכער איז משוגע געוואָרן — און קיין מורא האָב איך נישט געהאט פאר אים. גאנץ רואיק האָב איך געזאָגט: לאָזט געמאך, הער באראָן, אז נישט וועט ווערן א געלויף פון גאנצן הויז. דעמאָלט קוקט ער מיך אָן מיט א שוידערלעכן געלעכטער; צוערשט פייפט ער אונטער דער נאָז — ווי ער טוט עס אלע מאָל, דערנאָך גייט ער צו צום שרייבטיש-שופלאָד, נעמט ארויס זיין פיסטאָלעט און זאָגט: ס׳האָט שוין געשלאָגן רעלנאווס לעצטע שעה. ברענגט מיר באלד אן אויטאָ. איך טו, אזוי ווי איך וואָלט אייסגעפירט זיין באפעל. לויף אראָפּ אונטן אין געוועלבּל און קלינג אָן צו זיין פראָפעסאָר, און כ׳דערצייל אים, ווי אזוי ס׳שטייט מיט אים, ער זאָל לאָזן אלץ ליגן און שטיין און געשווינד קומען צו פאָרן. נו, אין א פערטל שעה שפּעטער איז ער דאָ געווען, האָט אים גלייך געמאכט א מאָרפיום-איינשפריצונג — און דער אָרעמער באראָן איז באלד איינגעשלאָפן. היינט אין דער פרי האָט מען אים צוגענומען, און דער פראָפעסאָר האָט געזאָגט: „דאָסמאָל וועט די געשייב-

טע דויערן לענגער ווי געווײנלעך". אָבער, פרײלײן לערדא, איר עסט און טרינקט דאָך גאָרנישט, — האָט זי איבערגעריסן איר שטראָם רייד און אויפסנײ אָנגעגאָסן דער טענצערין.

— ווייסט איר, ווער ס'איז שולדיק אין דעם גאנצן אומגליק? — האָט לערדא געפרעגט און אירע אויגן האָבן אויפגעפינקלט.

— צי איך ווייס, איר מיינט אפשר, אז איך בין שוין גאָר טאמעוואטע?

— זעט איר, דאָס איז א גאנץ ראפינירטע פארשוינטע. איך קען מיך אויף מענטשן. פון ערשטן בליק האָב איך געזאָגט: איר געטרוי איך נישט. זי מאכט עס גרויסארטיק, דאָס מוז מען איר מודה זיין, זי פירט זיך אויף ווי אן אומשולדיקער מלאך. נו, מיר וועלן נאָך זען, מיט איר וועל איך מיך נאָך טרעפן.

— פארזוכט א שטיקל געבעקס פרײלײן לערדא, ס'איז אייגענע ארבעט.

— א שיינעם דאנק, דער אפעטיט איז מיר שוין פארגאנגען.

— איר הערט פרײלײן, זי האָט אונזער באראָן אויפן געוויסן, דערפאר גיב איך מיין קאָפּ. זינט ער האָט זיך מיט איר פארצויגן, האָט ער נישט געהאַט מער קיין רואיקע שעה.

זי חאָט זיך צוגערוקט גאַנץ נאָענט צו דער טענצערין, און אָנגעהויבן אין א פארטרוילעכן טאָן:

— ווייסט איר, פרײלײן, וואָס איך טראכט מיר אָפּט, אז איר דארפט אייך נישט אָנהענגען אין אזא אויסוואורף, ווי רעלנאָוו — עס וועט אייך נאָך ארײנברענגען אין אן אומגליק. איך האלט, אז איר וואָלט גראָד געווען די אמת'ע פרוי פאר אונזער באראָן. ער איז דאָך אזא גוטער, א מענטש איינער אליין, אָן קינדער, און געלט אזוי ווי היי. איר וואָלט געווען פארזאָרגט אויפן גאנצן לעבן. און פרוי באראָנעסע קלינגט אויך נישט שלעכט. אייך וואָלט איך עס פארגינט פון גאַנצן האַרצן. אי, וואָס דער קאָפּ איז ביי אים א ביסל נישט

אויפן ארט — דאָס מאכט גראָד נישט אויס: יעדן מאנספּער־שוין פעלט א קלעפּקע אין קאָפּ.

— מיט מיר איז גאָרנישט צו מאכן, — האָט לערדא געענטפערט און איז אויפגעשטאנען.

— א שיינעם יישר־כּוח, כ׳ווייס, אז איר מיינט מיין טובה. איך קאָן מיך אָבער נישט אָפּרייסן פון דאָזיקן מענטשן. א גוואלטיקע נארישקייט! איך האָב אָבער דערצו קיין שום רפואה נישט, — האָט זי געענדיקט, ציענדיק מיט די אקסלען און טיף פארטראכט אָנגעטון דעם פעלץ.

— איבריקנס — כ׳וואָלט נישט געוואָלט זיין אין איר פעל, — האָט זי צוגעגעבן מיט א דראָונג.

— אפשר וועט איר מיטנעמען נאָך א קיכל, פריילייו לערדא?

— ניין, בעסטן דאנק, און קומט ארויף אמאָל צו מיר. עס איז באמת געווען ביי אייך זייער געמיטלעך.

זיי האָבן זיך געגעבן די הענט. דערנאָך האָט די הויז־ווירטין באגלייט לערדאן צום טיר.

## עלפטער קאפיטל.

אין טיפער פיין איז ער צו איר געקומען. איין וואָרט פון איר האָט אים כסדר געמאטערט.

— איר האָט געזאגט דאָס לעצטע מאָל, — האָט ער פאמעלעך אָנגעהויבן, — אז איר האָט מיך ליב נישט אין געוויינלעכן זין. ווען איר האָב שפעטער געטראכט וועגן דעם, האָט עס געקלינגען אין מיינע אויערן ווי א טויט-אורטייל. ווייל איך גלויב, אז אין דער ליבע צווישן מאן און ווייב איז נאָר פאראן איין זין; מען פעלשט זי, ווען מען פרווט אין איר צו צווייפלען.

מארלענע ריסט האָט אים אויסגעהערט מיט אָנגעשטרענג-טער אויפמערקזאמקייט. איר געזיכט האָט זיך אויסגעוויזן נאָך ערנסטער ווי פריער.

— ווי זאָל איך זיך נאָר קלאָר אויסדריקן, — האָט זי קוים ארויסגערעדט, — פון אייערע ווערטער טראגט זיך צאָרן און אומצוטרוי, וועלכע מאכן מיך אומגליקלעך. ניין — ניין — איך שפיל נישט מיט אייך, אפילו ווען איך קאָן נישט געבן דאָס, וואָס איר פארלאנגט פון מיר. איר צווייפלט אין מיין אויפריכטיקייט, און איך בין אומבאהאָלפן און צומאָל נישט בכוח זיך צו פארטיידיקן.

איר געזיכט האָט זיך פארצויגן מיט טרויער און אירע אויגן זענען געווען איבערפולט מיט ווייטאָג. ער האָט גע-שפירט, אז זי ליידט שטארק—ער וואָלט זיך אראָפגעבויגן צו

איר און געקושט אירע הענט. עס האָט אים אָבער צוריקגעהאַלטן א האַרטקייט, פון וועלכער ער האָט זיך נישט געקאָנט אָפּגעבן קיין דין וחשבון.

— איר פאראכט מיך! — האָט ער געזאָגט, — ווייל ס'קאָן דאָך נישט זיין קיין אנדער דערקלערונג.

זי האָט שטום געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— איר זאָגט מיר אלזאָ אָפּ, — האָט ער פארביסן ווייטער גערעדט,— איר פילט צו מיר אן עקל. דאָס וואָלט געוועזן פאר מיר ווי א פסק־דין, און אלע מיינע באגערן וואָלטן געמוזט אנטשטומט ווערן.

— הערט אויף! — האָט זי אים איבערגעריסן פארצווייפלט און געקעמפט מיט די טרערן, וואָס האָבן זיך באוויזן אין אירע אויגן.

— גוט, איך וועל שווייגן. ענטפערט מיר אויף איין איינציקער פראגע, און איך וועל אייך מער נישט באלעסטיקן מיט קיין איין וואָרט.

— פרעגט? — האָט זי מיט ווייטאָג געענטפערט און האָט אים דערביי אָנגעקוקט מיט שפאנונג.

— פארוואָס זענט איר קעגן מיר אזוי שטרענג?

— ווייל איך האָב אייך ליב – ווייל איך ליב אייך אָן ווערטער... ווייל איך וואָלט אייך נישט געוואָלט פארלירן... ווייל איך וויל, אז דאָס געפיל, וואָס פארבינדט אונז זאָל זיך לגמרי אונטערשיידן פון אנדערע באציאונגען מיט אנדערע פרויען.

ער האָט זיך אויפגעהויבן. אויף זיינע ליפּן האָט זיך באוויזן א קאלטער, אָפּשטויסנדיקער שמייכל.

— שטותים, וועלכע איך הייב נישט אָן צו פארשטיין, — האָט ער געענטפערט שארף.

זי האָט אויפגעציטערט, ווי זי וואָלט באקומען א קלאַפּ און האָט נישט ארויסגעגעבן פון זיך קיין קלאַנג. אָבער ווען ער האָט געוואָלט אוועקגיין, האָט זי אים פארשטעלט דעם וועג.

— איך טאָרט מיך נישט אזוי פארלאָזן; איר מוזט מיך פארשטיין.

— דאָ הער איך אויף צו פארשטיין! איך נעם אויף אזא אופן פון באהאנדלונג ווי א באליידיקונג, — האָט ער געזאָגט שארף.

— איך באליידיק אייך?!

זי האט ביטער געשמייכלט.

— צי קאָן דען צווישן מיר און אייך נישט עקזיסטירן אזא פערהעלטניש, וואָס זאָל זיך האלטן אויף א טיפער פריינט-שאפט? צי אלס מענטש האָב איך פאר אייך אזא קליינעם ווערט, אז איר ווארפט מיך אוועק ווי א ווערטלאָזן חפץ, ווען איך וויל מיך אייך נישט אָפגעבן?

רעלנאוו האָט טרויעריק אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

— איך גלויב אייך נישט, זייט מיר מוחל, מיין געפיל גלויבט אייך נישט. מיר לייגט זיך נישט אויפן שכל, אז א מענטש, וואָס האָט ליב דעם אנדערן, זאָל אים קארגן זיין ליבע. דאָס איז א מין גאווה, וואָס מאכט מיך קראנק, איר הערט, ס'מאכט מיך קראנק.

— אויב ס'איז מעגלעך, אז איר זאָלט קענען אוועקגיין פון מיר מיט אזעלכע מיאוסע געדאנקען, איז אלץ צווישן אונז געוועזן ליגן און פאלשקייט. — ניין – ניין – אייער בייזע שטימונג וועט ביי מיר נישט אוועקנעמען מיין גלויבן.

איר טיפע ערנסטקייט האָט אים צעמישט.

— ווייזט מיר דעם וועג צו אייך. איך דארף אייך, מאר-לענע, איך מוז אייך האָבן.

— אויב איר דארפט מיך, וועט איר אזוי אויך דעם וועג צו מיר געפונען און איר וועט נישט צעשטערן דאָס, וואָס בליט אויף אין אונז ביידע. זייט גוט צו מיר, ליבער, ליבער פריינד.

איר טאָן און דער אויסדרוק פון איר געזיכט האָבן אים גערירט.

— כ'האָב מורא, – האָט ער נישט זיכער ארויסגעזאָגט, –

אז דאָס וועט זיין א קאמף, אין וועלכן מיר ביידע וועלן זיך פאמעלען פארצערן. ווייל צו וואָס נוצט עס, ווען איך וועל אייך היינט צוזאָגן, אַז איך וועל ווערן באשיידענער, און מאָרגן וועל איך פילן, אַז דאָס איז איבער מיינע כּוחות. דערפאר, ווייל איך מוז מיך אליין פארשווענדן, האָב איך נישט קיין פארשטענדניש פאר דער שפּאָרזאמקייט פון אנדערע. — און צי גלויבט איר, אז איך וועל זיין בכּוח צו ענדערן מיין נאטור? איך בין, ווי איך בין, — האָט ער צוגעגעבן מיט א צווינגנדיקן שמייכל, אין וועלכן ס׳איז געווען עפּעס ווייטאָג־פולעס.

— איר זאָלט קיינמאָל נישט אָנטון איבער זיך קיין גע־וואלט, און קיינער וואָלט אזוי פיל דערפון נישט געליטן, ווי איך, — האָט זי געענטפערט.

— זייט געזונט, מארלענע.

אירע ליפּן האָבן לייכט אויפגעציטערט. אָבער זי האָט אים שוין מער נישט געפּרוּווט פארהאלטן.

און רעלנאָוו איז אוועקגעגאנגען — צעבראָכן און פאַר־צווייפלט, וואָס זי האָט אים געלאָזט אוועקגיין.

## צוועלפטער קאפיטל

אז ער איז ווידער געשטאנען אויף דער גאס, איז זיין ערשטער בליק געפאלן אויף פריילײן לערדא, וועלכע האָט אַ שעה צייט געלויערט אויף אים פארן הויז.

— וואָס טוסטו דאָ? — האָט ער געפרעגט פארוואונדערט און א קוק געטון אויף איר געזיכט, וואָס האָט פון דער אייז־שניידנדיקער קעלט באקומען א בלוילעכן קאָליר. — ווילסטו קראנק ווערן?

— דאָס וואָלט געווען פאר מיר דאָס בעסטע. און איי־געגנטלעך: יאָ, איך ווארט אויף דיר. עס בלייבט מיר נישט עפּעס אנדערש, ווייל א נישט קען מען דיך אין ערגעץ נישט געפונען.

זי האָט געוואָלט רעדן רואיק, אָבער אין איר שטים האָט זיך געהערט א דייטלעכע אויפרעגונג.

— צי איז דען דאָס אזוי נויטיק, אז ער לאָזט זיך נישט אָפּלייגן אויף שפעטער?

דערביי האָט ער זי שנעל באטראכט, און איר מאָגער געזיכט האָט זיך אים אויסגעוויזן עלנט און חרוב.

— בלי ספק!

זיי זענען איצט געגאנגען שווייגנדיקע דורכן פינסטערן גאָרטן. אין דער פינסטערניש האָבן די פארשנייטע ריזנביימער אָנגענומען וואונדערלעכע געשטאלטן.

— פארוואָס קנעפּלסטו נישט צו דעם מאַנטל? — האָט

רעלנאָוו געפרעגט און זיין קול האָט מילד געקלינגען. — דו וועסט דאָך דערפרוירן ווערן.

זי האָט נישט געענטפערט. ער האָט אָנגעהויבן שנעלער צו גיין. פוסט און טרויעריק איז געלעגן אויסגעשפרייט, דער גאָרטן-שטעג, און אפילו די בעלווי-אלעי, צו וועלכער זיי האָבן זיך איצט דערנענטערט, איז אויך געווען אינגאנצן אָפגעשטאָרבן. אָבער אין עטלעכע מינוט שפעטער זענען זיי געווען אינמיטן א שטראלנדיקער ליכטיקייט — און כוואליענדיקן גע-דראנג — און פארטויבנדיקן געפילדער.

זיי זענען געשטאנען פאר יאָסטיס קאפע-הויז, און רעל-נאָוו האָט זיך נישט גערירט און ווי פארכישופט געקוקט אויף דער דאָזיקער פיבערהאפטער באוועגונג, וועלכע האָט זיך גע-באָדן אין ליכט און שימערירט מיט אלע פארבן...

— פאנטאסטיש, פאנטאסטיש, — האָט ער געמורמלט.

ס'האָט זיך אים פלוצלינג פאָרגעשטעלט, אז דאָ האָט זיך צעפלאקערט א קאמף אויף טויט און לעבן, צווישן מענטש, חיה און מאשין, און אז ס'איז געווען גאָטס וואונדער, וואָס אין דעם דאָזיקן שפיל, וואָס האָט אויפגערייצט אלע נערוון און חושים, זענען מענטש, חיה און מאשין נישט געפאלן טויט.

— איך קום אום פאר קעלט, — האָט לערדא געקרעכצט און האָט געצופט רעלנאָוון פארן ארבל.

ער האָט דערשראָקן אויפגעציטערט – ער האָט זי אינ-גאנצן פארגעסן.

– פאַנטאסטיש – האָט ער איבערגעחזרט און שטיל צו-געגעבן: – קום, מיר וועלן טרינקען א גלאָז טיי.

דער קאפע איז געווען איבערפולט מיט מענטשן, און נאָר מיט גרויס מי איז אים געלונגען צו געפונען א קליין טישל.

רעלנאָוו האָט געהאָלפן לערדאן ביים אויסטון זיך. ער האָט נישט באמערקט, ווי פון אלע זייטן האָט מען אויף זיי געקוקט, ווייל די טענצערין, וועלכע איז געווען באקאנט פון עקסצעלזיאָר-באַר, איז געווען שטארק בארימט צווישן די

מענער אין בערלין. אויסער דעם איז איר בילד זינט וואָכן אראָפּגעהאָנגען פון אלע סלופּעס.

— וואָס ווילסטו טרינקען?

— הייסן ווייַן.

אירע ציין האָבן געקלאפּט פאר קעלט.

דערנאָך האָט זי שוין נישט ארויסגערעדט קיין איין וואָרט, ביז דער קעלנער האט איר געבּרענגט דעם הייסן געטראנק.

— זי האָט אים אויסגעטרונקען מיט איין זופּ, אז רעל־נאָוו האָט זיך אזש דערשראָקן.

— ווי לייכטזיניק דו ביסט! דו האָסט דיך געוויס אָפּ־געבּריט.

זי האָט שוואך געשמייכלט. איר געזיכט האָט ווידער אויפגעלעבּט.

— רעד, וואו דריקט דיך דער שיך?

זי האָט ארויסגענומען פון דער מופטע א צוזאמענגע־לייגט פּאַפּיר, און עס לאנגזאם פאנאנדערגעוויקלט. עס איז געווען אן אנגאזשמאן קיין פאריז מיט אן אומגעהייערער גאזשע.

— איך זאל טאנצן אין „קאפע דע פּארי". עס איז דער פיינסטער לאָקאל, אין וועלכן עס קומען אלע אויסלענ־דער. וואָס מיינסטו וועגן דעם?

ער האָט מיט א פארשנדיקן בּליק איבערגעלייענט דעם אינהאלט פון קאָנטראקט:

— ס'איז נישטאָ וועגן וואָס צו טראכטן. דאָס איז א גלענצענדער אנגאזשמאַן, וואָס טרעפט זיך נישט אַלע ווייַלע. און פאריז איז אזוי צו זאָגן דאָס גרויסע שפּרינגבּרעט. אויב דו וועסט דאָרט ווערן בּארימט, — האָט ער צוגעגעבּן לעבּהאפט — וועסטו דערגרייכן דיין גליק.

זי האָט עטוואָס ארויפגעצויגן איר פאררייסן נעזל און א לייכטער חוזק־שמייכל האָט געבּלאָנזשעט ארום אירע ליפּן. זי איז אָבּער באלד געוואָרן ערנסט.

— איך וואָלט אָנגענומען דעם פאָרשלאַג, ווען — — זי האָט איבערגעהאקט, און אים באטראַכט א לאנגע צייט מיט האלב פארמאכטע אויגן. דערנאָך האָט זי פלוצלינג געזאָגט:

— קום מיט מיר, רעלנאָוו. עס איז אויך פאר דיר א שינוי-מקום און ס׳וועט דיר זיין צום גוטן. דער אגענט האָט מיר געזאָגט, אז פאריז איז וואונדערלעך.

— איך בין טאקע דאָרט געוועז, — האָט ער געענטפערט.

— איך דארף דיר אלזא נישט צו פארציילן. קום מיט — און איך שרייב אונטער.

— עס לאָזט זיך נישט — ס׳לאָזט זיך נישט ביי מיין בעסטן ווילן.

— פארוואָס?

— פרעג נישט; טו מיר צוליב.

— גוט!

מיט א האסטיקער באוועגונג, האָט זי צעריסן דאָס פאפיר. ער האָט עס אפילו נישט באמערקט.

ער איז אין זיינע געדאנקען געווען ווייט פון איר. אויפן קליינעם מערמעלנעם טיש איז געלעגן די שניייווייסע האַנט פון מארלענע ריסט, און ער האָט באטראכט די שמאָלע, לאנגע פינגער און געגלעט איר האנט. און ער האָט געזען אירע טונקעלע אויגן, און געהערט איר טונקעלע שטים און געוואוסט, אז זי האָט געצויגן נאָך זיך א פינסטערן שאָטן, אז זי האָט געליטן יסורים און טראָץ דער הארטער עקשנות ארום די ליפען איז זי פאָרט געבליבן גוט און ווייך.

— פארוואָס בין איך אזוי פון איר אנטלאָפן? — האָט האָט ער זיך געפרעגט.

א רעטעניש...

ער איז געווען איבערגעפולט מיט א טיפער פרייד, פאר וועלכער ער האָט נישט געפונען קיין נאָמען, און זיין געזיכט האָט באקומען א צארטען אויסדרוק.

ווען ער וואָלט געהאט אן אנונג, וואָס איז אין דער דאזיקער מינוט פון זיין זעלבסטפארגעסענקייט פארגעקומען

אין דער נשמה פון דער פרוי, וואָס איז געזעסן קעגנאיבער אים און נישט אראָפּגעלאָזט פון אים די אויגן, וואָלט ער זיך אפשר פריער אויפגעכאפּט פון זיינע חלומות.

— דו האָסט זי ליב שטארקער פאר מיר?

ער האָט פרעמד געשמייכלט.

— איך האָב זי גאנץ אנדערש ליב.

— דו האָסט זי אלזאָ ליב?

— כ׳האָב זי ליב.

און ווידער איז ער געווען ווייט פון איר און האָט נישט געוואוסט, אז ער טאנצטביים ראנד פון אָפּגרונט.

— המ, — האָט לערדא געמורמלט.

און א ווײַלע שפּעטער האָט זי געזאָגט מיט א קוים גע־הערטער שטים:

— זי וועט פון דיר מאכן אזא תל, אזוי ווי זי האָט געמאכט פון גינסקין; זי האָט ביי אים צוגענומען זיין רעשט ביסל פארשטאנד.

ער האָט גאָרנישט געהערט.

— זי האָט אים אויפן געוויסן, — האָט זי עקשנותדיק ווייטער גערעדט. — אין משך פון לאנגע יאָרן האָב איך גע־האט די געלעגנהייט צו זען, ווי זי האט אים געצויגן אהין און אהער, געשפּילט זיך מיט אים, ווי א קאץ מיט א מויז. פע, צום טייוול, דאָס איז דער שטן אליין.

ער האָט אלץ געשוויגן.

דאמאלט האָט זי זיך האסטיק איבערגעבויגן איבערן טיש און אָנכאפּנדיק אים פאר דער האנט אויסגערופן מיט פאר־צווייפלונג:

— פאָר מיט מיר קיין פאריז!

ער האָט זיך אויפגעוועקט, אָנגעקוקט זי ווי א פרעמדער און געקלאפּט מיטן טיי־לעפעלע אין גלאָז.

אין דעם אויגנבליק איז פאר זיין טישל ווי פון אונ־טער דר׳ערד אויסגעוואקסן דער קאָמפּאָזיטאָר שטיינהיגל און האָט אים און לערדא באגריסט מיט זיין האסטיקן ברייטן זשעסט:

— איר ווערט מיט יעדן טאָג אַלץ מער באַרימטער — האָט ער געזאָגט צו איר.

— איך פייף דערויף.

— ש-ש-שאַ, — האָט ער געשעפּטשעט, — איר דאַרפט דאָס נישט אונטערשעצן. הערט נאָר אויס, וואָס דער מאָסגע-ביקער בערלינער קריטיקער שרייבט וועגן מיר.

ער האָט אַרויסגענומען פון ביזעם-טאַש א בלאַט און האָט אַזוי הויך געלייענט, אַז מ'האָט אָנגעהויבן אַריבערצוקוקן צו זיי פון די שכנותדיקע טישלעך.

— אויף די היץ-פאַנטאַזיעס פון הער שטיינהיגל — היץ-פאַנטאַזיעס...— האָט ער איבערגעחזרט מיט א שאַרפער שטימע,— דאַרפן מיר זיך נישט אָפּשטעלן. אן ערנסטער מענטש קען קיין שום אינטערעס נישט האָבן פאַר דער דאָזיקער שטאַמלעריי און לאַלעריי. — דאָס וועל איך מיר איינפּאַסן אין א ראַמל. אַזעלכע ווערטער דאַרף מען איבערלאָזן פאַר די צוקונפטיקע דורות! די דאָזיקע אויפגעבלאָזענע איגנאָראַנטן, באַנקראָטירטע עמי-הארצים און געשעפטמאַכערס, וואָס דרייען זיך אָפּהענגיק פון דער קאָניונקטור ווי די ווינטפענדלעך, האָבן די העזה אָנצופאַלן אויף איינעם, וועלכער איז נישט בכוח צו געבן א פּאַטש אויף רעכטס און לינקס.- ברענגט מיר שנעל קאָניאַק— האָט ער צוגערופן א פאַרביילויפנדיקן קעלנער. — מ'דאַרף פטור ווערן פון דאָזיקן עקל. נאָטאַבענע: פרייליין ריסט זינגט אויפן נאָענטסטן קאָנצערט אין לייפּציקער מוזיי מיין לעצטן לידערציקל. דאָס איז אן אויספּירערין פון ערשטן ראַנג. איר קענט זיין שטאָלץ מיט איר פריינטשאַפט.

— הערט שוין אַמאָל אויף, — האָט אים לערדא איבער-געריסן. — דאָס לויבן ביזן הימל די דאָזיקע פּערזאָן ווירקט אויף די נערוון.

איר שטים האָט געקלינגען בייז און האַרט. דער קעלנער האָט געבראַכט קאָניאַק. שטיינהיגל האָט אים אויסגעטרונקען מיט איין זופּ. דערנאָך האָט ער לאַנג באַטראַכט די טענצערין:

— מאדאם, צי זענט איר נישט אפשר אמאָל אייפער־זיכטיק? דאָס וואָלט געווען אמוזאנט.

— איך בין קיין מאדאם נישט, — האָט זי גראָב גע־ענטפערט. — איך פּראָטעסטיר שארף קעגן דעם.

— איר זענט א דאמע — א פולקאָמע דאמע.

ער האָט זיך הויך צעלאכט, זיך לייכט פארבויגן און איז פארשוואונדן.

א פּאָר מינוט האָט געהערשט צווישן זיי ביידע א שטילקייט.

— דו האָסט אלזא מיט איר עפּעס געמיינזאמעס, — האָט זי זיך ענדלעך אָנגערופן, שטאמלענדיק. — דער פארשוין צעטראָגט דאָס שוין איבער די קאפע-הייזער.

ער האָט קיין פּיפּס נישט ארויסגעגעבן פון זיך; נאָר זיינע טיף ארייננגעזעצטע אויגן, האָבן אויף א רגע העלער אויפגעשטראלט.

איר איז מיט אמאל געווארן שרעקלעך נישט היימלעך.

— וואָס איז דיר? — האָט זי געפרעגט דערשראָקן. — ביסטו שטום געוואָרן? רעד זשע א וואָרט!

אָנשטאָט אן ענטפער האָט ער צוגערופן דעם קעלנער, האָט שנעל באצאָלט און ארויסגייענדיק פון קאפע האָט ער איר שנעל און קורץ געדריקט די האנט.

און נישט אויסריידנדיק קיין וואָרט איז ער צו איר אומבאגרענעצטער פארוואונדערונג פארשוואונדן געוואָרן אין מענטשן-געדראנג.

א ווײַלע איז זי געשטאנען אינגאנצן איבעראשט, דער־נאָך האָט זי זיך באמיט צו באהערשן, האָט געוואָרפן דער־שראָקענע בליקן אין אלע ריכטונגען, נישט קענענדיק אָבער געפונען זיין שפּור. אן אָנמעכטיקער כעס האָט זי אָנגעכאַפּט. דאָס בלוט איז אויסגערונען פון אירע ליפּן און איר געזיכט איז געוואָרן טויט בלאס.

איצט איז זי געלאָפן א פארצווייפלטע איבערן לייפּציקער פּלאץ, אזוי ווי געיאָגט פון עמעצן — נישט קימערנדיק זיך

לחלוטין איבער די קללות, וואָס מען האָט איר נאָכגעשיקט פון הינטן, — האָט זי זיך געמאכט א וועג מיט אירע שפּי-ציקע עלנבויגנס דורך דער טונקעלער מענטשן-מאסע, וואָס איז איר געשטאנען אין וועג, אזוי ווי זי וואָלט אים געמוזט אויסשפּירן.

און מיט אמאָל האָט זיך איר געדאכט, אז זי זעט פאר זיך די פרייליין ריסט.

זי האָט זיך געוואָלט ווארפן אויף איר, אָבער זי האָט צו דער רעכטער צייט נאָך באמערקט איר טעות.

זי איז געבליבן שטיין אויסגעמאטערט, צוגעדריקט די האַנט צו איר הויך קלאפנדיק הארץ און האָט שטיל אָפּגע-קרעכצט.

## דרייצנטער קאַפּיטל

— נעם זשע נאָך אַ גלעזל בראָנפן,—האָט געזאָגט די אַלטע און אויפסנייַ אָנגעגאָסן ווילהעלמען.—דו ווערסט דאָך נישט דערלאָזן, אז זי זאָל דיך פירן פאר דער נאָז!

ווילהעלם האָט אויסגעטרונקען דאָס גלאָז מיט איין זופּ. ער איז געזעסן אויף דער סאָפע מיט צעשפּרייטע פיס און פון אים האָט זיך געטראָגן אַ ריח פון פּאָמאדע און שמעקנ־דיקע פּערפומען. ער איז געווען אָנגעטון לויט דער נייעסטער מאָדע, געהאט אויף זיך אַ סמאָקינג און אַ לאַנגן, זיידענעם קראוואט. זיינע הענט זענען געווען באזייט מיט דיקע, גאָלדענע רינגען, פון וועלכע עס האָבן אַרויסגעפונקלט רובינען און שמאראגדן. אויפן טיש איז געלעגן אַ פּאָר נייע, העל־געלע הענטשקעס.

— זעסט פיין אויס, ווילהעלם, אַזוי ווי דו וואָלסט געגאנגען צו דער חופה.

— נאָך וואָס גאָר א חתונה, — האָט ער בייז געענט־פערט.

— און די פיינע רינגען — נו, נו, וואו האָסטו זיי געפּאקט.

— אלץ מתנות! האסט דען אן אנונג, ווי די ווייבער ווערן פאר מיר די כפּרה! כ׳דארף נאָר אויסצושטרעקן די האנט — און אויף יעדן פינגער הענגען צען.

— כ׳גלויב דיר, ווילעם, ביסט באמת א שיינער מאנס-פערשוין.

— כ׳קאָן מיך נישט באקלאָגן, — האָט ער געזאָגט, האָט זיך אויסגעצויגן, אויסגעגלייכט און געשפאצירט איבערן צימער, די הענט אין די הויזנקעשענעס, באטראכטנדיק מיט גרויס צופרידנהייט, די שפיצן פון זיינע לאקיר-שיך

— און מיט אַזא איינער גיב איך מיר אָפּ.

— ווייסט וואָס, ווילהעלם, ווען דו וואלסט איר אמאָל גוט אָנגעריבן די ביינער, כ׳מיין, אַז דאָס וואָלט גוט געווען פאר איר. זי נויטיקט זיך פון צייט צו צייט אין אַ פּאָרציע שמיץ.

— אויך מיר א נייעס. וואָס בין איך א יינגעלע? ווארט, לאָמיר נאר זיין אין פאריז. דאָרט וועט זי שוין האָבן דאָס איריקע, אויב זי וועט מיך נישט הערן. ס׳קריכט מיר שוין פון האלז.

— פאריז איז אָבער אזוי ווייט, וואָס קאָן דען אלץ בינו לבינו נישט פאסירן!

ווילהעלם האָט איבערגעריסן זיין שפאציר און איז געבליבן שטיין אינמיטן צימער. ער האָט ברייט צעעפנט די אויגן און זיינע שווארצאפלען האָבן גרינלעך געפונקלט ווי ביי א קאץ.

— דער פארשוין וועט מיר מער נישט שפייען אין דער קאשע — אז ער וועט זיך מיר שטעלן אין וועג — וועל איך אים די ביינער צעברעכן.

די אלטע האָט זיך געהאלטן פאר די זייטן.

— לאַך נישט אזוי. די געשיכטע מוז איצט נעמען א סוף. כ׳וועל נישט אָפּטרעטן. און ווען עס זאָל מיך קאָסטן מיין לעבן — מוז איך פון אים פּטור ווערן.

זיינע טריבע אויגן האָבן אויפגעפלאקערט מיט שנאה און דורשט נאָך נקמה.

— אמת, ווילעם, איך גלויב אויך, אז דו וועסט מאכן

מיט אים א קורצן סוף. א ריכטיקער מאנספערשוין וועט זיך נישט לאָזן שפייען אין דער קאשע.

— דער „מוסיע" וועט מיר נישט שטעלן א פוס אין פאריז — מעגסט זיין זיכער.

— הערסט, — האָט זי איבערגעריסן.

— ניין, כ'הער גאָרנישט.

— הער — דאָך, — האָט זי זיך געהאלטן ביי אירס און א דערשראָקענע שטיל צוגעשארט זיך צו דער טיר. — אוודאי, זי איז דאָס — ווייסטו וואָס, ווילעם, איך וועל מיך שנעל אָפּטראָגן — כ'וויל נישט זיין דערביי, ווען די באָמבע וועט פלאצן.

זי איז שוין געשטאנען אין דער טיר, בעת ס'האָט זיך דערהערט א סקריפּען מיטן שליסל אין שלאָס.

ווילהעלם האָט זיך געשטעלט אין פאַסאָן — „רואיק בלייבן" — האָט ער געזאָגט צו זיך. מ'מוז דעם ענין ווי געהעריק אין דער האנט נעמען.

לערדא איז אריין אין צימער און האָט שפּאָטיש געשמייכלט, נישט אומקוקענדיק זיך צומאָל אויף אים.

ער האָט צוגעלייגט די רעכטע האנט צו דער שלייף און געגריפּט מיליטעריש.

— לאָז צו רו די פּוילע וויצן.

א פינסטערער שאָטן האָט פארצויגן ווילהעלמס פּנים.

— איך בין שוין אין אַ צו ערנסטער שטימונג, פארשטייסט?

— זי האָט אים אָפּגעמאָסטן פון אויבן ביז אראָפּ.

— נו, האָסט זיך גאָר פיין אויסגעפּוצט.

איר בליק איז געפאלן אויף דער פלאַש פון שנאפּס.

— געלויבט צו גאָט, אַ העלפט האָט איר שוין אויסגעזויפט, — האָט זי גיפטיק אזאָג געטון — ווי נאָר מען מאכט נאָר א טריט פון שטוב — פאלן זיי ווי די קראָען אויף אלץ.

— דו פארגינסט מיר אפילו נישט דעם טראָפּן,— האָט ער

געגנטפערט — און דער כעס האָט אים פארשפארט די קעל.

אָנשטאָט אן ענטפער האָט זי צוגענומען די פלאש פון טיש, פארשלאָסן אין שאנק און באהאלטן דעם שליסל אין קעשענע.

א ווײלע שפעטער האָט זי קורץ געזאָגט:

— קאָנסט טעלעפאָנירן אין עקסצעלזיאָר-באר, אז הײנט בײנאכט וועל איך נישט טאנצן.

— וואָס זאָל אזוינס ווידער באדײטן?

— ס׳גלוסט זיך מיר נישט, כ׳האָב נישט קײן חשק. כ׳מײן, אז דאָס איז גענוג — דאָס מוז פאר די לײט גענוג זײן — האָט זי צוגעגעבן צערײצט.

— אָבער מיר נישט, — האָט ער אויסגעבראָכן — דו מײנסט אפשר, אז איך בין דײן מאלפע, וואָס מוז שפרינגען אויף דײן באפעל?

— כ׳מײן גאָרנישט; כ׳טאנץ נישט הײנט — און באסטא!

ער האָט זיך נאָענט צוגערוקט צו איר און אָנגעכאפט זי פאר דער האנט.

— כ׳וויל וויסן, — האָט ער געזאָגט מיט א הײזערי-קער שטים, — צי האנדלט זיך עס וועגן דעם פארשוין.

— לאָז אָפּ, די מינוט לאָז אָפּ.

— צוערשט ענטפער מיר!

מיט אײן ריס האָט זי זיך באפרײט.

— וואָס מײנסטו, איך בין א שטיק האָלץ? — האָט זי אויסגעשריגן און געריבן זיך די שטארק-רויטע הענט, וואָס האָבן איר ווײ געטון. פלוצלינג האָט זי אים אָפּגעמאָסטן מיט א לאנגן פאַרשנדיקן בליק, און אין א טאָן, וועלכער האָט גאנץ אנדערש געקלינגען און האָט אים געצוואונגען צו־האָרכן, האָט זי צוגעגעבן:

— מאך נאָר נישט קײן סצענעס, ווילהעלם. אויף אזא אופן וועסטו גאָרנישט פועלן.

— פארוואס ביסטו אזוי גראָב צו מיר? — האָט ער

געענטפערט שטיל און נישט זיכער אריבערגעשיקלט צו איר.

— לאָז געמאך, ווילהעלם, קום, זעץ דיך נעבן מיר.

ער האָט געמורמלט א פאר אומפארשטענדלעכע ווערטער און האָט זיך געזעצט נעבן איר אויף דער סאָפע.

— זעסטו, — האָט זי רואיק אָנגעהויבן, — עס וואָלט אלץ געווען גוט און שיין, ווען דו וואָלסט נישט געהאט אזא לאנגע צונג. דו מיינסט, אז ליארמען און שפילן די ראָל פון א ווילדן מענטשן — איז שוין אלץ! פארקערט, ווען ס׳וואָלט דערצו געקומען, וואָלסטו געווען דער לעצטער, וואָס וואָלט געהאט קוראזש! וואָלסט אפילו נישט ריזיקירט פאר דריי פעניג! אך, ווילהעלם, וואָס פאר א שלימזל דו ביסט! מיט דיר קאָן מען באמת נישט דערגיין צו קיין טאָלק.

— הער, — האָט ער געענטפערט, און זיין מויל האָט זיך פארצויגן אין א ברייטן, כיטרען שמייכל, — דו וועסט זיך נאָך ביי מיר דערווארטן עפעס א גרויס וואונדער!

יאָ, יאָ, דו ביסט א העלד — ווייניקסטנס מיטן מויל, לאָמיר ליבער רעדן וועגן עפעס אנדערש.

— אויך גוט. האָסטו שוין ענדלעך אונטערגעשריבן דעם אָפמאַך? דער אַגענט זאָגט, אז ס׳איז די העכסטע צייט.

זי האָט אים א ווײַלע אָנגעקוקט מיט אַ מאָדנעם בליק, און דערנאָך האָט זי לאנגזאם געענטפערט:

— דאָס מוזטו דיר ארויסשלאָגן פון קאָפּ. מיר ליגט שוין דער שפאס נישט מער אין זינען.

ער איז אויפגעשפרונגען.

— אויב דו וועסט מיר דאָס טון, — האָט ער געזאָגט מיט צוזאמענגעקריצטע ציין, - ניין—ניין, אויסגעשלאָסן, — האָט ער זיך אליין בארואיקט, — האָסט נישט פון וועמען צו מאכן קיין שפאס.

— מיר אליין טוט עס זייער לייד, ווילעם. ס׳איז א גרויסע נארישקייט, איך קאָן אָבער נישט אנדערש.

דער אופן פון איר פארהאלטן זיך האָט אים פארחידושט. ער האָט געשפירט, אז איר אָפזאָג באהאלט אונטער זיך עפעס

אן אנדער סיבה, וועלכע איז אים אין דעם אויגנבליק נישט געווען פארשטענדלעך, הגם ער האָט זיך שטארק דעם קאָפּ געבראָכן. ער האָט געקוקט פאר זיך מיט א שטארן אויסדרוק.

לערדא האָט זיך אָבער אויפגעהויבן און האָט ארויס־גענומען פון שאנק דעם שנאפס, וועלכן זי האָט אנידערגע־שטעלט פאר אים.

מעכאניש האָט ער זיך אָנגעגאָסן און געטרונקען.

— ווען וואָלטן מיר אייגנטלעך געדארפט זיין אין פאריז?— האָט זי געפרעגט.

ער האָט זי אומזיניק אָנגעקוקט און נישט געענטפערט.

— מיר מוזן היינט ענדגילטיק אָפּזאָגן, כדי יענע זאָלן וויסן, ווי אזוי דער ענין שטייט.

— אויסגעשלאָסן! — האָט ווילהעלם א געשריי געטון און האָט זיך פלוצלינג אויסגעצויגן ווי א סטרונע פאר דער טענ־צערין. — צוערשט וועל איך דעם בחור צעקוועטשן דעם גאָר־גל, איידער איך וועל מיר לאָזן אוועקנעמען פון דער נאָז אזא אנגאזשמאן.

— ציי ביסטו משוגע געוואָרן? — האָט זי דערשראָקן אויסגערופן. — רעלנאָוו — — וואָס גייט מיך רעלנאָוו אָן? ער האָט מיך אוועקגעוואָרפן... מיט אים בין איך פארטיק — — איינמאָל פאר אלע מאָל פארטיק... אָבער איר וועל איך נישט שענקען... דער מכשפה, וועלכע האָט אים צוגענומען ביי מיר — — — איידער זי וועט פון מיר נישט האָבן קיין אָנ־דענק, ריר איך מיך נישט פון אָרט — — צו ערשט וועל איך מיר לאָזן אָפּהאקן די פיס און אויפהערן צו טאנצן...

איר געזיכט איז געווען אויסגעקרומט מיט אזא ליידנ־שאפט, אז ווילהעלם האָט נישט ווילנדיק געמאכט א טריט צוריק.

זיין טעמפער מוח האָט ווידער אָנגעהויבן צו ארבעטן, און א רייע סתירהדיקע פאַרשטעלונגען האָבן זיך געפלאָנטערט ביי אים אין קאָפּ און אים שטארק געפייניקט.

— גוט... — האָט ער געזאָגט צום סוף, סאפענדיק שווער,—

פאָר מיט מיר נאָך פּאַריז — — — דאָס איבריקע לאָז מיר איבער...

— דאָס אלץ איז נארישע פלוידעריי ווילהעלם, וואָס וועט אונז ווייט נישט דערפירן. קום — זעץ דיך ווידער נאָנט נעבן מיר און שטעל אָן די אויערן... אויב דו האָסט באמת חשק — — טרינק נאָך איין גלעזל, ווילעם — — ווערסט לאָקערן אויף איר און אויסהאקן איר א פּאָר ציין. זי וועט דעמאָלט האָבן א געזאלצענעם מאָלצייט — און מיר גע־נוגט דאָס פולשטענדיק...

ווילהעלם האָט צוגעהערט, נישט רירנדיק זיך פון אָרט, ער האָט פארקרומט דאָס מויל און האָט אומבאוועגלעך גע־קוקט אויף איר, ווי א בלייערנער זעלנער...

— וואָס גלאָצסטו אויס אויף מיר אזעלכע אויגן? — האָט זי נערוועאיש איבערגעריסן דאָס שווייגן, ס'האָט זיך איר אויסגעוויזן, אז אויף זיין געזיכט האָט זיך צעשפרייט א ביטערער באהאלטענער שמייכל.

— געמאכט! — האָט ער הויך געזאָגט.

— זאָלסט זיין פון מיר צופרידן. אָבער דערנאָך פאָרן מיר קיין פּאריז.

זי האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אָן ווערטער און האָט אים געגנויט, אז ער זאָל וואָס שנעלער אוועקגיין.

אויף די טרעפּ איז ווילהעלם געבליבן א ווײַלע שטיין:

— דו נבלה... — האָט ער געפּליסטערט, — דו גייסט מיר זאָגן, ווען איך זאָל אויסהאקן די ציין...

ער האָט שטיל אין זיך צעלאכט...

## פערצנטער קאַפּיטל

רעלנאָוו האָט בחינם געוואַרט אויף אַ עפּעס אַ ידיעה פון איר, און זיינע טעג און נעכט זענען געווען אויסגעפּילט מיט דער בענקשאַפט נאָך איר.

אַז דער אָוונט איז צוגעפאַלן, פלעגט ער שטיין פאַר איר וואוינונג און פלעגט אַרויפקוקן צו די באַלויכטענע שויבן, און פון צייט צו צייט האָט ער געהערט איר טיפע, טונקעלע שטים.

איינמאָל איז זי אַרויסגעגאַנגען, אָבער ער האָט זיך אָפּגערוקט אין אַ זייט, ווייל ער האָט נישט געוואָלט, אַז זי זאָל אים זען.

און דערנאָך איז געקומען די שעה, אין וועלכער זי איז אַ בלאַסע געקומען אין זיין צימער און אים אנטקעגנגע-שטרעקט ביידע הענט.

— פאַרוואָס האָט איר מיך געלאָזט אַזוי לאַנג וואַרטן?

ער האָט נישט געענטפערט, ער האָט זי אָנגעקוקט פול מיט ליבע.

— איך וויל נאָר, אַז איר זאָלט וועלן, — האָט ער געזאָגט נאָך אַ לאַנגער שטילקייט. — כ'טראַכט נאָר וועגן דעם, אַז איך זאָל אייך נישט פאַרלירן.

ער האָט זיך שנעל אַוועקגעדרייט און האָט אַרויסגענומען פון זיין שרייבטיש אַ פאַרחתמטן פּאַקעט, וואָס האָט געטראָגן איר נאָמען.

— איך האָב מיך כסדר געטראָגן מיטן געדאנק, דאָס אייך צו שיקן — און אלעמאָל האָט מיך אָפּגעהאלטן אַ גרויסע מורא.

זי האָט אים אָנגעקוקט מיט א פרעגנדיקן בליק.

ער האָט אויפגעריסן די חתימה און אַראָפּגענומען די הילע, וועלכע האָט אנטהאלטן צוויי דיקע בענדער נאָטן.

איר זענט דער ערשטער און איינציקער מענטש, וועמען איך ווייז די לידער... פּרוּוון פון א דילעטאנט, — האָט ער צוגעגעבן מיט א שמייכל. וואָס האָט אין זיין רירנדער אומבאהאָלפנקייט געהאט אין זיך עפּעס פון אומבאשרייבלעכער בושה.

זי איז געווען טיף גערירט — זי האָט לייכט און צארט געגלעט די נאָטן-בלעטער און א ציטער איז אדורך איבער איר קערפּער.

און דערנאָך האָט זי זיך געזעצט ביים קלאוויר און אָנגעהויבן צו שפּילן און צו ברומען.

פּאמעלעך איז איר שטים געוואָרן אלץ שטארקער און שטארקער, איר ברוסט האָט זיך ברייט געהויבן, איר געזיכט האָט געגליט — און זי האָט געזונגען מיט פולע, מעכטיקע טענער.

ער איז געשטאנען פארשטעקט אין א וויטן ווינקל און האָט געהערט מיט א פארשפּארטן אָטעם — ווי אַ פארכשופטער.

אז זי האָט געענדיקט, איז זי צוגעגאנגען צו אים און פארוואָרפן ארום אים די אָרעמס. זי איז געווען אינגאנצן אן אויפגעטרייסלטע.

לאנג, לאנג האָט געהערשט א טויט-שטילקייט אין צימער.

דערנאָך האָט ער געזאָגט מיט א פרייד, וועלכע האָט זיך איר טיף אריינגעשניטן אין אלע ביינער.

— איר האָט געזונגען אומפארגלייכלעך. אָבער די לידער טויגן נישט.

דערויף האָט זי געענטפערט:

— די דאָזיקע לידער וועל איך פאנאנדערטראָגן צווישן די מענטשן, — אומעטום, וואו איך זינג.

— די דאָזיקע לידער זענען מיין איינציק פארמעגן, וועלכן איך וויל טיילן נאָר מיט אייך. זיי זענען נישט באַשטימט פאר פרעמדע אויערן. זינגט מיר פון צייט צו צייט פאָר איין ליד, און איך וועל זיין שטאָלץ און זייער גליקלעך.

אין זיינע ווערטער איז נישט געווען קיין האָר פון אָנשטעל. זיי האָבן אָפּגעקלונגען מיט דער לעצטער ערנסטקייט פון א שטארקן מענטשן, וואָס האָט זיך געזעען אין א קלאָרן, ריינעם ליכט, און איז געווען בכּוח צו לעבן אָן אליין-נארעריי.

זי האָט געפילט, אז זי טאָר אויף א האָר נישט אָנרירן זיין איבערצייגונג, אפילו ווען ער זאָל האָבן א טעות. ווייל די פרייהייט פון זיין עקזיסטענץ האָט זיך געשטיצט אויף זיין עקשנות און זעלבסט-דערקענטעניש.

זי האָט צוריק אקוראט איינגעפאקט דיביידע בענדער נאָטן אין פאפיר.

און דערנאָך זענען זיי געאָרעמט געגאנגען איבערן צימער און זענען זיך ביידע געווען אזוי נאָנט, ווי קיינמאָל נישט.

דאָס דינסטמיידל איז אריינגעקומען, האָט געדעקט צום טיש און אריינגעטראָגן אָוונטברויט.

עס איז געווען דער פשוטסטער מאָלצייט, אָבער זיי האָבן געגעסן פון גאָלדענע שיסלען און געטרונקען דעם פיינסטן ווין פון טייערסטע גלעזער.

— דאָס איז אונזער אָוונט-מאָלצייט, — האָט ער געזאָגט און האָט נישט געוואוסט, פארוואָס ער האָט פלוצלינג איבערגעהאקט און זיך ערנסט און טיף פארטראכט.

און אויך זי איז געווען איבערפולט פון א נישט ארויסגעזאָגטער זיסער און ווייטאָגפולער בענקשאפט.

זיי האָבן ווייטער נישט געגעסן און נישט גערעדט מער קיין וואָרט.

א ווײַלע שפּעטער האָט זי זיך אויפגעהויבן און געגעבן אים צום אָפּשייד די האנט, וועלכע ער האָט נאָר לייכט געדריקט.

אזוי האָבן זיי זיך צעשיידט.

## פינפצענטער קאַפּיטל.

די לעצטע וואָך האָט ליזא לערדא נישט געזען מער רעלנאָוון. אלע אירע באמיאונגען זיך מיט אים צו טרעפן, זענען געווען אומזיסטע. ער איז ווי אין וואסער אריינגעפאלן. צוליב דעם, וואָס ווילהעלם האָט זי פון טאָג צו טאָג אלץ מער גע־פייניקט, האָט זי זיך אַנטשלאָסן אויפצוזוכן פריילין ריסט.

און זי איז געשטאנען שטייף, אויסגלייכט, אָנגעטון אין א פוטערנעם מאנטל און פוטערנער היטל אינמיטן פון מוזיק־צימער. איר געזיכט האָט אָנגענומען אן אויסערגעוויינלעך ערנסטן און הארטן אויסדרוק.

— איך בין געקומען, כדי מיט אייך צו ריידן, פריילין, — האָט זי געזאָגט אָן שום שהיות.

מארלענע איז געווען זייער בלאס; זי האָט איר שטום אָנגעוויזן אויף איינעם פון די הויכע שטולן.

אָבער לערדא האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און געענטפערט:

— שטייענדיקערהייט וועט זיין בעסער. איך וועל אייך נישט לאנג פארהאלטן. מיט איין וואָרט: איך וועל מיר נישט לאָזן צוגנבענען דעם מענטשן; איך וועל מיך ווערן מיט הענט און פיס! הערט מיך אויס, א נישט וועט געשען אן אומגליק, פאר וועלכן נאָר איר אליין וועט טראגן די שולד.

ביז צו דעם אָרט האָט זי גערעדט מיט א כלומרשטער רואיקייט. אָבער לענגער איז זי נישט געווען בכוח זיך איינ־צוהאלטן אירע ליפּן האָבן זיך באדעקט מיט רויטע פלעקן,

און מיט א געוואַלטיקן אימפּעט, בעת וועלכן די ווערטער האָבן זיך איבערגעיאָגט איינס דאָס אַנדערע, האָט זי ווייטער גערעדט:

— איך האָב פיל געליטן, איידער איך האָב איז באַקו־מען אויף אַזוי ווייט... ווי אַזוי, דאָס קאָנט איר אייך גאָר־נישט פאָרשטעלן. איבריקנס, עס גייט אייך לגמרי נישט אָן. און איצט קומט איר און ווילט איז מיר צונעמען פון אונטער דער נאָז. אָ ניין, מיין דאַמע. איך ווייס, וואָס איך האָב צו טון. איך וועל נישט דערלאָזן, אַז מען זאָל מאַכן חוזק פון מיר.

זי איז געשטאַנען אויף די שפּיץ־פינגער און אירע באַקן־ביינער זענען אַרויסגעטרעטן פון מאַגערן געזיכט, בולט, שאַרף און שפּיציק.

מאַרלענע ריסט האָט זיך שיר נישט צעוויינט, קוקנדיק אויף דער פרוי, וואָס האָט שוין מער נישט געהערשט איבער אירע חושים און האָט אַרויסגעזאָגט איטלעכס וואָרט מיט אַזאַ דראָענדיקן טאָן, אַזוי ווי זי וואָלט געוואָלט אין דעם אויגנ־בליק זיך וואַרפן אויף איר און צעדראַפּן איר געזיכט מיט די לאַנגע, שפּיציקע נעגל.

— וואָס זאָל איך אייך ענטפערן דערויף, האָט זי גע־זאָגט און אָנגעקוקט לערדאַן טרויעריק און אין א פאַרלעגנהייט.— צי גלויבט איר טאַקע באמת, אַז איר וועט מיך איבערשרעקן? אַך, ס'איז גענוג ביטער — האָט זי זיך איבערגעריסן, וועגן דעם צו ריידן.

— צי מיינט איר, אַז מיר פאַרשאַפט עס פאַרגעניגן? — האָט די טענצערין געשריגן.— איר זייט רייך, שיין, איר פאַר־מאָגט אַלץ. פאַרוואָס ווילט איר צונעמען ביי מיר דאָס איינ־ציקע, וואָס איך פאַרמאָג.

זי האָט פאַרדעקט דאָס פנים מיט די הענט, און ביידע האָבן געשוויגן א לאַנגע צייט. אירע געדאַנקען זענען גע־ווען ביים מענטשן, פאַר וועלכן זיי האָבן זיך געראַנגלט.

— ס'איז נישט אמת, — האָט די זינגערין שטיל אָנ־

געהויבן, — אז איך האָב אים צוגענומען. מיר זענען געגאַנגען צו זיך, געטריבן פון א מעכטיקן געפיל, וואָס האָט גאָרנישט צו טון מיט פארשטאנד און ווילן. און איצט וועל איך אייך נאָך עפּעס אויסזאָגן, — האָט זי צוגעגעבן, — אויב דאָס וועט אייך טרייסטן, ווייל אייער שמערץ פארשאפט מיר יסורים. וואָס פארבינדט מיך מיט אים, — זי האָט איבערגעריסן אויף א ווײַלע און געקעמפט מיט זיך. אירע ליפּן האָבן געציטערט, עס איז איר געווען אויסערגעווײנלעך שווער צו ריידן וועגן די זאכן. דערנאך האָט זי גערעדט ווייטער מיט אן אנטשלאָסענעם אויסדרוק: — איך האָב נישט געהאט מיט אים קיין שום קערפּערלעכע באציאונג און כ'וועל זי אויך קיינמאָל נישט האָבן מיט אים.

— נישט וועגן דעם גייט מיר, מיין פריילײן, און דאָס איז מיר אויך לחלוטין נישט נוגע; עס האנדלט זיך וועגן דעם... אז איר זאָלט אים שוין מער קיינמאָל נישט זען...

מארלענע ריסט האָט געשמייכלט פארלעגן. דערנאָך האָט זי געענטפערט זייער רואיק, זייער צארט און זייער פעסט:

— דאָס וועל איך קיינמאָל נישט צוזאָגן. — צווישן אים און מיר איז פאראן — האָט זי געזאָגט גאנץ שטיל, — עקזיסטירט א בונד, אָן וועלכן איך בין נישט אימשטאַנד מער צו לעבן.

לערדא האָט זיך אוועקגעדרייט און ווי פארזונקען אין אירע געדאנקען, האָט זי געפרעגט:

— פארוואָס האָבן מיר אים אזוי ליב?

— מיר ווייסן ביידע, — האָט מארלענע געענטפערט, און איר געזיכט איז געווען אין פלאמען.

דאָס איז געווען די לעצטע באגעגעניש צווישן זיי ביידן.

## זעכצעטער קאפּיטל

מיט צוויי שעה שפּעטער האָט רעלנאָוו פאַרהאַלטן זיין פיאַקר אויף דעם בענדלער-בריק. ער האָט געוואָלט גיין צופוס די לעצטע שריט צו מארלענעס וואוינונג.

א קלאָרער, קאַלטער דעצעמבער-אָוונט. דער אויסגעשטער-נטער הימל האָט געפינקלט מיט אלע זיינע וואונדער.

די בענדלער-גאס איז געלעגן אין טיפער איינזאמקייט, און רעלנאָוו איז נישט ווילנדיק געבליבן שטיין, צוריקגעבויגן עטוואָס דעם קאָפּ, פארלייגט די הענט אויף די פּלייצעס און האָט געבלאָנזשעט מיט זיינע בליקן איבער דעם הימלישן גע-וועלב, ער האָט פון קיין שום זאך נישט געטראכט; אין זיין נשמה האָט געקלונגען.

פלוצלינג האָט ער שטיל אויפגעשריגן, און האָט דער-שפּירט א שטאָך אין דער געגנט פון הארץ. ער האָט דערזען א טונקעלע געשטאלט, וועלכע האָט זיך איבערגעבויגן איבער אים, און א ווייל־ע האָט זיין אויג געזען א געזיכט, וועלכעס ער האָט שוין איינמאָל געזען אין לעבן.

אין דער סעקונדע האָט זיך זיין מויל עטוואָס באַוועגט און אויף זיינע ליפּן האָט זיך באוויזן א סודות-פולער שמייכל, פון וועלכן דעם אנדערן איז דאָס בלוט געפרוירן געוואָרן אין די אָדערן. דער שמייכל איז שוין געוועזן פון ד ע ר וועלט...

דער פינסטערער שאָטן האָט פארבייגעשלייכט נעבן אים, און די שטערן איבער אים האָבן זיך אויסגעלאָשן.

פון זיין ברוסט האָט זיך ארויסגעריסן נאָר א לייכטער זיפּץ.

ווי לאנג ער איז געלעגן אויף די אייז-קאלטע שטיינער האָט ער נישט געוואוסט. מיט אויסגייענדיקע כּוחות האָט ער אָנגערופן איינעם א גוט-הארציקן מענטשן, וואָס האָט זיך געמיט ארום אים, דאָס הויז פון מארלענע ריסט.

דערנאָך איז ער געלעגן אויף איר בעט, און זיין געזיכט האָט נישט אויסגעדריקט קיין שום שמערץ.

דער דאָקטאָר האָט אים צוגעלייגט א באנדאזש און פארלאָזן דאָס צימער

מארלענע האָט אים באגלייט.

א פּאָר מינוט איז רעלנאָוו געווען אליין.

דער דאָקטאר האָט געזאָגט צו דער זינגעריז:

— היינט ביינאכט מוז ער שטארבן.

און בעת אין איר איז אלץ חרוב געוואָרן, האָט זי געקוקט אויף אים שטום מיט ווייט צעעפנטע אויגן.

אז דער דאָקטאָר איז אוועקגעאנגען, האָט זי צוגעפרעסט די האנט צום הארצן, ווי זוכנדיק ערגעץ אן אָנהאלט.

אין משך פון דער קורצער איינזאמקייט איז פאר רעלנאָווס אויגן פארבייגעגאנגען זיין גאנץ לעבן מיט א געוואלטיקער שנעלקייט, וועלכע יעדער מענטש לעבט איבער נאָר איין מאָל.

נאָך איין מאָל האָט אים דער פּאָטער געשלאָגן.

נאָך איינמאָל האָט ער זיי אלע געקושט.

נאָך איינמאָל האָט ער געהערט די טענער פון זיין פידל, וועלכע האָט אָנגעהויבן אליין פון זיך צו שפּילן, אזוי ווי זי וואָלט געבראכט געוואָרן אין באוועגונג דורך א צויבערקראפט.

ער האָט געוואוסט, אז דאָס וועט זיין זיין לעצטע נאכט, ער האָט פארלייגט די שמאָלע הענט און געזאָגט ווי אין א תּפלה:

— מארלענע ריסט.

דעמאָלט איז זי אריינגעקומען.

ער האָט אויסגעשטרעקט צו איר די רעכטע האנט, וועלכע זי האָט זייער פּאָרזיכטיק צוגעטראָגן צו אירע ליפּן.

זי האָט זיך געזעצט נעבן אים, פון אירע טיפע אויגן האָט ארויסגעלויכטן ליבע. איר געזיכט האָט געשטראַלט פאר פריידן.

— אַלץ וועט ווערן גוט,—האָט זי געזאָגט,—איך ווייס עס.

— ער האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, געגלעט איר די האנט און האָט אויסגעזען אזוי פריילעך ווי זי.

זי האָט נישט געטאָרט באמערקן די זיכערקייט, מיט וועלכער ער דערוואַרט דעם טויט.

דערנאָך האָט ער פארלאנגט פאפיר און טינט, און אַז זי האָט אים געבעטן, אז ער זאָל זיך נישט אָנשטרענגען, האָט ער הכנעהדיק געענטפערט, אז ס'איז שוין נישט נויטיק.

אין משך פון דער גאנצער נאכט זענען זיי געווען צוזאמען.

אין צימער האָבן געברענט זילבערנע לייכטער.

זי האָט זיך געמוזט זעצן בּיים ראַנד פון זיין בעט און דעמאָלט האָט ער געזאָגט מיט א פארקלערטן געזיכט:

— ווי שיין דו ביסט – ווי שיין.

א ווײַלע האָט ער ארויפגעקוקט, און דערנאָך האָט ער ווייטער גערעדט:

— פארוואָס בין איך געווען אזוי גרויזאם צו א סך מענטשן?

— דו ביסט נישט געווען שלעכט — האָט זי פול מיט ליבע געענטפערט. — אָבער די דאָזיקע מענטשן האָבן זיך געלייגט אויף דיר ווי א שווערע משא און האָבן דיר פארשפארט דעם אָטעם. איך וויל דיר זיין לייכט. קיינמאָל זאָלסטו מיך נישט שפירן. איך ליב דיך, איך באגרייף דיך.

פאר גרויס בענקשאפט האָט ער אויסגעשפרייט די אָרעמס, און זי האָט אים געקושט צום ערשטן מאָל.

ער האָט פארמאכט די אויגן און איז געשלאָפן א קנאפּע שעה.

אז ער האָט זיך אויפגעכאפּט, האָט זיין ערשטער בליק בלויז זי געזוכט.

— פארגעס, אז איך בין אמאָל שלעכט געווען צו דיר,— האָט ער געזאָגט.

און זי האָט געענטפערט מיט איבערמענטשלעכער קראפט:

— דו ביסט קיינמאָל נישט געווען שלעכט צו מיר. יעדע שעה, וועלכע דו האָסט פארבראכט ביי מיר, האָט געלייטערט מיין לעבן. ווייל אין דיר, — האָט זי שטילער צוגעגעבן, — איז דער ריטם פון לעבן, אין דיר איז טאנץ און אייביקע באוועגונג. אין דיר איז אורקראפט און נגון.

דעמאָלט האָט ער זיך אויפגעהויבן פון קישן.

די איידעלע שיינקייט פון טויט איז געלעגן אויף זיין פּנים.

זיינע אויגן האָבן געשטראלט, ווי די אויגן פון אַ זיגער.

ער האָט אַ שמייכל געטון.

און מיט דער לעצטער אָנשטרענגונג פון זיין ווילן האָט ער געזאָגט קלאָר און דייטלעך:

— כ׳וועל קומען צוריק.

ער איז צוריקגעפאלן און אויסגעגאנגען.

און ער איז געלעגן אזא שיינער און ריינער, אז מארלענע ריסט האָט מיט דעם מינדעסטן שאָרך נישט געשטערט זיין טויטן-רו.

סוף

